מ. גידעמאַן

# אידישע קולטור־געשיכטע אין מיטלאַלטער

(אידן אין דייטשלאַנד דאס XIV און XV יאָרהונדערט)

אידיש — נחום שטיף

כלל־פאַרלאַג
בערלין 1922 - תרפ״ב

KLAL-VERLAG
BERLIN SW 68 / VERLÄNGERTE CHARLOTTENSTR. 1B

# פונם איבערזעצער.

ד"ר גידעמאנס קולטור־היסטאריש ווערק „Geschichte des Erziehungswesens und der Kultur der Juden in Deutschland" נויטיגט זיך ניט אין קיין שבחים און אין קיין רעקאמענדאציעס. ס'איז גענוג צו זאגן, אז דאָ האבן זיך פאראייניגט ביידע מאמענטן, וואס זיינען נויטיג פאר אזא ארבעט: ערנסטע דורכגעטראכטע זאכקענטעניש מיט וויסנשאפטליכער מעטאדע. דער אידישער קולטור־היסטאריקער פון אזא ווייטער תּקופה (דאס XIV און XV יארהונדערט) האט זיך קנאפּ געהאט צו שטיצן אויף מאנאגראפּישע פארשטודיעס, וואס זאלן אים פארלייכטערן זיין וועג; פון אריגינעלע גלייכצייטיגע היסטארישע שריפטן און כראניקעס שוין נישט צו ריידן: אידישע געלערנטע יענע צייט, רבנים און לומדים, זיינען געווען פארטון אין ש"ס און פּוסקים, האבן געשריבן פּרושים און חידושים, אבער ניט קיין געשיכטע. צופעליג אין א שאלה־ותשובה וועגן אן עגונה, וועגן א גט, ווערט ביי א געלעגנהייט דערמאנט, אז מהר"י איסרלין, למשל, האט אזא און אזא יאר געוואוינט דארט און דארט, און דאס איז געווען פאר אדער נאך א געוויסער „גזרה" אדער א מעשה שהיה פונם גרעסטן קולטור־היסטארישן ווערט. פון אזוינע זעמדעלאך, צעזייט און צעשפּרייט איבער צענדליגער שאלות־ותשובות, דרוש־ און מוסר־ספרים, מנהגים־ספרים א. ד. ג. איז דעם היסטאריקער אויסגעקומען א געבּיי אויפצושטעלן, א בילד פונם גארן לעבן פון אונזערע פרומפארצייטישע ווייטע דורות, פון זייער תּורה און סחורה, ארבעט און ווייל, וואך און יום טוב, פרייד און לייד, אויפגענומען מיט א שארפער אינטואיציע און מיט א שטרענגען קריטישן קאנטראל. וויכטיג איז דאָ, וואס ער גיט צו זעהן נישט בלויז דעם שבּתדיגן אידן, וואס ליידט פּאסיוו פון גזרות און דינט גאט, נאר דעם וואכעדיגן אידן אויך, אן ארגאניזירטן ברייטן אידישן שטייגער. אבער דאס דאזיגע ווייט־דורותדיג לעבן ווערט געגעבן ניט איזאלירט פאר זיך, נאר אין א ברייטער ראם פונם ארומיגן לעבן, און דאס איז דאס וויכטיגסטע אינם אווטאָרס מעטאדע: „כמו שמנהג הנכרים כך מנהגי היהודים ברוב מקומות" (פונם מחבּרס מאָטאָ צום ערשטן באנד פון זיינע ווערק, גענומען פונם ס' חסידים), אדער פּשוט: אזוי ווי ס'קריסטלט זיך, אזוי אידלט זיך. וויכטיג און וויסנשאפטליך פאר זיך האט אבער די דאזיגע מעטאדע נאך מער בארעכטיגונג, וואס דא איז דאס באוויזן

געווארן· מיט דער גרעסטער זארגעוודיגקייט שפירט דער אווטאר נאך דעם פאראלעליזם אינם ארומיגן און אינם אידישן לעבן און ווייזט די פעדים· וואס האבן פארבונדן אידן מיט דער ארומיגער וועלט· די קעגנזייטיגע ווירקונ־גען און התקרבות· הגם רעגירער האבן אפגעשלאסן אידן אין די געטאָס· גע־פלאגט און געפייניגט· און די קאטוילישע קירך פון איר זייט און רבנים פון זייער זייט האבן געהיט זייערע הערטן· זיי זאלן זיך וואס מער אפזונדערן און פארפרעמדן·

דערביי קיין שפור פון אפאלאגיע· פון התנצלות און מלמד־זכות־זיין אויף אידן· אויף וואס "חכמי־ישראל" זיינען· ליידער· אפטמאל געכאפט·

ביי אלעם דעם פארמאגט דער מחבר א קינסטלערישן חוש און א פיינעם סטיל· ער וויל אויף א האר ניט זיין "לאנגווייליג"· און א וויסנשאפטליכע פארשונג פון ווייטע פרומע דורות לייענט זיך לייכט· ווי א היסטארישע נאוועלע· וואס דאס שאפט פארן ווערק א באזונדער רייץ·

אינם פריהער־אנגעמערקטן פאראלעליזם איז דער וויכטיגסטער קניפ־פונקט די שפראך· אידיש אדער "אידיש־דייטש"· לויט דער אלטער טערמינאלאגיע· וואס אידן האבן גענומען פון ארומיגע מיטלהויכדייטשע דיאלעקטן און וואס איז נאך יענע צייטן געווען שטארק נאהענט צום מקור· צו דער שפראך פון דער ארומיגער סביבה· דעם דאזיגן פונקט: דאס דייטש־קענען ביי אידן· די ווירקונג פון דער דייטשער ליטעראטור אויף דער אידישער· באהאנדלט דער אווטאר מיט א באזונדער אינטערעס און פארשטאנד· און אזוי ארום איז זיין ווערק אויך א שטיק אידישע שפראך־שטודיע· דער פארשטארבענער ד״ר גידעמאן האט געהאט אינטערעס פאר „אידיש־דייטש״· ער האט געשריבן א ספעציעלע אפהאנדלונג וועגן דער אויסשפראך פון דייטשע קלאנגען ביי רבנים דאס XV יארהונדערט· און אין זיין קולטור־געשיכטע געפינט איר וועגן „אידיש־דייטש״ וויכטיגע נאטיצן· באמערקונגען· פאראלעלן· דערהויפט אבער אין אונזער איצטיגן 3־טן באנד· דאָרט גיט דער אווטאר אין דער נאטע VII (ז· 180) א גרינדליכע אפהאנדלונג וועגן די ערשטע כללים פונם אידישן אויסלייגן דאס XVI יארהונדערט (גענומען פונם „ס׳ מדות״)· וויכטיגע איינצעלנע באמערקונגען און טעקסטן (פונם "ס׳ מדות")· אבער דא באווייזט דער אווטאר נעבן גרינדליכער קענטעניש פון דעם אלטן אידיש און פיינעם שפראכ־געפיל אויך די שוואכסטע זייט: דא האט איר דעם טראדיציאנעלן קוק פון אייראפייאישע חכמי ישראל אויף אידיש· ווי אויף א דייטשן דיאלעקט· וואס איז בשעתו געווען ניט מער ווי דייטש· וואס איז „פארקריפּלט״ געווארן אין א „זשארגאָן״ אין די סלאווישע לענדער· איצט האט דער „זשארגאן״ קיין שום בארעכטיגונג ניט· ממילא קיין שום האפענונג ניט· און „אידיש־דייטש״־פארשונג איז ניט מער ווי א צווייג פון גערמאניסטיק· דער אווטאר· א ווינער ראבינער· האט אין דעם פרט געלעבט מיט דעם פאראורטייל פון זיין דור· דאס איז נאך מער צו פארשטיין· ווען מיר דערמאנען זיך דעם עלענדן צושטאנד פון דער אידישער שפראך און ליטעראטור יענע צייט (דער 3־באנד איז ארויס דאס יאר 1888)·

די געהעריגע טענדענציעזע נאטיצן האב איך געלאזט אין דער איבער־זעצונג, ווי זיי זיינען, נישט געענדערט און ניט פאלעמיזירט, און נאר אין איניגע ערטער האב איך מיר דערלויבט מאכן מיינע באמערקונגען, וואס זאלן עפענען ביים אומגעניטן לעזער א קריטישן קוק אויף טענדענציעזער חקירה אדער פאלשע סברות. די דאזיגע הערות האב איך אונטערגעשריבן מיט מיינע ראשי תיבות: נ. ש.

א פאר ווערטער וועגן דעם, פארוואס איך האב אנגעהויבן פון ב. III. ווער ס'איז באקאנט מיטן ווערק, ווייסט, אז יעדער באנד איז א פארענדיגטע זאך פאר זיך, וואס לייענט זיך גלאט אהן דעם פריהערדיגן אדער דערנאכיגן. איך האָב אבער מיט א כיון אנגעהויבן פון ב. III איבער היסטאריש־פעדאגאגישע צוועקן: איך האלט, אז פארן אידיש־לייענער, וואס איז, בכלל גענומען, ניט שטארק אינטים מיט אידישער געשיכטע, איז גלייכער אנצוהויבן פונם היסטא־ריש־שפעטערדיגן, ד. ה. פונם נאהענטסטן צו אים, צו זיין דור. דא אינם XV יארהונדערט אין דייטשלאנד וועט דער אידיש־לייענער געפינען באקאנטע זאכן אינם אידישן לעבנסשטייגער, וואס האבן נאך ניט אנגעווארן א סך פון זייער רעאליטעט ביז איצט, דאס וויגעלע פון אידישע זיטן און מנהגים, וואס א סך פון זיי זיינען נאך געווען אייגן און היימיש ביי אונזערע טאטעס און זיידעס. דער היסטארישער אינטערעס, דערוועקט דורך דעם נאהענטסטן פארשטאנדיגן, וועט זיך שוין ממילא קערן צום ווייטערן אויך.

איך האב זיך געהאלטן שטרענג ביים טעקסט, און דארט, וואו איך האב מיר דערלויבט מקצר צו זיין, האב איך דאס אנגעוויזן.

# א ר י י נ פ י ר.

די ביידע יארהונדערטער, וואס פאר דער רעפארמאציע־צייט, זיינען ניט פון די שענסטע בלעטער אין דער דייטשער געשיכטע, כאטש אין 14־טן יאר־הונדערט האבן דייטשן צוגעקלערט פולווער און אין 15־טן די קונסט פון בוכדרוק. דאס שפריכווארט גיט אפ גרויס כבוד דעם פולווער: ווען מ'זאגט אויף איינעם, ער האט קיין פולווער ניט צוגעקלערט, וויל מען דערמיט האבן, אז אין א געוויסער מאס איז דאס דאס גרעסטע, וואס מענשן האבן ווען עס איז צוגעקלערט. פון בוכדרוק מאכט דאס שפריכווארט ניט אזא וועזן, דאס איז אן אנווייז פאר דעם גייסט פון יענער צייט און פאר דעם מענשנס גייסט בכלל. נאך מערקווירדיגער איז, וואס שיספולווער איז א סך גיכער פארווענדט געווארן צו פארטיליגן מענשן, איידער בוכדרוק—אויפצוקלערן מענשן. אגב זיינען די ערשטע צענער יארן פון יענער תקופה אומגעקומען א שלל מענשן, און דוקא אהן דער הילף פון פולווער. דער טויט אליין בכבודו ובעצמו האט דאס שוין באזארגט. דאס „גרויסע שטארבן" (דער „שווארצער טויט") האט אויסגע־קויקלט דייטשע שטעט און אין גארן לאנד האט זיך געלאזט הערן דאס וויי־קלאגן. און ניט א ווייקלאגן אליין האט זיך געהערט, דאס איז דאך נאטירליך, נאר אן אנקלאג אויך. דאס לעצטע וואלט געווען גאר ניט צו פארשטיין, ווען מיר זאלן ניט וויסן פון דער פראקטיק, אז גיכער מאכט אן אומגליק דעם מענשן ערגער, איידער בעסער. די מגפה אין די יארן 1348־1349 האט אומ־געבראכט ניט בלויז א סך מענשן, נאר די מענשליכקייט אויך. מ'האט אויס־געטראכט אויף אידן א בלבול, אז זיי פאר'סמ'ן די ברונעמער, אין א סך ערטער האט עס געבראכט צו שחיטות און גרושים אויף אידן, און פון דאמאלס אן איז דאס געווארן א מאדע. אזוי איז אין דער גרויסער מגפה די מענשליכ־קייט באגראבן געווארן צוזאמען מיט מענשן, רעליגיע און מאראל האבן דערביי אויך ניט געוואונען. די קירך זוכט ליכטיג צו מאכן מענשן מיט שיי־טערהויפנס פאר אפיקורסים, דער אַדל און די גייסטליכע טרייבן דעם גע־מיינעם געלטוואכער, רויבער און בעטלער לאקערן אויף די וועגן, דאס פא־מיליעלעבן איז אונטערגעריסן ביז אין די גרונטן, א פארווילדערונג פון מדות, א פארדארבענער לעבנסשטייגער, וואס ביז דאמאלס האט אזוי ווייט קיינמאל

ניט דערלאנגט און נאכדעם איז דאס קיינמאל ניט איבערשטייגט געווארן. די פארדארבנקייט קומט זעלטן אליין, אזוי ווי ס׳קומט זעלטן אליין אן אומגליק: די אומגערעכטיגקייט פון די דייטשן אקעגן זייערע אידישע מיטבירגער איז נאר איין סמן פון א סך, אבער ניט דער איינציגער סימן, פון דער מאראלישער פארדארבנקייט צו יענער צייט.

צווישן די פיל ביטערע יארן, וואס די געשיכטע פון אידן אין דייטש־לאנד ווייסט פון זיי צו זאגן, זיינען צוויי יארן גאר טרויעריג, אין לוח זיינען זיי פארשריבן מיט רויטס, ד. ה. מיט בלוט: דאס איז דאס יאר פון דעם ערשטן קרייצצוג 1096 און דאס יאר 1349, דאס יאר פון דעם שווארצן טויט. ניט בלויז ווער ס׳שרייבט אידישע געשיכטע, נאר ווער ס׳שרייבט אפילו דייטשע געשיכטע, דארף זיך געבן די מיה קלאר צו מאכן די סבות, פארוואס איז עס אין די דערמאנטע פארשיידענע צייטן געקומען צו די שרעק־ליכסטע רדיפות אויף אידן. קיינער וועט ניט מוחל זיין די בלוטבאד, וואס די קרייצפארער האבן געמאכט ענדע 11־טן יארהונדערט אין אידישע קהלות אין רהיין־געגנט. אבער מ׳קאן דאס פארשטיין. דאס איז געווען א צייט פון דער העכסטער רעליגיעזער אנגעצויגנקייט, אפשר גאר איבערגעצויגנקייט און דער פאנאטיזם איז בלינד. דאס פאלק האט זיך נאך געהאלטן פעסט ביי דער קירך, און האט מען געוואלט אנרייצן דעם המון אויף אידן, האט מען פאר־שפארט אויסקלערן בלבולים, אז אידן שענדן די האסטיען (דאס הייליגע ברויט) אדער פארנוצן קריסטליכע קינדערס בלוט. ס׳איז גענוג געווען צו דערמאנען דעם עולם, אז אידן זאלן האבן אומגעבראכט יעזוסן אויפן קרייץ, און דער המון האט שוין פארשטאנען זיך אפצורעכענען מיט יענעס אור־אור־אייניקלאך. דאס פאלק איז באראוישט געווען מיט פרומער העלדישקייט, די דייטשע העלדנ־לעגענדעס אוז די ריטערישע ראמאנטיק האט צוגעגעבן פייער. און אונטער דעם צייכן פון דעם קרייץ זיינען דייטשן באפאלן דייטשן, וואס הונדערטער יארן לאנג האבן זיי פרידליך געלעבט מיטאנאנדער און ערשט איצט האבן זיי זיך געכאפט, אז דאס זיינען גאר צוויי באזונדערע מחנות: קריסטן און אידן.

דאס איז געווען דעמאלט, ענדע 11־טן יארהונדערט. אבער צו דער צייט, וואס מיר ריידן פון איר איצט, מיטן דעם 14־טן יארהונדערט, איז שוין דאס רעליגיעזע גלויבן געווען געבראכן. די התלהבות פון די קרייצפארער איז אויס־געוועבט געווארן. ס׳האט ניט געהאלפן אפילו די פייערדיגע דרשות פון יאהאנעס קאפיסטראנא, וואס דער פויפסט ניקאלאי דער V־טער האט אים גע־שיקט פון שטאט צו שטאט אויפצומונטערן די דייטשן פאר א קרייצצוג קעגן די טערקן. די דייטשן האבן געהאט אנדערע זארגן. פאלש געלט, געפעלשטע לעבנסמיטל, געפעלשטע קליידער־שטאפן און געפעלשטע גלויבנס־תורות, — דאס אלץ האט געבראכט דערצו, דייטשן זאלן זיך אויסניכטערן; גרעניץ־צאלן, שטייערן און אפצאלן האבן געגויט צו קלערן וועגן היינטיגן טאג, וועגן לעבנס־זאכן. מ׳נעמט זיך ניט אזוי גרינג פאר דער „שווערד פאר גאט״, ווען ס׳איז

ניטא וואס צו קייען. די ריטערליכע ראמאנטיק האט אנגעווארן איר כישוף, און ניט לאנג דערויף איז געקומען סערוואנטעס און האט געמאכט מיט זיין דאן־קיכאט יענע העלדן צו שפאט און געלעכטער. ס'איז אויסגעוואקסן די סאטירע, און וואו די שפארט זיך נאר אריין אין דער מיט, קאן שוין קיין פאנאטיזם קיין תקומה ניט האבן. סעבאסטיאן בראנט, טאמאס מורנער און גיילער פאן קייזערספערג האבן געמאכט צו נאר זייער גאר פאטערלאנד, און די גלעקלאך פון די נארנמיצלאך האבן פארקלינגען דאס מורמלעריי פון פרומע מיסטיקער און פארחלומטע פרויען. אין אזא מין צייט וואקסט ניט אויס קיין שנאה צו אידן. אויב מ'קאן נאך פארשטיין, פון וואנען נעמען זיך די רדיפות אויף אידן אין 11־טן יארהונדערט, איז דאס שוין גאר ניט צו פארשטיין אין 14־טן, אין 15־טן יארהונדערט, ס'קלינגט ווי אנאכראניזם, אן אפגעלעבטע זאך.

ס'וואלט אבער געווען אומגערעכט ארויפווארפן אויפן פ א ל ק די שולד פאר די דאזיגע רדיפות. דאס פאלק האט געוואלט בשלום לעבן מיט אידן: איין שפראך, איין פאטערלאנד, דיזעלבע לעבנסגעוויינהייטן האבן זיי געהאט. די קירך און די מלוכה מיהען זיך פון דאס ניי אויפצושטעלן א וואנט צווישן קריסטן און אידן. די דאזיגע באמיהונגען זיינען אבער נאר א באווייז, ווי פריינטליך ס'איז געווען דער פארקער צווישן זיי, און זיי זיינען ניט ביכולת צו שטערן דעם דאזיגן פארקער. וואס האט דער קריסטליכער בירגער געקאנט האבן צום אידן. דער איד קאנקורירט ניט מיט דעם בעל־מלאכה, ניט מיט דעם סוחר, ניט מיט דעם באאמטן, דערצו איז ער נאך תמיד גרייט אויסלייהען געלט און ריזי־קירט דערביי זיך ניט צוריקזעהן מיטן קרן. דער קריסטליכער בירגער צאלט געדן דאס גרויסע פראצענט, ווארום די הויכגעשטעלטע וואכערניקעס, דער אדל און די גייסטליכע, וואלטן געריסן ביי אים נאך מער. אבער דאס איז שוין די טבע פון דעם דייטשן פאלק: עס גיט זיך לייכט אונטער יעדער אנרעגונג פון דרויסן. אין דעם פרט זיינען די דייטשן ענליך צו אידן, וואס איינער פון די חכמי־התלמוד האט אויף זיי געזאגט: „איך פארשטיי נישט דעם מהות פון דעם דאזיגן פאלק, מאנט מען ביי זיי פאר דעם משכן — געבן זיי מאנט מען ביי זיי פאר דעם עגל — געבן זיי אויך.” די דאזיגע אייגנשאפט מאכט אונז קלאר, ווי אזוי איז דאס געקומען דערצו, אז דייטשן אהן אידנהאס יענע צייט, זיינען געווארן א שפילצייג פון אידנהאס. דער האס האט ניט געגליהט אין די אונטערשטע שיכטן, דאס איז געווען א אינטעליגענטישער אויפטו, ווי מיר וואלטן היינט געזאגט; זי, די אינטעליגענץ האט דעם האס געפלאנצט און געשפייזט. פון די דאזיגע אינטעליגענטישע קרייזן האט זיך דאמאלס צום ערשטן מאל געלאזט הערן דער אויסרוף: „אידן זיינען אן אומגליק פאר אונז.” ריכטיגער וואלט געווען, זיי זאלן זאגן: „אידן זיינען א גליק פאר אונז.” וואלטן קיין אידן ניט געווען, וואלט מען זיי באדארפט אויס־טראכטן, אזוי ווי וואלטער האט אמאל געזאגט וועגן גאט. ווארום וואלטן קיין אידן ניט געווען, וואלט די רעפארמאציע און דער פויערים־קריג געקומען

פריהער הונדערט יאר. דערווייל אבער זיינען אידן געווען דער שעיר לעזאזל, אויף זיי האט מען געקאנט אפווענדן דעם פאלקסאומצופרידן. מ׳האט אויס־געטראכט אויף אידן א בבא־מעשה, אז זיי פארסמען ברונעמער, אבער דאס געלט, וואס מען האט צוגענומען ביי די פארטריבענע אידן, איז אנגעקומען ביט דעם פאלק, דאס איז שוין געווען א כשר פארדינסט פאר די, וואס האבן פארשטאנען אויסצוטראכטן די בבא־מעשה. דער וויכטיגסטער חלוק פון די גזרות אויף אידן פריהערדיגע צייטן ביז איצטיגע גזרות (אין 14־טן יאר־הונדערט) איז אזוי: יענע ווייטע צייטן האבן זיך געפונען אזוינע מענער ווי בערנהארד פון קלערווא און בערטאלד פון רעגענסבורג, וואס האבן זיך אנגענומען פאר אידן און באשיצט זיי. איצט אבער האבן הומאניסטן ווימפעלינג אוי לאכער אנגעקוואלן, ווען מ׳האט פארטריבן אידן פון שטראסבורג.

ווען איך זאג דא, אז ס׳איז פאראן א שיכות צווישן רדיפות אויף אידן יענע צייט און די סבות, וואס האבן געבראכט די רעפארמאציע, קאן דאס אפשר אויסווייזן א צו ווייטע סברא. אבער מ׳דערציילט דאך, אז א זידיגער קאכטאפ זאל האבן ארויפגעבראכט דשעמס אואט׳ן אויף א המצאה, ווי צו פארווענדן די דאמפקראפט, און אן עפל, אראפגעפאלן פון א בוים, זאל האבן געעפנט ניוטאנען די אויגן אויף דעם צוציהונג־געזעץ. אויב פאלשקייט און נארעריי, וואס האבן זיך איינגעגעסן אין גלויבן און אין לעבן, אויב פארשוועכטע הייליג־קייטן, רעליגיעזע צביעות, וואס מיט דעם האט מען גענארט זיך און אנדערע, אויב דאס אלץ זאלן זיין די סבות, וואס האבן ארויסגעבראכט לוטהערן, איז אקעגן דעם, ווי מ׳האט באהאנדלט אידן יענע צייט, אנטפלעקט זיך דאס אלץ א סך פריהער, איידער דער געריכטער רעפארמאטאר האט גענומען וועקן דאס געוויסן ביי דייטשן. שאף דערשפירן א געוויטער א סך פריהער, איידער ס׳בליצט און ס׳דונערט. צוגעזעהן, וואס האט געטראפן אידן יענע צייט, וואלט אזא איינער, וואס פארשטייט זיך אויף דאס געשיכטליכע וועטער, געקאנט פאראויס־זאגן די שפאלטונג אין דער קירך. ס׳איז גענוג זיך צוקוקן, ווי אזוי שווינדלעריש געשיקט מ׳האט אויף אידן געווארפן די קלאץ פאר אלע אומגליקן יענע צייט, ווי אלע האבן זיך געפלייסט צו באהאלטן דעם אמת, איבערשרייען און פארטויבן די שטים פון געוויסן מיט געשרייען, אז מ׳דארף אידן אפנעמען זייער רעכט אדער גאר פארטרייבן! יענע צייט איז פול געווען ווייגעשרייען אויף דעם יקרות, וואס סוחרים־ספעקולאנטן האבן אים אנגעמאכט. האט מען אין ווארמס געפונען א מיטל: אידן איז פארווערט צו קויפן מילך פאר זייערע זויגקינדער ביז אלע קריסטן האבן זיך שוין פארזארגט מיט מילך! כדי דאס דייטשע פאלק זאל האבן גענוג פיש, מעגן אידן אין די שטעט קומען אויפן פיש־מארק ערשט שפעט־ליך פרייטאג נאך די קריסטן. די גרויסע הערן, די וועלטליכע און די גייסטליכע, קויפן אויס די תבואה און באהאלטן זי אין די שפייכלערס, אבער דאס פארקוקט מען. פויערים און בירגער קרעכצן אונטער דער לאסט פון וואכער, איז מען זיי מפקיר אידן. און די זעלבע צייט טרייבט מען אידן צו דעם וואכער־געשעפט.

זאלן זיי אנזאמלען געלט, ס׳זאל זיין וואס צו רייסן ביי זיי. דאס בעסטע גע־שעפט מאכן דערביי די גרויסע הערן און חוץ דעם דערלאנגט מען נאך צוויי צוועקן: מ׳פארדארבט דעם אידן מאראליש און מ׳פארהאסט אים ביים פאלק אין די אויגן, מ׳האט זיך געביטן מיט די ראליען, קיינמאל איז נאך ניט געוועזן קיין ערגערע „פאריסייער״ (פרושים), איידער די קריסטליכע פאלקספארזארגער צו יענער צייט, די „קריסטעניודען״, ווי זיי הייסן ביי סעבאסטיאן בראנט, זיי האבן פארדעקט זייער אייגענע פארדארבנקייט דערמיט, וואס זיי האבן געטייט מיט די פינגער אויף אידן, ס׳איז גאר קיין חדוש ניט, וואס לוטהער האט די ערשטע צייט אויפגעהויבן א פראטעסט־שטים קעגן דעם שענדליכן באהאנדלען אידן, ער האט גע־מוזט איינזעהן, אז דאס שטאמט פון דערזעלבער פאלשקייט און שווינדל, וואס ער האט דאס געגומען באקעמפן.

די ליטעראטור פון יענער צייט האט זיך אויך ניט מיט וואס איבערצונע־מען, די קלאסישע תקופה איז שוין לאנג פארביי, שפראך און אויסלייגן ווערן אלץ מער פארווילדעט, דערציהונג און לערנען זייבען פארווארלאזט. אין איטאליע האלט מען די דייטשן פאר „בארבארן״, דער פויפסט ענאס סילוויוס שרייבט וועגן דייטשן: „זיי טראכטן ניט, ניט פון וויסנשאפטן, ניט פון קענען די קלאסישע ליטעראטור, זיי האבן אפילו ניט געהערט פון ציצערא אדער אנדערע רײדנער״. אין סעבאסטיאן בראנטס צייטן איז אין שטראסבורג ניט געוועזן קיין עפנטליכע שול, ער אליין האט געמוזט לערנען ביי פריוואטע לערער. שרייבן און לייענען האבן געקענט כמעט נאר גייסטליכע, לאטײנישע אדער דייטשע שריפט הייסט דעריבער ביי אידן — „גלחות־כתב״. צו לוטהערס צייטן פלעגט מען נאך זאגן: „צו־וואס דארפן מיר דען שולן, מיר ווילן דאך ניט ווערן קיין גייסטליכע!״ לוטהער גופא באשטעטיגט דאס. מעלאנכטאן שרייבט דאס יאר 1528: „מ׳לויפט אין דער שול, ווייל מ׳טוט נאך אנדערע, און מייסטנס לערנט מען, מ׳זאל ווערן א גייסטליכער און זיך שפייזן פון אפהאלטן מעסעס״ (תפלות). און ווי האט עס געהאלטן מיט דעם שטודיום פון גייסטליכע? וועגן דעם דערציילט אונז גײלער פון קייזערספערג: „א סך זאגן, וואס דארף איך א סך לייענען און שטודירן, איך וויל באלד ווערן א פרעדיגער, איך וויל זיך באלד אויסלערנען פרעדיגן״. דער הומאניזם האט ביסליכווייז פארבעסערט דעם דאזיגן צושטאנד, פונדעסט־וועגן איז נאך דאס יאר 1584 אין א אינסטרוקציע פאר הויפמייסטער און דער־ציהער פון די יונגע הערצאגן מאקסימיליאן און פיליפ פון בייערן, הערן מיר אזוינע רייד וועגן די אלטע קלאסיקער: „ס׳איז דעריבער א פרייד פאר אונז, וואס אין דער שול פאר אונזערע קינדער זעהט מען און מ׳נוצט ניט אליין קריסטליכע גוטע ביכער, נאר אנדערע מחברים אויך, וואס האבן דאס פארדינט ביי אונזער הייליגער רעליגיע. די פלאפלער די געצנ־דינער און פאבל־טרייבער זאלן פון א פירשטליכער שול... פארטריבן ווערן״.

אין אזא צייט איז אידן ניט שווער געווען, גייסטיג ניט בלייבן

הינטערשטעליג אקעגן זייערע קריסטליכע מיטבירגער, מ׳קאן אפילו זאגן, אז אין בילדונג האבן זיי איבערגעיאגט קריסטן. די אידישע ליטעראטור יענע צייט האט ניט צו באווייזן קיין גרויסע זאכן: איניגע זאמלונגען שאלות ותשובות, שול־מנהגים און מוסר־ספרים — דאס איז גאר. אבער אין אידישע קהלות זעהט מען דורכאויס א לעבעדיגן אינטערעס פאר לערנען, לערנען האט דעמאלט געהייסן געוויינטליך תורה, דער פראטעסטאנטישער פרעדיגער סעבאסטיאן לאטצער איז מקנא אידן, ווי זיי לערנען פלייסיג זייער „געזעץ" און מונטערט קריסטן, זיי זאלן נאכטון אידן. כמעט יעדער מאנסביל און יעדע פרוי ביי אידן קאן לייענען און שרייבן. אין דעם פרט שטייען זיי העכער פאר קריסטן, און אזוינס איז שוין א מעלה צו געשעפט אויך. מ׳מוז האבן אין זינען, אז מיט דעם לערנען וואקסט דער חשק צו לערנען בכלל, און ס׳איז גאר קיין חדוש ניט, וואס א איד אנגעלאדן מיט תנ״ך און תלמוד האט דערביי ניט געקאנט בלייבן שטיין, זיין דורשטי צו וויסן האט אים געצויגן ווייטער, ער האט געזוכט נאך עפיס, חוץ תורה, קיין סך נייעס האט א דייטשער איד דאמאלס יעדנפאלס ניט געקאנט דערגיין, אויב ער איז שוין אפילו ארויס פון די ד׳ אמות אידישקייט, ווארום קריסטן האבן בכלל אויך זעהר וויניג געוואוסט, חוץ זייערע אמונה־זאכן, ווי מיר האבן דאס שוין פריהער געזעהן. אבער דער איד אין אזא פאל נעמט זיך באקענען מיט דער דייטשער נאציאנאל־ליטעראטור, ער פארשפרייט צווישן אידן די דייטשע העלדן־לעגענדעס, מעשיות און שפאסן, ער באארבעט פאעטיש דעם שטאף פון דער ביבל („שמואל־בוך" וכדומה) אויף דעם מוסטער פון דעם דייטשן עפאס („ניבעלונגען־ליד"), דערביי באווייזט ער א פיינעם חוש פאר דייטשער שפראך און אויסלייגן. מ׳קאן זיכער זאגן, אז יענע צייט האבן בערך א סך מער דייטשע אידן געלייענט די געשיכטעס פון קיניג ארטוסהאף און פון שמיד ווילאנד, איידער קריסטן האבן געהערט פון אזוינע מעשיות. אידן האבן געקענט אזוינע געשיכטעס פון אידיש־דייטשע שריפטן, אבער אהן א באקענטשאפט מיט די דייטשע אריגינאלן וואלטן אזוינע שריפטן ניט געווען. דאס אידיש־דייטש גופא איז א מערקווירדיגע דורכגעטראכטע קאנצעפציע, א פועל־יוצא פון גרינדליך קענען די דייטשע שריפטשפראך. גערמאניסטן האבן פון אידיש־דייטש א סך צו לערנען און בכלל קאן מען איצט ניט רעכט פארשטיין דאס אלטע דייטשלאנד, ווען מ׳קען ניט די געשיכטע פון דייטשע אידן. מיר וועלן דא דערמאנען נאר דעם בעטלער־גנבים־זשארגאן, ראטוועלש, וואס לוטהער האט שוין דא געפונען א סך העברעאישע ווערטער, נאך אמאל א באווייז, וואס פאר א לעבעדיגער פארקער ס׳איז געווען צווישן אידן און דייטשן. א סך זאכן פון דעם דייטשן אלטערטום לאזן זיך איצט באגרייפן ניט אנדערש, סיידן ווען מ׳איז גוט באהאוונט אין אידישער געשיכטע. יעדער פארשער, וואס וועט מיט גדלות פארקוקן די דאזיגע געשיכטע, וועט זיך אליין אנלערנען, אידן זיינן געווען א וויכטיגער גורם אין דער דייטשער

מלוכה, זייער באדייט איז א סך גרעסער פאר זייער צאל. פון אידן רעדט זיך אין דייטשע שוישפילן, אין דייטשע מעשיות און שפאסן, ס'איז כמעט ניט פאראן קיין ווערק אין דער דייטשער נאציאנאלליטעראטור, וואס אידן זאלן דארטן ניט דערמאנט ווערן.

דאס אידישע גייסטיגע לעבן צו יענער צייט האט געהאט דעם איינציגן צענטר אין דרום־דייטשלאנד. מערקווירדיג, ווי אין דעם פרט פון א גייסטיגן צענטר, זעהען מיר צו דאס אייגענע ביי דייטשן און ביי אידן אין דער גע־שיכטע פון זייער גייסטיגער אנטוויקלונג. דערפון נעמט זיך אויך, וואס די אידיש־דייטשע ליטעראטור־שפראך האט די פארב און אייגנטימליכקייטן פון דער שפראך אין אויבערדייטשלאנד. אין דעם געגנט פון אויבעררהיין בליהען צו יענער צייט א סך שולן, נאך א גרעסערע באדייטונג און השפעה האבן די שולן אין עסטרייך. אין בייערן זעהען מיר צו יענער צייט א פרוי־ העצלערין זאמלט דייטשע לידער, און ניט ווייט פון איר וואוינארט זעהען מיר א אידישע דיכטערין אדער זאמלערין ליטע פון רעגענסבורג. *)

אין ווין, קרעמז, ניישטאט זעהען מיר גערימטע רבנים, וואס צו זיי האט געצויגן א סך תלמידים; דורך שטייערמארק און קערנטן ציהט זיך ביז קיין איטאליע א לאנגע קייט קהלות מיט די גרעסטע רבנים. די דאזיגע אידישע קהלות אין דרום־עסטרייך זיינען דערזעלבער צייט א פארפאסט פון דעם דייטשטום. צווישן אהן א שיעור נארישקייטן, וואס דייטשע פירשטן זיינען באגאנגען אין מיטלאלטער קעגן אידן, איז אפשר די גרעסטע נארישקייט, וואס זיי האבן פארטריבן אידן פון שטייערמארק און קערנטן. איבער דעם האט די דייטשע שפראך־גרעניץ אין דרום־זייט פארלארן א גרויסע צאל איבער־געגעבענע ווערטער.

דער געשיכטעפארשער וועט זיין גערירט, צוזעהנדיג, ווי אידן, פאר־טריבן אדער אויסגעוואנדערט פון דייטשלאנד, זיינען אומעטום געטריי גע־בליבן זייער מוטערשפראך. אין די קהלות אין אויבעראיטאליע האלט זיך די דייטשע שפראך א לאנגע צייט אויף איין וואג מיט דער איטאליענישער, אין פוילן האט די דייטשע שפראך געוואונען נייע פאזיציעס און פארפעסטיגט זיך. "אונזער" שפראך האט ביי פוילישע אידן שטענדיג געהייסן די דייטשע שפראך. אבער די דאזיגע ציטעריגקייט פאר דער דייטשער שפראך ביי פוילישע אידן האט דייטשע אידן שאדן געבראכט. ווארום פוילישע אידן האבן זיך געהאלטן ביי דער דייטשער שפראך, ווי זי האט אויסגעזעהן דאס

*) דער מחבר חזר'ט דא איבער, וואס צו יענער צייט (אין יאר 1888) איז געווען אנגענומען וועגן א אידישער פרוי ליטע פון רעגענסבורג, וואס זאל האבן געשאפן אדער לכל הפחות קאפירט דאס בארימטע פאעטישע ווערק „שמואל־בוך" (די ערשטע אויסגאבע אין אויגסבורג 1544). די מעשה האט שוין איצט א גאנצע ליטעראטור. ד"ר ג. קארפעלעס וויל האבן, אז דאס איז ניט ליטע, נאר ליוואָ" (Liwa). זיין ארטיקל איז געדרוקט געווען אין יאר 1903 אין Festschrift zum siebzigsten Geburtstage A. Berliners (Fr. a/M. 1903.) איך האב געפרובט באווייזן, אז דאס איז ניט ליטע און ניט ליוואָ, גיכער פאר אלץ איז דאס א מ ע נ ע ר נ א מ ע ן לעווע אדער לייב, ווי מיר שרייבן היינט. זעה וועגן דעם מיין ארטיקל: "דער פנקס" אין דער „יודישער וועלט", ווילנע 1914 מארט־נומער, ז. 409—410. נ. ש.

14־טע יארהונדערט. נאך גזרת ת״ח (1648) זיינען פוילישע אידן מאסנווייז גע־לאפן פון די קאזאקן־רציחות קיין דייטשלאנד און האבן מיטגעבראכט מיט זיך זייער לשון, וואס דייטשן האבן שוין נישט געקאנט פארשטיין. זיי האבן זייער לשון טייער געהאלטן, ווי א ירושה פון עלטערן, און זיי האבן געהאט די השפעה אויף דייטשע אידן, יענע זאלן אויך איבערנעמען זייער לשון *). דאס אידנדייטש (ווייט אפגעשיידט פון אידיש־דייטש, וואס דאס איז געווען אייגנטליך די מיטלאלטערישע דייטשע שפראך, נאר מיט אידישע אותיות) איז געווארן א וואנט צווישן אידן און דייטשן. די וואנט האט פאר־שטעלט פאר זיי די וועלט, די וויסנשאפט, און דייטשע אידן זיינען איינגעשלאפן אויף צוויי הונדערט יאר. פון דעם דאזיגן שלאף האט זיי ערשט מענדעלסאן אויפגעוועקט. גאר אנדערש זעהט אויס דאס דייטשע אידנטום יענע צייט, וואס מיר באהאנדלען איצט: דייטשע אידן זיינען דאמאלס געווען לעבעדיג און וואך קיינעם איז גאר ניט איינגעפאלן, אז ער דארף אדער קאן ריידן אנדערש, איידער זיינע קריסטליכע מיטבירגער, קריסטן האבן דעריבער ניט געהאט וואס צו לאכן פון אידן וועגן זייער שפראך. אין בילדונג איז קיין גרויסער אונטערשייד ניט געווען, אויב יא — איז אידן ארויסגעקומען. ביי אידן זעהען מיר ניט קיין נטיה זיך אפצושיידן און פארשליסן זיך פאר קריסטן; נאר די מלוכה און די קירך קריכן פון דער הויט ארויס (אפטמאל אומזיסט די מיה), אפצעשיידן אידן פון זייערע קריסטליכע מיטבירגער מיט א וואנט שנאה און פאראכטונג.

דאס איז בדרך כלל דאס בילד פון אידישער בילדונג און קולטור דאס **14**־טע און **15**־טע יארהונדערט. ווייטער וועלן מיר פרובן גענויער דאס צו באטראכטן אויף דעם גרונד פון אלגעמיינער דייטשער קולטורגעשיכטע.

1) דער מחבר ברייננגט דא א פארעלטערטע השערה וועגן דער אנטוויקלונג פון אידיש, וואס איז זעהר אנגענומען געווען ביי חכמי־ישראל דייטשע פאטריאטן. ניט דא איז דאס ארט צו פאלעמיזירן מיט דעם מחבר, זעה וועגן דעם מיין ארטיקל אין „פנקס״: „ד״ר מ. פינעס. די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור״, ז. 317—321
ג. ש.

# קאפיטל I.

**די פועל־יוצא׳ס פון דעם שווארצן טויט אין לעבן און אין אידישקייט. די „מנהגים־קריינק״. שאלות־ותשובות. מהר״יל. מהר״י (יעקוב) ווייל. מהר״י (ישראל) ברונא. מהר״ם (משה) מינץ. מהר״י (ישראל) איסרלין. דער גרינדער פון דעם ווינער לערנען מהר״ם (משה) הלוי און זיין תלמיד ר׳ שלום פון נייי־שטאט. די דריי ישיבות אין ווין, קרעמז און ניישטאט.**

ווער ס׳וויל שרייבן די געשיכטע פון אידן דאס 14־טע יארהונדערט, מוז מאלן א בית־עולם. דער „שווארצער טויט״ (די „טשומא״), דער מלאך־המות פון יענעם יארהונדערט, איז געווען א סך ליבעראלער פאר מענשן, ער האט ניט אי־בערגעקליבן צווישן אידן און קריסטן. די ידיעות, וואס מיר טרעפן אמאל, אז אידן האט די מגפה ניט אנגערירט, דאס איז א בבא־מעשה, און די דאזיגע בבא־מעשה איז מיט א כיון צוגעטראכט געווען צו פארענטפערן אן אנדער בבא־מעשה: אז אידן האבן פאר׳סמ׳ט ברונעמער. קאנראד פון מעגענבערג זאגט עדות, אין ווין זיינען אויסגעשטארבן אזוי פיל אידן, אז די ווינער קהלה האט גע־מוזט אפנעמען ניי פלאץ פארן בית־עולם (ב׳ I, 241). מ׳זעהט נישט ארויס, פארוואס זאל עס אנדערשוואו געווען צוגיין בעסער. צו דעם חורבן פון די קהלות, וואס די מגפה האט מיטגעבראכט, קומט צו נאך א חורבן: מ׳האט אויף אידן געווארפן א חשד, אז זיי פארסמ׳ן ברונעמער און מ׳האט זיך אן זיי נוקם געווען [1]. דער פאנאטישער המון האט אויסגע׳הרג׳עט א סך אידן, א סך זיינען זיך צעלאפן, אנדערע האבן זיך געלאזט שמד׳ן. אידישע קהלות, פארוויסט פון דער מגפה, פאגראמען, פון אנטלויפן און שמד האבן אויסגעזעהן ווי א בית־עולם. מ׳זעהט ניט, מ׳זאל עפיס אויפטון אין לערנען, דאס פערצענטע יארהונדערט איז אין פרט ליטעראטור דאס ארימסטע אין דער געשיכטע פון דייטשע אידן, דער פארבונד צווישן די קהלות איז צעשטערט, די תקנות פון קהלות זיינען אונטערגעריסן, אומארדענונג און אומוויסן, מחלוקת צווישן בעלי־בתים, קנאה, קאנקורענץ און חרמות צווישן רבנים, מאראלישע פארדארבנקייט מחמת עלנד און נויט — דאס איז דער מצב פון קהלות אין דייטשלאנד די צווייטע העלפט דעם פערצענטן יארהונדערט.

די פארוואָרלאָזטקייט פון קהלות איז אַרויסצוזעהן מער פאַר אַלץ פון דער מענגע מנהגים, ד. ה., פון די רעליגיעזע איינפירן, וואָס שטאַמען ניט פון דער תורה, נאָר פון דער רעליגיעזער לעבנספּראַקטיק. יעדע פּראָווינץ, כּמעט יעדע קהלה האָט זיך אירע מנהגים, און יעדער רבֿ איז זיך מתקן זיינע מנהגים. באַזונדערע מנהגים זיינען געווען אין עסטרייך [2], אין מעהרן [3], אין פּוילן און שלעזיע [4], אין עלזאַס [5], אין שוואָבן [6], אין שווייץ [7], אין דער רהיין־געגנט [8] צוויי־אַרליי: אין אויבעררהיין און אונטעררהיין [9], וואָרום אידן אין אויבער־רהיין האָבן זיך געהאַלטן מער מיוחסים פאַר אידן אין אונטער־רהיין [10].

ווייטער ווערט דערמאַנט אַ באַזונדער מנהג אין לאָמבאַרדיע [11], אין פראַנקן [12], אין זאַקסן [13], רעגענסבורגער קהלה האָט זיך געהאַט איר מנהג באַזונדער פון די איבעריגע קהלות אין בייערן [14], די דריי אַלטע קהלות שו״ם (שפּייער, וואָרמס, מאַינץ) האָבן זיך געהאַט זייער מנהג [15], דאָס זעלבע אויך מאַגדעבורג [16], ערפורט [17], קעלן [18], ווין, קרעמז, ניישטאַט [19] א. אַזוי וו. אַזוי האָט דאַמאַלס אויסגעזעהן די געריימטע אידישע אחדות.

די געשיכטע שטייט אָבער ניט אויף איין אָרט. ביסלעכוויז האָט די געפאַלענע ליטעראַרישע אַרבעט ווידער גענומען אויפלעבן. תּחילת האָט זיך דאָס געהאַנדלט נאָר פון די דערמאָנטע מנהגים. די מנהגים זיינען געווען אַזוי גרינדליך באַאַרבעט, אַז היינטיגע צייטן קאָנען מיר דאָס גאָר ניט פאַרשטיין, פאַר יענע צייטן איז דאָס אָבער געווען אַ נאַטירליכע זאַך. היות ווי איבער דעם חורבן פון קהלות זיינען פריהערדיגע מנהגים, תּקנות און איינפירן פאַרגעסן אָדער פאַרוואָרלאָזט געוואָרן, האָט מען זיי איצט געמוזט גרינדליך אויספאָרשן. דאָס איז געווען ניט קיין קלייניגקייט. דאָ איז געווען דער גוטער מיין צו באַזייטיגן די אומאָרדענונג און אָוועקשטעלן פעסטע נאָרמען. מ׳האָט געוואָלט בלייבן געטריי די קדמונים און ציהען ווייטער דעם פאָדעם טראַדיציע. האָט מען איבער דעם זיך געמוזט אַריינלאָזן אין אַנטיקוואַרישע חקירות. מ׳האָט געמוזט מאַכן אַ צווישנשייד צווישן אַ מנהג און אַ נאַרישקייט. אין די אומרוהיגע צייטן האָט זיך דאָס אַלץ אויסגעמישט, און זאַבאַבאָנעס איז געווען מער פאַר מנהגים. פאַר אַזאַ אַרבעט האָט מען געמוזט האָבן מוט צו שטעלן אויף זיך, וואָרום מענשן וועלן גיכער מוחל זיין זייערע רעכט, איידער זייערע געוויינהייטן, און פון די געוויינהייטן איז זיי מייסטנס ליבער די שלעכטע. דערפון נעמט זיך, וואָס מ׳האָט זיך אַזוי אַריינגעלאָזט אין דער מנהגים־חקירה און אַ סך אויפגעטאָן אין דעם פּרט, כּאַטש ניי איז דער דאָזיגער צווייג ליטעראַטור ניטגעווען [20]. מ׳האָט געזוכט די מנהגים ביי אַ קדמון צו געפינען דעם טעם דערפון [21], אָפטמאָל איז די מיה געווען אומזיסט [22], ביי די קדמונים האָט מען גאָר ניט געפונען. דאָ האָט געגאָלטן אַ כּלל: אַ מנהג פון די אָבות — איז אַ תּורה, אָדער: אַלץ ווי דער מנהג זאָגט [23]. ווידער האָט מען זיך געמוזט שטעלן קעגן נאַרישע איינפירן, וואָס דער המון האָט זיך ביי זיי

געהאלטן אזוי שטארק ווי ביי מנהגים [24]. דער רמב״ם האט זיך שוין גע־קלאגט אויף דער "מנהגים־קריינק" און רבנו תם האט דערויף געהאט געזאגט: "אויב ביי שוטים איז דאס א מנהג, איז דאס ביי חכמים קיין מנהג ניט" [25]. פון רבנו תם דערציילט מען אויך אזא וויץ: לייען דאס ווארט "מנהג" פארקערט, האסטו: "גהנם" [26]. אט דעם דאזיגן גיהנום האבן איצט דערפילט א סך רבנים, וואס מ׳האט זיי פארוואָרפן מיט שאלות וועגן די אדער יענע כלומרשט מנהגים.

צו יענער צייט האבן רבנים געפירט צווישן זיך א שטארקע קארעספאנדענץ וועגן תורה־זאכן, דערפון זיינען אונז געבליבן איינציגע וויכטיגע זאמלונגען שאלות ותשובות, דאס איז די וויכטיגסטע ירושה פון דעם 15־טן יארהונדערט. די איבערקערענישן און פארוויקלטע אומ־שטאנדן פון יענער צייט האבן געבראכט צו אזוינע שאלות, וואס ניט יעדער רב האט געקאנט אדער געוואלט שטעלן אויף זיך פסקענען; איינעם א תלמיד פון מהר״י איסרלין, אין ניישטאט ביי ווין (וועגן דעם וועלן מיר נאך שפעטער ריידן), ווען ער איז געקומען אין רהיין־געגנט, פלעגן "רבני־הדור" אפט אנפרעגן, ווי אזוי פלעגט זיין רבי פסק׳ענען אין אזא פאל. ער בא־מערקט דערביי: "אויב רבנים האבן געקווינקלט אין אזוינע פשוטע זאכן, וואס זשע איז שוין צו ריידן פון א פשוטן מענטש" [27]. ביי אזא לאגע האבן רבנים געמוזט אפט אנפרעגן און ענטפערן איינס דאס אנדערע, זיי האבן אויך געמוזט זיך אפט צונויפקומען און האבן א ישוב וועגן תורה און קהלה. דער־פון נעמען זיך די אפטע רבנים־וועד׳ן צו יענער צייט [28].

וואס מער שאלות־ותשובות, אלץ וויניגער און שוואכער איז געווען יענע צייט זעלבשטענדיגע רבנישע חבורים, פוסקים אויף אייגן באראט, צווישן די געציילטע רבנים, וואס האבן נאך אנהויב 14־טן יארהונדערט גע־שטעלט אויף זיך אזוי ווי די קדמונים, איז אונז באוואוסט ר׳ מנחם מירזבורג (פון מערזעבורג). דאס איז געווען א גדול, זיינע פסקים און תקונים האבן געגאלטן אין גאנץ זאקסן. ס׳איז א סברא, אז ניט אין זאקסן אליין, נאר אין די גרעסערע קהלות אין צפון־מערב דייטשלאנד אויך, ווי למשל, מאגדע־בורג, ערפורט, שטענדאל, האלע, האלבערשטאט און אנדערע. ער האט געמאכט א גרויסן חבור פסקים, צו אונז איז דערגאנגען נאר א קליינער טייל פון דעם ווערק [29]. פון די חבורים פון יענער צייט איז זעהר וויכטיג א ספר "אגודה", וואס ר׳ זוסלן (זיסלין) אלכסנדר הכהן פון פראנקפורט אם־מיין האט געמאכט, דאס ערשטע דריטל פונם 14־טן יארהונדערט, דאס הייסט פאר דער "גזרה" (פאר דער טשומא־מגפה אין יאר 1349), די שפעטערדיגע רבנים, ווען זיי ווילן באווייזן דעם גרויסן ווערט פון יענעם ספר, טייטן אויף דער צייט, ווען ער איז געשריבן געווארן (פאר דער "גזרה"), א באווייז ווי גרינג אין די אויגן זיי זיינען אליין געווען ביי זיך, דער דור, וואס נאך דער "גזרה" [30]. דער ספר "אגודה" איז א "גמר פסק ההלכות" פסקים

צונויפגעשטעלט לויט די הלכות פון תלמוד, דאס איז דער לעצטער פון די ספרים, וואס האבן באנומען גאנץ תלמוד [31]. דער מחבר געהערט דעריבער צו די ראשונים, צו די ערשטע פוסקים. פון יענער צייט אן פלעגן רבנים נוצן קירצונגען און פסקי־הלכות, גענומען ביי די ראשונים [32]. די הלכה'שע קאמ־פענדיעס (קירצונגען) פון דעם מין, וואס זיינען אממייסטן אנגענומען, שטאמען דאס 14־טע יארהונדערט פון ר' שמואל שלעטשטאטער [33], ר' יצחק פון דיורען [34], דאס 15־טע יאר הונדערט איז אונז באקאנט אזא חבור פון ר' יעקוב בר' יהודא לאנדא אין פאוויא [35]. פון יענער צייט איז נאך באקאנט ר' מנחם ציוני מיט זיין א טיפערן קבלה־פירוש אויף תורה. דער איינציגער יענע צייט, א מאן פון גרויסער בילדונג און וויכטיגע חבורים איז געווען דער פראגער רב ר' ליפמאן פון מילהויזען. ער איז דער מחבר פון ספר "נצחון", אן אפאלאגעטישע שריפט א וכוח מיט דעם קריסטנטום. רעכנט מען צו צו די דערמאנטע ווערק, וואס צו איינציגע פון זיי ווען מיר נאך צוריקקומען, נאך עטליכע קלענערע שריפטן, דערקלערונגען און הערות צו עלטערע ווערק פון פרושים און חדושים אויף הלכות, זיינען מיר פארטיג מיט דעם גארן ליטעראַרישן אינווענטאר פון יענער צייט. דאס באווייזט אונז, ווי די ליטעראַרישע ארבעט ביי דייטשע אידן דאס 14־טע און 15־טע יארהונדערט איז שטארק געפאלן אקעגן פריהערדיגע דורות, דאס זעלבע זעהן מיר ביי קריסטן אויך. נאר אויב אידן האבן זיך געקאנט פארענטפערן מיט די ביטערע גזרות, וואס האבן חרוב געמאכט דאס אידישע לעבן, האבן שוין דייטשן אזא תירוץ אויך ניט, סיידן מיר זאלן זיך זאגן, אז וויסנשאפט האט פונקט אזא קנאפן קיום ביי יאָגער און פלאָגער, ווי ביי געיאגטע און געפלאגטע.

וועגן דער לעבנסגעשיכטע פון די אנגעזעהענסטע פערזענליכקייטן יענע צייט לאזט זיך זעהר וויניג זאגן, די איינציגע ידיעות וועגן זיי געפינען מיר אין די שאלות־ותשובות, אבער די שאלות־ותשובות זיינען פארטון מיט דינים און הלכות, צופעליג דערמאנען זיי עפיס וועגן דעם לעבן פון פריוואט־מענשן, סיידן וועגן די דאזיגע מענשן האנדלט זיך אין די שאלות גופא. א אינטערעסאנטע קוועל "פאר דער געשיכטע פון קולטור־און־ אומקולטור ביי ישיבה־בחורים אין דייטשלאנד דאס 15־טע יארהונדערט" [36] איז א נאטיץ־בוך "לקט יושר", דער מחבר איז, ווי שוין דערמאנט [37], ר' יוסף (יוסלין) בר' משה א תלמיד מהרי"איסרלינס פון ניישטאט ביי ווין. איינציגע פרטים געפינען מיר אין די מנהגים־ביכער, למשל, ווי די גרויסע רבנים האבן זיך נוהג געווען, ווי זיי האבן מרביץ־תורה געווען, זייער קוק אויף אמונה, ווי אויך וועגן דעם, וואס מיט זיי האט פאסירט. ווען מיר ווילן איצט ריידן פון זיי, דארפן מיר פאראויס־זאגן, אז קיינער פון זיי איז ניט געווען אזוי גרויס פאר זיך, ער זאל זיין דער מנהיג־הדור. מיר וועלן דעריבער דא ברענגען נאר די וויכטיגסטע דאטן פון זייער לעבן (אגב, די ביאגראפיעס זייערע זיינען מייסטנס נאך ניט באארבעט), די אלגעמיינע שטריכן זאלן אבער פארוועבט

חערן אין איין קולטורבילד, וואס פון דעם זאלן מיר זעהן די רבנים יענע צייט אין לעבן און אין לערע.

בראש פון יענעם דור, סיי לויט דער צייט נאך, סיי לויט דעם באטייט אלס מנהיג, זעהן מיר ר׳ יעקב בר׳ משה הלוי, אדער ווי מ׳רופט אים פארקירצט נאך די ראשי־תבות: מהרי״ל [38]. ער האט א ביינאמען מעלין (מולין) נאך זיין פאטער משה; קריסטן, זעהט אויס, האבן פארדרייט דעם נאמען משה און געמאכט דערפון מעלין, און אזוי איז דער נאמען געבליבן ביי אידן אויך, ווי מיר זעהן דאס מיט אנדערע נעמען אויך. יאָהאַן בעשענשטיינס א לערער האט געהייסן משה מעלין [39], דאס הייסט, מ׳האט אים גערופן ביי ביידע נעמען, ביי דעם אמתן און פארדרייטן, מהרי״לס פאטער האט מען אויך אזוי גערופן. מהרי״ל איז געבוירן אין מאינץ, דער פאטער זיינער איז דארט געווען רב [40] און זעהר גערימט געווען, ווי ס׳זעהט אויס, האט ער זעהר פריה פארלאזט דעם פאטערס הויז [41], נאר נאך דעם פאטערס טויט איז ער געווארן רב אין מאינץ [42], זיין געבוירן־יאר ווייסן מיר ניט, דאס מוז זיין בערך אין פינפטן צענדלינג פון דעם 14־טן יארהונדערט, געשטארבן איז ער אין וואָרמס, שפעט זומער דאס יאר 1427, אהין האט ער זיך איבערגעצויגן אויף דער עלטער און דארט איז ער אויך געווען רב [43]. ער האט צוויי מאל חתונה געהאט, איינמאל פון וועראָנאַ, דארט האט ער פארבראכט א שטיק צייט ביי זיין שווער ר׳ משה ניימארק כהן אין הויז [44]. ס׳זעהט אויס, אז מיט דעם ערשטן ווייב האט ער זיך גע׳גט [45]. זיין צווייטע פרוי האט געהייסן גימכען [46], זי איז געווען א טאכטער פון איינעם ר׳ אברהם [47], אן אלמנה, בעת זי האט חתונה געהאט פאר אים, געשטארבן איז זי אכט חדשים פאר אים [48]. מהרי״ל דערמאנט צוויי ברידער, איינעם מיטן נאמען יקותיאל, ער רופט אים לערער, א סימן אז ער איז געווען עלטער פאר מהרי״לן, דאס זעהט מען אויך פון דעם נאמען, ער האט געהייסן נאך דעם זיידן פון דעם פאטערס צד [49] (יקותיאל). א יונגערן ברודער האט ער געהאט ר׳ שמעון [50] און צוויי שוועסטער: איינע שמחה, ווי ס׳זעהט אויס די עלטערע, און די אנדערע באָנלין (בונלין) [51]. זיין תלמיד דערמאנט נאך א דריטן ברודער גומפרעכט [52]. מהרי״ל אליין דערמאנט ניט וועגן זיינע קינדער, אבער זיין תלמיד רעדט פון צוויי זין, וואס זיי האבן איבערגעלעבט דעם פאטער [53], איינער ר׳ שמעון [54] און דער אנדערער מעלין (נאך זיין זיידן), און פון אן איידעם קאָפמאן [55], דער קאָפמאן איז געווען זיין טאכטער באָנלינס א מאן [56]. א טאכטער מהרי״לס איז געשטארבן יום־כפור [57], ביי דער מוטערס (מהרי״לס ווייב) לויה איז געווען א זון און א טאכטער [58]. דאס איז אלץ, וואס מיר ווייסן פון מהרי״לס פאמיליע. מהרי״ל האט גארניט נישט געשריבן פאר דער וועלט אפילו ניט קיין קצור פון דיני־שחיטה, ווי דער מנהג איז דאמאלס געווען ביי די גדולים. ער האט נאר געלאזט אפשרייבן זיינע שאלות־ותשובות מיט דער דעה צו פארעפנטליכן זיי. דער טויט האט

אים אבער געשטערט דאס אויסצופירן [59]). דער תּלמיד דערציילט מיט ביטער־קייט, אז די בריף זיינען ביי מהרי״לס זין צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן; געבליבן און געדרוקט איז נאָר א קליינער טייל מהרי״לס שאלות־ותּשובות [60]), און דאס אויך אָהן א רעכטער רעדאקטארישער האנט [61]). זיין א תּלמיד, וואס מיר האבן אים שוין א סך מאל דערמאנט, ר׳ אליעזר בן יעקב מיט א ביי־נאמען זלמן [62]), האט געזאמלט און דערציילט אלץ, וואס ער האט געהערט פון מהרי״לס מויל, דעם מהרי״לס דרך אין לעבן און אין לערנען, זיינע פּסקים און ידיעות וועגן די מענער פון זיין דור. דורך דער דאזיגער זאמלונג, וואס באהאנדלט דערהויפּט מנהגים און וואס הייסט דעריבער אויך מיט דעם נאמען „מנהגים״, איז מהרי״ל שפּעטער נתפּרסם געוואָרן. די זאמלונג איז נאך ביים מחבּרס לעבן ארומגעגאנגען פון האנט צו האנט, זי איז פיל מאל קאפּירט געוואָרן נאך איידער זי איז געווען פארענדיגט [63]), און זי איז נאכדעם געוואָרן דער זיכערער מקור פון מנהגים פאַרן שולגעברויך און קהלה־לעבן.

מיר וועלן נאך שפּעטער ריידן פון מהרי״לס לערער, דערווייל וועלן מיר זיך ווענדן צו זיין א חשוב׳סטן תּלמיד. דאס איז ר׳ יעקב בר׳ יהודה [64]) ווייל, וואס זינט ער האט באקומען סמיכות, האט ער געהאט א ישיבה פריהער אין ניורענבערג [65]), נאכדעם אין אויגסבורג [66]). צולעצט איז ער געווען ערפורטער רב [67]). זיין ביינאמען נעמט זיך פון זיין געבוירן־ארט „ווייל״ אדער „ווייל־ער־שטאט״ אויף דעם נעקאר [68]). ער רופט מהרי״לן בפירוש מיין לערער און מאכט אים דעם גרעסטן לכבוד: „גאון״, „אור ישראל״ וכדומה [69]), ער האט אבער געלערנט ביי מהרי״לס רבין אויך [70]), ד. ה. אין דער ישיבה ביי ר׳ זלמן רונקל אין מאינץ [71]). פון זיין פאמיליענלעבן ווייסן מיר נאר, אז ער האט געלאזט א זון יוזל [72]). ער האט געלאזט שאלות־ותשובות, וואס, ווי ס׳זעהט אויס, האט ער זיי אליין איינגעזאמלט [73]), שוין אין זיין דור האט מען זיי געזוכט און הויכגעהאלטן, מ׳האט זיי דעריבער פילמאל קאפּירט [74]). די דאזיגע זאמלונג שו״ת דערקלערט אונז, פארוואס די גרעסטע רבנים האבן אים אזוי הויכגעשאצט וועגן זיין גרויסקייט אין לערנען און פאר זיין כאראקטער, פארוואס זיי האבן אים געהאלטן פאר דעם מנהיג הדור [75]).

מהר״י ווײלס א יונגערער בן־דור, וואס האט אים איבערגעלעבט [76]) — דאס איז ר׳ ישראל בר׳ חיים ברונא, דאס הייסט פון בריון [77]). דא אין בריון איז ער געווען רב [78]). בערך דאס יאר 1456 האט ער איבערגעצויגן קיין רעגענסבורג [79]) און געמאכט דארט א ישיבה. איינער ר׳ אנשיל, וואס האט דארט נאך פריהער געהאט זיין ישיבה, איז אויף אים דעריבער אנגעפאלן; ער האט דא געזעהן א אומגערעכטע קאנקורענץ; מהר״י ברונאס פריינט, מהר״י ווייל [80]) און מהר״י איסרלין אין ניישטאט ביי ווין [81]), האבן זיך אנגענומען פאר אים מיט אזא הארציגקייט און דרך ארץ, אז דאס אליין איז שוין דער בעסטער עדות פאר זיין גרויסקייט אין תּורה און פאר זיין כאראקטער [82]). זיין נאמען איז דעריבער זעהר

גערימט געווען, אויף אים האט מען געזאגט: „גדול הדור"[83]. פון זיין לעבן און פאמיליע וויסן מיר נאר דאס, אז זיינער א זון מנשה[84] ווערט דערמאנט פאר אן אנגעזעהענעם רבי. זיין רבי, וואס „ער האט אים אויפגעצויגן אין זיין שויס" איז אייגנטליך געווען דער קדוש (אומגעקומען אויף קדוש־השם) ר' דוד אין שווידניץ[85], ער האט זיך אבער אויפגעהאלטן ביי מהר"י איסרלין אין ניי־שטאט אויך און האט ביי אים א סך געלערנט. אין די שו"ת, וואס מהר"י ברונא האט געלאזט און וואס ניכר ניט ער האט זיי רעדאקטירט, און דעריבער זיינען זיי אזוי פארווארלאזט געדרוקט אין פארשיידענע אויסגאבן, זעהן מיר, אז ער האלט מהר"י איסרלין פאר זיין רבין און גיט אים אפ גרויס כבוד[86]. פון זיין לעבן דארף מען נאך דערמאנען, אז איבער א מסירה איז ער געזעסן 13 טאג אין תפיסה. דאס דערציילט ער אליין. לויט ידיעות פון אן אנדער קוועל איז צו גלויבן, אז ער איז געווען ארעסטירט נאך א צווייט מאל[87].

צו יענער צייט און צו יענעם דור חכמים געהערט אויך ר' משה בר' יצחק הלוי[88] פון דער פאמיליע רבנים און סופרים מינץ, א יונגערער קאלעגע פון מהר"י ברונא[89]. ער שטאמט פון דער שטאט מאינץ[90]. בעת מ'האט בארויבט די שטאט דאס יאר 1455 האט ער פארלארן זיין פארמעגן, דעם גרעסטן טייל ספרים און א טייל תשובות, וואס ער האט באקומען אויף זיינע שאלות פון די גרעסטע רבנים אין זיין צייט און וואס ער האט פון זיי געמאכט א באזונדער זאמלונג. א סך זיינע אייגענע תשובות זיינען אויך דאמאלס פארלארן געגאנגען, די איבערגעבליבענע און די נאכאמאל־אויפגעשריבענע תשובות האט ער אליין זעהר פלייסיג רעדאקטירט און באזארגט מיט א אינהאלט־פארצייכעניש. ער האט דאס בדעה געהאט צו פארעפנ־טליכן[91]. ער האט א סך געוואנדערט, זאל דאס זיין איבער נויט, אדער מיטן גוטן ווילן, ווי דער איינפיר איז דאמאלס געווען ביי ישיבה־בחורים און תלמידי־חכמים צו וואנדערן. אין די יונגערע יארן האט ער זיך אויפגעהאלטן אין דער שטאט לוקא (אויב מיר ליינען ריכטיג דאס ווארט)[92]. שפעטער איז ער געווען רב אין פארשיידענע שטעט: אין מאינץ[93], אין פראנקפורט אם מיין[94], אין אולם (דארט איז ער געווען דאס יאר 1464)[95], אין לאנדוי[96], אין ווירצבורג[97], פריה־יאר 1469 האט ער איבערגענומען דאס רבנות אין באבענבערג, ד. ה. אין באמ־בערג, וואס ער איז שוין דארט געווען אין דער יוגנט[98]. די קהלה האט ער דארט געטראפן פארווארלאזט און ער האט זיך שטארק אפגעגעבן מיט אויפריכטן זי און מאכן תקנות פאר צדקה־זאכן[99], פון באמבערג איז ער אנגעקומען פאר רב קיין פויזן, דאמאלס אין פוילן (דאס יאר 1474)[100]. דאס איז גאר דאס וויכ־טיגסטע פון זיין לעבן[101].

מער באקאנט און גערימט פון די אלע פריהער־דערמאנטע, מיט זיין לומדות און מיט זיינע חבורים, דער גרעסטער פון זיין דור — דאס איז ר' ישראל בר' פתחיה. ער האט אנגעקערט אן אייניקל איינעם ר' חיים, וואס מ'האט אים גערופן הענשל פון הייגבורג, אן אוראייניקל ר' ישראלס פון קרעמס, דעם מחבר פון „הגהות האשרי", נאך זיינע וואוינערטער האט מען אים

גערופן א מאל ר׳ ישראל מרפורג (דאס איז מארבורג אין שטייערמארק)׳ א מאל ר׳ ישראל ניישטאט (ביי ווין)׳ ביי זיין בירגערנאמען האט ער געהייסן איסרלין אדער איסרליין׳ און אזוי הייסט ער געוויינטליך ביי אידן אויך (איסרלין)׳ ביי דעם נאמען האבן מיר אים דא שוין א סך מאל דערמאנט און ווייטער אויך בריינגען[102]. ער איז געבוירן מסתמא אין לעצטן צענדליג דאס 14־טע יארהונדערט[103]׳ גע־שטארבן איז ער אין ניישטאט דאס יאר 1460[104]; לויט דער צייט נאך איז זיין פלאץ פאר מהר״י ברונא און מהר״ם מינץ און זעהר מיגליך׳ אז נאך מהר״י ווייל. דער גאון מהרש״ל (ר׳ שלמה לוריה)׳ רב אין פוילן דאס 16־טע יארהונ־דערט׳ זאגט וועגן אים: „פון זיינע רייד זאלסטו ניט אפטרעטן׳ ווארום ער איז געווען א גדול און א מופלג אין זיין צייט׳ ער האט געהאט געזעהן פאר זיך מעשה (רעליגיעזע פראקטיק) און איבערגענומען הלכה און האט גרינדליך געקענט פארשיידענע מנהגים פון די לומדים אין דייטשלאנד און אין עסטרייך׳ וואס זיי זיינען געווען פרום און געהיט אין מצוות (אנשי מעשה)[105]. אזא כבוד האט מען שוין אים געטאן ביים לעבן׳ מהר״ם מינץ רופט אים „א פירשט פון פירשטן״[106]׳ אנדערע רבנים קארגן אויך ניט זיין טיטל. ער האט אליין צונויפ־געשטעלט זיינע שאלות־ותשובות („תרומת הדשן״)[107]׳ נאך זיין טויט איז צו דער זאמלונג נאך צוגעקומען קורצערע פסקים („פסקים וכתבים״). ער חתמעט זיך אלע מאל מיט עניוות: „הקטן והצעיר בישראל״ (דער קליינער און דער יונגער אין ישראל)׳ צו דער תורה האט ער זיך געלאזט אויפרופן אהן שום טיטלען[108]. פארקערט׳ זיין זון פתחיה חתמעט זיך: „דער זון פון דעם גדול בישראל״[109]׳ א שפילווארט אויף זיין פאטערס נאמען ישראל. צוערשט האט ער מרביץ־תורה געווען אין מארבורג[110]׳ שפעטער האט ער איבערגעצויגן און געהאט זיין ישיבה אין ניישטאט ביי ווין׳ פלעגט אבער אפטער קומען קיין מארבורג[111]. ס׳איז שווער באשטימט צו זאגן׳ וואו ער איז געבוירן. זיין מוטער איז אומגעקומען אויף קדוש־השם אין דער גזרה אויף אידן אין ווין דאס יאר 1421׳ ער פלעגט דעריבער פאסטן ט׳ ניסן׳ דאס איז דער טאג׳ ווען די גזרה האט זיך אנגעהויבן[112]. אין איין ארט זאגט ער׳ אז זיינע עלטערן ליגן אין רעגענסבורג׳ ער דערציילט׳ אז ער האט געגעבן א נדר צו פארן פון ווין אדער פון קרעמס אויף קבר אבות׳ נאר ווייל ער איז קראנק געווארן׳ האבן אים זיין פעטער ר׳ אהרון און ר׳ משה חנוכה מתיר נדר געווען[113]. היות ווי די צוויי לומדים זיינען אויך אומגעקומען אין דער דערמאנטער ווינער גזרה׳ האט דאס מתיר נדר זיין געמוזט פארקומען פאר דעם יאר 1421, קומט אויס׳ אז איסרלינס פאטער איז אויך געשטארבן פאר דער דאזיגער דאטע און איז צו קבורה גע־קומען אין רעגענסבורג׳ מ׳קאן דעריבער אננעמען׳ אז איסרלין איז גע־בוירן אין רעגענסבורג׳ דארט זיינען זיינע עלטערן געזעסן׳ נאך דעם מאנס טויט האט די מוטער איבערגעצויגן מיט דעם אינגל קיין ווין צו דעם פעטער׳ דעם גער מצן למדן׳ וואס מהר״י איסרלין האלט אים אויך פאר זיין רבין[114]. אין זיינע לערן־ און וואנדער־יארן איז ער געווען אין איטאליע אויך[115]׳ דערפוי

נעמט זיך׳ וואס ער האט פארשטאַנען איטאַליעניש [116]. פון זיין פאַמיליענלעבן איז נאָך צו דערמאָנען: זיין פרוי האָט געהייסן שיינדיל [117]. ער האָט געהאַט פיר זין, איינער איז שוין פריהער דערמאָנט געוואָרן, דאָס איז פתחיה, אדער ווי מ׳פלעגט אים נאָך רופן: קעכערל [118], קעחל [119], געכל [120] — מסתמא פאַרצויגן (דעמינוטיוו), — וואָס האָט חתונה געהאַט נאָך אין מאַרבורג [121].

די איבעריגע דריי זיינען געווען: איינער אברהם, דער אַנדערער שלום, וואָס בעת ער איז קראַנק געווען אויף אַ קריינק, וואָס ער איז פון איר געשטאָרבן, האָט מען אים משנה שם געווען און אַ נאָמען געגעבן מנחם [122], דער דריטער אהרון [123]. די ביידע יונגסטע זין האָט איסרלין מסתמא אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין פעטער און רבי ר׳ אהרון און נאָך זיין פעטערס רבין ר׳ שלום. פון די ביידע וועלן מיר נאָך שפּעטער ריידן.

די אַלע דערמאָנטע רבנים, וואָס מיר האָבן זיך דאָ אויף זיי לענגער אָפּגעשטעלט איינמאָל איבער דעם, וואָס זיי אַליין האָבן דאָס פאַרדינט, צווייטנס, ווייל נאָר כּמעט פון זייערע חבורים קאָן מען עפּיס אַרויסציהען פאַר דער געשיכטע פון יענער צייט, די אַלע רבנים זיינען דירעקט אָדער אומדירעקט תּלמידים פון ר׳ מ א י ר ה ל ו י א י ן ו ו י ן. מ׳דאַרף דאָס פאַרשטיין אין דעם זין, ווי מ׳זאָגט, אַז צו יעדער צייט זיינען געווען גרויסע פּערזענליכקייטן, וואָס זיי האָבן געוויזן אַ וועג, און מ׳מיינט דערמיט ניט גראָד איין פאַלק, ניט איין איינציגע אמונה, ניט איין באַשטימטן צווייג וויסנשאַפט, נאָר אַלץ און אַלעמען. די צייט, וואָס פאַר אונזער איצטיגער תּקופה, אַזוי ווייט פריהער, ווען מיר וויסן בכלל פון אַ גייסטיג לעבן ביי דייטשע און פראַנצויזישע אידן, יענע צייט זיינען די ישיבות אין רהיין־געגנט געווען דער מקור פון תּורה און אידישקייט (זעה אונזער ווערק ב׳ I, ז׳ 114). אין 14־טן יאָרהונדערט האָט זיך די לאַגע געביטן נאָר אין דעם פּרט, וואָס דער צענטער האָט זיך איבערגעטראָגן קיין עסטרייך. אמת, נאָך דעם זיינען אין רהיין־געגנט אויך געווען גרויסע לומדים, פּונקט ווי אַקעגן זיינען שוין פריהערדיגע צייטן געווען געריממטע לומדים אין עסטרייך. אָבער די הנהגה גייט דאַן איבער צו די „חכמי אושטרייך״ (עסטרייך), און פּונקט ווי פריהער פלעגן עסטרייכער בחורים ציהען אין די ישיבות ביי דעם רהיין און אין פראַנקרייך, אַזוי האָבן איצט בחורים פון דעם רהיין־געגנט און פון פראַנקרייך גענומען ציהען אין די ישיבות קיין ווין, קרעמס און נייי־שטאַט. דאָ איז געווען דער מקום־תּורה. די השפּעה פון די דאָזיגע ישיבות האָט דערלאַנגט ווייטער ווי אויף דייטשלאַנד. די געאָגראַפישע לאַגע פון די דערמאָנטע שטעט האָט דערנעהענט צו זייערע ישיבות די דרום־געגנטן אויך, און זייערע השפּעה האָט זיך פאַרשפּרייט איבער שטייערמאַרק, קערנטן, קראַין ביז צו ווענעציע און אויבער־איטאַליע. איבער די וועגן אין יענע לענדער האָט מען געקאָנט זעהן הין און צוריק אידן סוחרים און וואַנדערער ישיבה־בחורים, און דער איינפלוס פון די ישיבות אין דייטשלאַנד האָט דערלאַנגט אַ סך ווייטער אין דרום־זייט, איידער היינט דער דייטשער שולפּאַראיין.

ס'איז שווער אנצעווייזן אויף זיכער די סבות, פארוואס דער צענטער פון לומדות האט זיך איבערגעצויגן פון דער רהיין־געגנט קיין עסטרייך. די גזרה דאס יאר 1349, די שרעקליכע שחיטות אויף אידן די צייט פון דעם „שווארצן טויט" האבן דא יעדנפאל מיטגעווירקט, ווי ווייט זיי האבן וויסט געמאכט די ישיבות אין רהיין־געגנט, ווארום גראד אין יענער געגנט האט די ווילדקייט קעגן אידן צומשטארקסטן געשטורעמט. ס'איז מעגליך, אז אין ווין און אין דער סביבה איז די לאגע געווען בעסער פאר אידן און מחמת דעם זיינען זיך אהער אנגעלאפן א סך אידן פון דער רהיין־געגנט [124], און דא ווערט פלוצים מפורסם פאר דעם אנגעזעהענסטן צווישן דייטשע רבנים ר' מאיר בר' ברוך הלוי אין ווין, אן אנגעקומענער פון רהיין־געגנט, פון פולדא (זעה אונזער בוך ב' I, ז' 241 א. וו.) [125], קיין ווין איז ער געקומען פאר דעם יאר 1365 [126], די דארטיגע רבנים און פון דער סביבה האבן זיך אים באלד אונטערגעווארפן [127]. פון זיין ישיבה זיינען ארויס די אנגעזעהענסטע רבנים און ראשי־ישיבות נאך אים אין ווין: שלום, יעקל [128] און אהרון. מהרי"ל ווענדט זיך צו זיי פון מאינץ מיט א שאלה און רופט זיי „אונזערע רביים אין עסטרייך". ביי דער דאזיגער געלעגנהייט קארגט ער זיי ניט קיין שבחים: „די גרויסע ליכטער, וואס הערשן בייטאג און ביינאכט", „די דיינים פון גאר דער גולה", פון זייער חכמה־ברונעם „טרינ־קען די הערטן" [129]. מהרי"ל גופא האט געשעפט פון דעם דאזיגן ברונעם, ווארום דער דערמאנטער ר' שלום איז געווען זיין פארנעמסטער לערער [130], ער איז אבער אויך געווען אין דער ישיבה ביי ר' אברהם'ן פון אן אנגעזעהענער לומדים־פאמיליע קלויזנער [131], א שטיקל צייט האט ער נאך געהערט דעם שיעור ביי ר' מאירן אליין, דעם גרינדער פון דעם ווינער לערנען. ווייניגסטנס איז ער נאך שפעטער געווען פארבונדן מיט ר' מאירן [132] און דערמאנט אים גאנץ אפט [133]. צו ר' שלום'ס תּלמידים געהערט אויך אהרון [134], (נאכדעם איז ער געווען זיין א חבר), מיט דעם צונאמען פלומיל אדער בלומלין, מהר"י איסרלינס פעטער און רבי, ער דערמאנט ר' שלום'ן מיט גרויס דרך ארץ [135]. ר' אהרון איז אומגעקומען בעת דער גזרה אין ווין אין די גרעסטע פייניגונגען. מהר"י איסרלינס תּלמיד, דער מחבר פון „לקט יושר" דערציילט פון אים, אז נאכדעם ווי מ'האט אים אויפגע־הערט צו פייניגן, האט ער געבעטן א טרינק וואסער, מ'האט דאס געהאלטן פאר זעהר געפערליך, ער האט אבער אזוי שטארק געבעטן, אז מ'האט אים געמוזט צוליב טון און באלד נאכדעם איז ער אויסגעגאנגען [136]. פון ר' יעקלן [137] ווייסן מיר נאך ווייניגער, איידער פון ר' אהרונען, וועגן ר' פייבושן פון ווין ווייסט מען אויך נאר אזוי פיל, אז ר' שלום האט געהערט ביי אים דעם שעור [138]. ר' שלום'ן קאן מען האַלטן פאר דעם אייגנטליכן יורש פון ווינער לערנען, וואס ר' מאיר האט דא דעם וועג אנגעצייכנט, ווארום די גרעסטע רבנים פון יענער צייט, ווי מהרי"ל, ר' אהרון בלומלין און ר' אנשיל מארבורגער [139], האבן ביי אים געלערנט, זיי ווידער האבן אויפגעשטעלט אנדערע רבנים, אדער האבן משפּיע געווען אויף אנדערע מיט זייערע כתבים. ר' שלום האט געהאט זיין ישיבה אין

ניישטאט, פאר אים איז זיין פאטער ר׳ יצחק דארט געווען ראש־ישיבה [140], דעריבער
האט ער ניט געוואלט ארויסציהען פון דארט, כאטש ער האט עטליכע מאל גע־
האט גרינדן דאס צו טון [141], זיין פארבלייבן אין ניישטאט פלעגט ער פאר־
ענטפערן מיט א מאמר חז״ל: „א מענש זאל שטענדיג וואוינען דארט, וואו זיינע
עלטערן״ [142]. אפשר האט ער געוואלט דערמיט טרעפן די ישיבה־בחורים, וואס
האבן שטארק געהאלטן פון ארומוואנדערן, אזוי ווי די קריסטליכע שילער צו יענער
צייט. אין די מקורים רופט מען ר׳ שלום׳ן אָפט „דער פירשט״ (שר), אדער דער
„פירשט פון ניישטאט״, א שפיל אויף די ווערטער „שר שלום״ (פירשט פון שלום)
אין ישעיה (9, 5), דאס באווייזט, ווי מ׳האט אים הויכגעשאצט [143]. נאך אים זיי־
נען געבליבן צוויי זין, איינער ר׳ יונה האט געלעבט אין ווין, שפעטער איז
ער געווען רב אין רעגענסבורג צו גלייך מיט מהר״י ברונא, דער אנדערער יודעל
איז געווען רב אין ניישטאט [144]. דער אייגנטליכער יורש ר׳ שלום׳ס, וואס
האט ווייטער געפירט די ניישטאטער ישיבה און זי ערשט רעכט גערימט
געמאכט — דאס איז געווען זיין קרוב [145] מהר״י איסרלין, פון אים האבן
מיר שוין פריהער גערעדט, צוגלייך מיט דער ניישטאטער ישיבה האט אויך
געשמ׳ט די קרעמזער ישיבה, אמאל איז דארט מהר״י איסרלינס עלטער־זיידע גע־
ווען ראש־ישיבה, איצט האט אויך ניט געפעלט קיין לומדים. נאך ר׳ יעקלס
טויט אין ווין האט די קהלה געבעטן דעם קרעמזער רב איבערצונעמען דאס
רבנות און די ישיבה [146]. איסרלין גופא האט דא אויך פארבראכט און געלערנט
א שטיק צייט [147], ווין, ניישטאט און קרעמז, אלס מקום־תורה, פארנעמען צו יע־
נער צייט דאסזעלבע ארט, וואס אמאל שפייער, ווארמס און מאינץ (קהלות שו״ם) [148].
די גרינדער פון די עסטרייכישע ישיבות האבן קיין וויכטיגע חבורים ניט איבער־
געלאזט, חוץ אייניגע חדושים אויף תלמוד און רעליגיעזע מנהגים, און די זיינען
אויך צו אונז ניט דערגאנגען גאנצערהייט. זייער באדייטונג ליגט אין זייער
מרביץ־תורה זיין, דערמיט האבן זיי זיך קונה שם געווען און א וועג געוויזן ניט
בלויז פאר זייער צייט, נאר, דורך זייערע תלמידים, פאר א גרויסער צייט נאך
דעם אויך, ביז פוילן איז געווארן אן ארט פון לומדות. ביז דער צייט, ביז פוילן
איז אויפגעקומען, זיינען עסטרייכישע ישיבות געווען דער מיטלפונקט פון לומדות,
דאס קאן מען אויך ארויסזעהן דערפון, וואס פון אלע געגנטן האט מען
זיך געווענדט אהער מיט שאלות, און די תשובות און די פסקים, וואס
מ׳האט דא ארויסגעגעבן, זיינען גילטיג געווען פאר אלעמען. מהר״יל האט
געבעטן ר׳ שלום׳ס זין אים צושיקן א זאך פון זייער פאטער, וואס ער האט דאס
באדארפט צו רעליגיעזע צוועקן (א חלוצה־שיך פאר א מוסטער) [149] און האט
איינגעפירט אין מאינץ א עסטרייכישן מנהג [150]. געוויינטליך הייסט דאס ניט, אז
ערגיץ־אנדערש־וואו זיינען ניט געווען קיין לומדים און גאונים. מיר ווייסן, למשל,
אז ר׳ יצחק פון נארדהויזן איז געווען ר׳ שלום׳ס א רבי [151], אז ר׳ יונה, ר׳ שלום׳ס
זון, און מהר״י איסרלין האבן געלערנט ביי ר׳ נתנען אין אייגער [152], מהר״י
ברונא האט געלערנט ביי ר׳ דודן דעם שווידניצער קדוש, ווי מיר האבן שוין

פריהער דערמאנט. ס׳איז שוין דא אויך פריהער דערמאנט געווען ר׳ זלמן רונקעל אין מאינץ, דעם מהרי״לס און מהר״י ווײלס רבי. מהרי״ל האט אויך געלערנט ביי ר׳ גרשונען [153] און ביי ר׳ יעקוב כהן דעם נארדהויזענער אין מאינץ [154], פון אנדערע גדולים וועלן מיר נאך שפעטער ריידן. אבער די אלע און אנדערע האבן ניט באשאפן קיין מקום תורה אזי ניט געהאט די השפעה, וואס דער גרינדער פון דעם ווינער לערנען און זיינע תלמידים.

איצט ווען מיר קענען שוין די אנגעזעהענסטע רבנים און לומדים, וועלן מיר זיך פרובן צונויפפאסן די וויכטיגסטע סימנים, וואס מיר זעהן צו ביי זיי אזי ביי אנדערע, אין איין אלגעמייז בילד פון דעם לערנען צו יענער צייט.

## קאפיטל II.

רבנים. די געענדערטע לאגע זייערע. קייזערליכע אויבער־ראבינער. ליכט און שאטן. קוקן און מיינונגען וועגן גלויבן און לערנען. רבנים. אלס אנגעשטעלטע און וועג־ווייזער.

מיר האבן שוין דערמאנט אין ערשטן באנד פון אונזער בוך (ז. 246), אז ר' מאיר הלוי אין ווין האט איינגעפירט דעם טיטל „מורנו", וואס דאס זאל הייסן אזוי גוט, ווי סמיכות אויף הוראה [1] (venia docendi, concionandi). נישט גרינג איז אים אנגעקומען דער דאזיגער נייער איינפיר, מ'האט דאס אבער געמוזט טון, ווארום די לאגע פון אידן אין דייטשלאנד נאך דעם שווארצן טויט האט געבראכט צו גרויסע ענדערונגען אין דעם וועזן פון רבנות. ביז צו יענער צייט איז בכלל ניט געווען קיין שטעל פון רבנות און ס'איז ניט געווען אזוינע אנגעשטעלטע [2]. אין דער תורה און אין תלמוד געפינען מיר וועגן תורה־לערער דריי כללים: יעדער איז פריי צו זיין לערער, יעדער איז דאס מחויב צו טון, קיין געצאלט טאר דערפאר ניט גענומען ווערן [3]. תורה־לערער האבן געהאט איין פריווילעגיע: די קהלות אין מיטלאלטער פלעגן זיי לאזן פריי באזעצן זיך (חזקת־ישוב) אין א קהלה. דערמיט איז מען אבער אויסן געווען ניט די טובה פון די תורה־לערער, פיל מער האט מען דערמיט געמיינט צו שטארקן די תורה דורך דעם, וואס ס'וועלן צוקומען לומדים [4]. רבנים האבן אפילו ניט געקאנט האבן קיין פרעטענזיעס, מ'זאל זיי באפרייען פון שטייערן, סיידן א גדול־הדור, וואס די קהלה האט אים געהאלטן פאר איר ראש [5]. די דאזיגע כללים, וואס זיי האבן געזאלט גאראנטירן תורה־לערער זיי זאלן זיין פריי, ניט אפהענגען פון קיינעם, האט מען ביי אידן תמיד הייליג געהאלטן.

מיר ווייסן, אז די צייט פון משנה און תלמוד און פון דער שפאניש־אראבישער תקופה זיינען לומדים און גאונים געווען מענשן פון פארשיידענע קלאסן. גוטבאזיצער און לוינארבעטער, מיניסטארן און פון דעם געמיינסטן גראד, דאקטוירים, אסטראנאמען, סוחרים און בעלי־מלאכות האבן זיך מפלפל געווען אין דעם שפרעכזאל פון דער רבנישער ליטעראטור, און אלע האבן

זיי געקאנט האבן גלייך א דעה׳ אין דעם דאזיגן עלטסטן און פרייסטן פארלאמענט׳ ווי מיר זעהן אים פון תלמוד׳ איז ניט געווען קיין אונטער־שייד פון שטאנד און יחוס׳ ס׳איז ניט געווען קיין פארלאמענט און סענאט איבער אים׳ דא האט געגאלטן נאר איין זאך: תורה׳ וואס גרעסער אין לערנען׳ אלץ מער כבוד און ווירקונג האט מען געהאט׳ פון יראת־הכבוד וועגן צום רבין׳ וואס ביי תלמידים איז דאס געווען איינגעפלאנצט אין הארצן און מ׳איז געווען דערמיט שטארק געהיט׳ איז געווען אנגענומען׳ זיי זאלן בעטן רשות ביים רבין אליין צו ווערן רבנים און צו פסק׳ענען׳ די עלטערע צייט פלעגט מען דערויף געבן "סמיכה"׳ דער רבי פלעגט ארויפלייגן זיין האנט אויפן תלמידס קאפ׳ די דאזיגע צערעמאניע געפינען מיר שוין ביי משה רבנו׳ן׳ זי איז אבער בטל געווארן שוין די ערשטע יארהונדערטן פון דער היינטיגער צייטרעכענונג׳ די פאָרמעלע ארדינאציע׳ די צערעמאניע פון סמיכה׳ האט די קריסטליכע קירך איבערגענומען ביי אידן און ביי איר איז דאס געבליבן׳ אקעגן אבער איז דאס ביי אידן גאר פארשוואונדן׳ ס׳איז געבליבן דער מנהג׳ דער רבי זאל געבן דעם תלמיד רשות אויף הוראה׳ אבער אָהן שום צערעמאניעס און טיטלען [6]׳

וואס ערגער ס׳איז געווארן די אידישע לאגע האט זיך דאס אלץ געמוזט בייטן׳ ערשטנס׳ האבן די רדיפות און די גזרות געבראכט דערצו׳ אז ס׳איז געווארן שווער צו האלטן דעם כלל׳ א רבי זאל קיין געצאלץ ניט נעמען: לומדים זיינען שטארק פאראַרימט געווארן׳ דער רמב״ם׳ געשטארבן דאס יאר 1205׳ קריגט שטארק קעגן די׳ וואס לאזן זיך באצאלן פאר תורה־איבערגעבן [7]׳ אבער פון דעם גופא איז צו זעהן׳ אז דאמאלס שוין איז אזא באצאלן ניט געווען קיין אומגעוויינליכע זאך׳ פון דער אנדערער זייט זעהן מיר׳ אז ר׳ שמעון בר׳ צמח דוראן (רשב״ץ—געלעבט דאס 14־טע יארהונדערט)׳ וואס האט געמוזט אנטלויפן פון שפאניע קיין אפריקע׳ האלט אזא געצאלץ פאר ניט רעכט און ער פארענטפערט זיך: ער מוז דאס טון׳ ווייל ס׳האט מיט אים אזוי שלעכט פאסירט׳ און פון זיין דאקטאר־פראקטיק האט ער קנאפ׳ אגב איז ער זיך סומך אויף אנדערע גדולים׳ וואס האבן זיך אזוינס מתיר געווען אין א ענגער צייט [8]׳ אין דייטשלאנד צו דער צייט נאך דעם שווארצן טויט איז דעם דאזיגן כלל פון אומזיסט לערנען גאר און גאר ניט געווען אויסצוהאלטן׳ אידן זיינען פאראַרימט געווארען׳ פון אלע באַ־שעפטונגען האבן זיי געמעגט טרייבן נאר דאס געלטגעשעפט׳ אבער דערצו האט מען נויטיג געהאט געלט׳ ניט פאר לומדים געזאגט געווארן׳ אין אזא ענגער צייט האבן לומדים קיין ברירה ניט געהאט׳ זיי האבן געמוזט נעמען געצאלץ פאר לערנען׳ אינגיכן אבער האט מען גענומען פון דער נויט מאכן ברויט׳ און תורה איז געווארן א באצאלטע זאך׳ די דאזיגע ענ־דערונג האט געבראכט א גאנצע איבערקערעניש אין דעם וועזן לערנען׳ ס׳איז געווארן א לערנשטעל ביי דער קהלה׳ דער׳ וואס ס׳האט זיך גענומען

דערפאַר׳ — איז געוואָרן אַ באַאַמטער בײַ דער קהלה און האָט געהייסן „רב״. דאָס הייסט דער למדן, וואָס די קהלה האָט אים אָנגענומען פֿאַר אַ ראָש אין אמונה זאַכן. אין די קריסטלעכע אורקונדן הייסט ער: גײַסטלעכער (clericus), מײַסטער, יודנמײַסטער (magister Judaeorum), פֿאָרשטייער (antistes), אויך בישאָף (episcopus) און אַפֿילו פּויפּסט (pontifex)[9], אָדער הויכמײַסטער אויף דײַטש. ער איז דער ראָש פֿון דער קהלה, אין אמונה־זאַכן דאַרפֿן אים אַלע פֿאָלגן, מ׳גיט אים אָפּ דעם געהעריקן כבוד: שבת און יום־טוב קומען גבאים און בעלי־בתים צו אים וויזיטירן, צו דער תורה רופֿט מען אים אויף פֿריִער פֿאַר אַנדערע און מיטן טיטל „רב״ און נאָך אַזוינע כבודים, וואָס מיר וועלן נאָך ווײַטער ריידן פֿון זיי[10]. פֿונדעסטוועגן איז אַזאַ אויסטײַלן דאָס רבנות אין אַ ספּעציעל באַצאָלט אַמט בײַ דער קהלה ניט קיין דערהויבונג, נאָר אַ טיפֿע ירידה, נישט געקוקט אויף אַלע כבודים. תורה און תורה־לערער זײַנען געוואָרן אויס פֿרײַ, דער „יאָך פֿון דער תורה״ איז שוין געוואָרן אויס מליצה, ברויט אינטערעסן, קנאה און כבודגײַץ האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין אַזאַ ווינקל, וואָס ביז איצט איז דאָס געהייליגט געווען פֿאַר תורה לשמה, פֿאַר ריינע גײַסטער, וואָס זייער דענקען און טון איז געווען נאָר לשם־שמים. דעריבער האָט די נײַע שטעלונג פֿון דעם רבנות ניט אַזוי גיך זיך אויסגעאַרבעט. דאָס איז צוגעגאַנגען מיט אַ סך מחלוקת און שטרײַטיקייטן.

וואָלטן זיך די דאָזיקע שוועריקייטן אָפּגעשפּילט נאָר אין די קהלות אַליין, קיין פֿרעמדע זאָלן זיך דאָ ניט מישן, איז וואָלט זיי געווען גרינגער איבערצוטראָגן און געפֿינען דעם פּאַסיקן אויסוועג. דערווײַל האָט זיך אָבער די מדינה־מאַכט גענומען מישן אין דער דאָזיקער שטרענג אינעווייניקסטער אידישער אַנגעלעגנהייט. די מדינה האָט זיך גענומען זאָגן אַ דעה, ווי אַזוי צו באַזעצן די שטעל פֿון רבנות, אַלצאיינס צוליב וואָס זי האָט עס געטאָן: צי האָט זי געהאַט דעם גוטן ווילן מאַכן אָרדענונג אין די קהלות, אָבער, ווי ס׳איז מער צו גלייבן, זי איז דאָ אויסן געווען אַזוי אַרום צאַפּן געלט בײַ אידן. צום ערשטן מאָל האָט דאָס געטאָן קיניג רופּרעכט, דעם 3־טן מײַ 1407 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל אין ניורענבערג, אײנער ר׳ ישראל, מסתמא אַ ניורענבערגער[11], זאָל זײַן „Königlicher Reichshochmeister״ (אויבער־רב)[12]. דער טעם איז געווען: צו דעם קיניג איז דערגאַנגען, אַז אידן האָבן אַ סך אויסצושטיין אַפֿילו פֿון אַזוינע זייערע, „וואָס זיי אַליין האַלטן זיך פֿאַר הויכמײַסטער אין אידישע קונסטן״ (רבנים), מ׳באַרײַסט זיי און מ׳וואַרפֿט זיי אין חרם אַרײַן, איבער דעם זײַנען אַ סך מענטשן פֿאַרטריבן געוואָרן, אַ סך זײַנען זיך אַליין צעלאָפֿן, דאָס ברענגט שאָדן „אונז און דער מלוכה און אַנדערע קורפֿירשטן און פֿירשטן, האַרן און שטעט״, אַ סך „צינז און רענטע און אַנדערש, וואָס ס׳קומט, איז געמינערט געוואָרן״. ר׳ ישראל זאָל אַרויסהעלפֿן פֿון דעם דאָזיקן בייז: ראשית, זאָל ער מבטל מאַכן די אומגעזעצלעכע חרם׳ס, שנית, זאָל ער אַליין האָבן אין דער האַנט

די רוט פון חרם קעגן יעדן, ווער ס׳באגייט א זינד קעגן דעם דין און דער אמונה, כדי אידן זאלן האבן א מורא אויף זיך און ניט מערן צו טון שלעכסט. ר׳ ישראל זאל אויך אויפמאנען אלע שטייערן און הכנסות, וואס געהערן דעם רוימישן קיניג און זאל דא נוצן זיין רעכט צו באשטראפן און ארייננצולייגן אין חרם די, וואס פאלגן ניט. רבנים און דער כלל אידן אין דייטשלאנד זאלן אויפנעמען ר׳ ישראלן פאר זייער אויבער־רב און זאלן פאלגן זיינע פסקים און באפעלן לויט דעם אידישן דין, ווען ניט וועט זיך דער קיניג מיט זיי אפרעכענען. מ׳קאן זאגן, אז דעם קיניג איז דא געגאנגען אין דער מלוכה־קאסע, אדער ער האט געמיינט די אידנס טובה, אדער ביידע זאכן, וואס ער האט געמאכט ר׳ ישראלן פאר אויבער־רב, יעדנפאל וואלט געווען אומגערעכט קעגן קיניג רופרעכט, וואס האט ביי אידן א גוטן שם [13], ווען מ׳זאל אים אויסווארפן נאר עגאאיסטישע טעמים. אבער אזא ארייננמישן זיך אין ענין רבנות איז געווען אזוי אויסער־געוויינליך, און אידן האבן דאס אויפגענומען פאר אַזא גזרה, אז א האלב יאר שפעטער, דעם 23־טן נאוועמבער 1407, האט רופרעכט געמוזט נאך אמאל שטיצן ר׳ ישראלן מיט א נייעם מאיעסטעט־בריף און דערביי געווארנט אידן מיט זיין אומגנאד און מיט א שווערן קנס (צוואנציג פונט גאלד = 15·040 פל׳), אויב זיי זאלן ניט אנערקענען ר׳ ישראלן פאר זייער אויבער־רב; די חרם׳ס, וואס רבנים האבן ארויסגעגעבן קעגן ר׳ ישראלן, ווערן אין דעם קיניגס באפעל דערקלערט פאר בטל ומבוטל.

אין אידישע קוועלן געפינען מיר גאר ניט פון דער גאנצער מעשה, ניט אז רופרעכט האט אנגעווארפן אידן אן אויבער־רב, ניט אז רבנים האבן זיך געשטעלט קעגן דעם, און די גאנצע מעשה וואלט אפשר געווען אפגעפרעגט [14], נישט געקוקט, וואס ס׳איז פאראן וועגן דעם צוויי קייזערליכע אורקונדן, ווען מיר זאלן ניט וויסן פון א צווייטן אזא פאל צו דער צייט פון קייזער זיגיסמונד. דאס יאר 1435 האט קאָנראַד פאָן וויינסבערג, ערבקאמערער פון דער הייליגער רוימישער מלוכה, געמאכט מיט דעם רשות פון קייזער, א אידן אַנשיל פון קעלן פאר אויבער־רב אין דער מדינה, אויסגערעכנט אין זיין קרייז די ערצבישאפטימער און בישאפטימער מאַינץ, קעלן, טריער, ברעמען, בעזאָנסאָן, לאָזאַן, וואָרמס, שפייער, הילדעסהיים, באזעל, שטראסבורג, מעץ, מיונסטער, אוטרעכט, קאָנסטאנץ און ווערדען און די לענדער עלזאס, יוליך, געלדערן, בערג, קלעווע, סאַוואָי און די קלעווישע מארק [15].

צום גליק וויסן מיר פון אנשילן מער, איידער פון דעם פריהער דער־מאנטן ר׳ ישראלן, פון יענעם קאנען מיר נאר משער זיין, אז ער איז געווען א ניורענבערגער. אונזער אנשיל דאס איז ר׳ אנשיל הלוי פון קעלן, א יונגערער בן־דור מהרי״לס, זלמן רונקילס און אנדערע פריהער דערמאנטע רבנים. אים דערמאנט פאר אן אנגעזעהענעם מאן ר׳ זעליגמאַן ביגג אָפּענהיים הלוי, ר׳ מנחם ציוניס אן אייניקל, און דעריבער אויך מיט דעם ביינאמען ציון, וואס פון אים וועלן מיר נאך וייטער ריידן [16]. אבער פון ר׳ אנשילס אפיציעלער אויבער־רבנות

געפינען מיר אויך ניט אין אידישע קוועלן קיין שום שפורן· פון וואנען נעמט זיך דאס, וואס אידישע קוועלן האבן לחלוטין פארשוויגן די דאזיגע צוויי קייזער־ליך־באשטימטע אויבער־רבנים פאר דער גאנצער מדינה, וואס אין דעם קאן קיין שום ספק ניט זיין? פאר דעם דאזיגן רעטעניש איז פאראן נאר איין באַ־שייד, וואס דאס שטעקט אין דער געשיכטע און אין דעם אַרט דענקען פון אידן אין מיטלאלטער· היות ווי אידן זיינען שוין געווען געוואוינט געפרובט און האבן גוט געוואוסט, אז ווען די מלוכה־מאכט נעמט זיך מישן אין זייערע אינעווייניגסטע ענינים, אז קיין גוטס ווערט דערפון ניט ארויס, האט מען זיך קעגן דעם שטארק געווערט· קיינער האט ניט געטארט אננעמען קיין שום אידישע התמנות פון ניט־קיין־אידנס הענט אדער פון ניט־קיין־אידישער מאכט, קיינער האט ניט געטארט געבן ניט־אידן קיין געלעגנהייט זיך אריינצומישן אין אידישע ענינים· ווער ס׳טוט אזוינס איז א מוסר און לא יבא בקהל [17]. קיניג רופרעכט האט דאס אויך געמוזט וויסן, ווארום אין זיין צווייטן באפעל צו פארשטארקן ר׳ ישראלס התמנות, פון דעם 23 נאוועמבער 1407, זאגט ער בפירוש, אז ער טוט דאס ניט, ווייל ישראל אדער עמיצער אנדערש זאל אים האבן געבעטן, נאר איבער די אנגעווי־זענע טעמים און פון גערעכטיגקייט וועגן, וואס האט אים געבראכט דערצו [18]. צי קאן מען זיך פארשטעלן, אז א פרומער חשובער רב ווערט ביי אזא לאגע זיך עפּיס מאכן דערפון, וואס מ׳האט אים פון דער פרעמד באשטימט פאר אויבער־רב? ספּעציעל וועגן ר׳ אנשיל פון קעלן קאן מען זיכער זאגן, אז ער האט קאָנראַד פאָן וויינסבערגס דעקרעט (דעם טעם פון דעם דעקרעט ווייסן מיר ניט) פּשוט ארויסגעווארפן און קיינמאל זיך ניט געפרובט אפילו צו מאכן עפּיס דערפון. ניט בעסער איז זיך באגאנגען ר׳ ישראל מיטן קיניג רופרעכטס דעקרעט, אויב ס׳איז ריכטיג וואס מיר מיינען, אז דאס איז ר׳ ישראל רב אין ניורענבערג, וואס וועגן אים דערציילט מהר״י ווייל, אז ער האט געטיילט דאס רבנות מיט ר׳ קאָפּעלמאן, א סימן, וואס פאר א רודפי שלום די אלטע רבנים זיינען געווען; דערפון אליין איז שוין ארויסצוזעהן, אז מ׳האט אים ניט געקאנט חושד זיין אין גדלות צו וועלן זיין אויבער־רב [19]. אמת, אין קיניג רופרעכטס צווייטן דעקרעט רעדט זיך פון רבנישע חרם׳ס אויף ר׳ ישראל׳ן, אבער דאס צעשטערט כלל ניט אונזער השערה, אז ר׳ ישראל האט זיך גאר ניט ווייסנדיג געמאכט פון דער קיניגליכער התמנות פאר אויבער־רב אין דייטשלאנד. דא איז געשען איינס פון דיביידע: אדער איינער א צווייטער רב האט זיך פון קנאת ה׳ וועגן צו־געאיילט ארייַנלייגן ר׳ ישראלן אין חרם בלויז באלד, ווי דער דעקרעט איז ארויס, נישט אויסגעווארט, ווי וועט זיך ר׳ ישראל פארהאלטן צו דעם, אדער, היות ווי אין אידישע קוועלן וואלט דאס ניט געקאנט גאר פארשוויגן ווערן, ווען אזוינע חרם׳ס זאלן באמת געווען זיין, איז גיכער צו גלויבן, אז ר׳ ישראל האט דיפּלאמאטיש געגעבן אנצוהערן אין די הויכע פענסטער, אז ס׳וועט זיין אדער ס׳איז פאראן אויף אים א חרם, כדי אזוי ארום ארויס פון דער קלעם און פּטור ווערן פון דער אומגליקליכער מתנה, וואס גלאט זיך אפזאגן פון איר האט ער ניט געטארט.

די דערמאנטע צוויי קייזערליכע דעקרעטן וועגן אויבער־רבנים האבן ניט געשטערט דעם שלום אין די קהלות, אנדערש וואלט דאס ניט פארשוויגן געווארן אין אידישע קוועלן, אבער בעצם האט אין זיי געשטעקט א גרויס געפאר: די ערגערע האבן זיך געקאנט אנכאפן אין אזא מעגליכקייט, כדי אויפצורודערן די קהלות און פירן מחלוקת און אפילו די בעסערע האט דאס געקאנט אנשטעקן מיט אומגעוויינטליכע פרעטענזיעס. א סימן האבן מיר, אז אזא חשובער פרומער רבי, ווי דער דערמאנטער זעליגמאן בינג אָפּענהיים האט געקאנט פאלן אויף דעם איינפאל פון זיך אליין, אויף אייגן באראט, צו ווערן רב־הכולל אין דער רהיין־געגנט, וואס דאס איז קעגן דער רבנישער טראדיציע, אפילו ווען קיין זייטיגע זאלן זיך דא ניט האבן געמישט. ס׳איז צו גלויבן, אז צו דעם דאזיגן געדאנק האט אים געבראכט ר׳ אנשילס קייזערליכע אויבער־רבנות (ער דערמאנט ר׳ אנשילן איינציגע מאל), געוויס איז זיין מיין געווען צום גוטן, ווארום ער האט באקומען דערויף דעם הסכם פון אייניגע גרויסע רבנים. אויף דעם סמך האט ר׳זעליגמאן צונויפגערופן א רבנישע אספה אין בינגען, אונטער זיין פארזיץ זיינען אנגענומען געווארן אייניגע תקנות און מ׳האט גוזר געווען שטראפן פאר ניט־פאלגער, וואס גענויער זיינען זיי אונז ניט באקאנט. אויך איז אנגענומען געווארן, אז אין א שטרייטפאל בלייבט, ווי ר׳ זעליגמאן וועט זאגן, די דאזיגע אויבער־רבנות זאל גילטיג זיין פאר דעם גארן אויבער־רהיין. די קהלות און רבנים פון קעלן, געלדער, יוליך, פראנקפורט, וואָרמס, אָפּענהיים, מאינץ האבן פראטעסטירט קעגן דעם פאר מהר״י איסרלין אין ניישטאט ביי ווין [20]. מהר״י איסרלין האט אָפּן דערקלערט, אז ר׳ זעליגמאנס אויפטו איז קעגן דעם דין און קעגן דעם מנהג און צו אים האבן מסכים געווען די גרעסטע רבנים אין דייטשלאנד.

צווישן אנדערע זאכן ווערט דערמאנט ביי דעם פאל, אז קיינמאל איז נאך ניט געווען אזוי נויטיג אחדות ביי אידן, ווי איצט, בעת מרודפט זיי אזוי שטארק, גאנצע פראווינצן זיינען פארוויסט, בעת „דער פריסטער" (דאס מיינט מען קא־פיסטראנא) האט אנגעטאן פיל צרות אידן אין פוילן, וואס ביז אהער איז דאס געווען די איינציגע ישועה פאר אידן [21]. די פראטעסטן האבן געהאלפן: ר׳ זעליגמאנס אויבער־רבנות איז געווארן צו נישט, אבער פון דעם ווי אויך דערפון, וואס נאכדעם האט מען עטליכע מאל באנייט א שארפן איסור אריינצו־מישן אדער צו דערלאזן די פרעמדע מאכט אין אידישע ענינים, דערהויפט קעגן רבנים אדער צו דערלאנגען רבנות, פון דעם אלעמען איז צו זעהן, אז בעלנים אויף אזוינע שטיק האט ניט געפעלט [22].

צו אזוינע מיטלען זיינען געוויינטליך אנגעקומען אזוינע מענשן, וואס זיי־נען אויסן געווען צו דערלאנגען מיט אידישע אדער ניט־אידישע פראטעקציעס אזוינס, וואס זיי האט געפעלט אין קענטעניש און אין מעלות. מיר האבן שוין אויבן דערמאנט און ס׳וועט נאך אויסקומען ווייטער צו ריידן, אז דאמאלס האט ניט געפעלט קיין אומפעהיגע, וואס האבן דאך געגלוסט צו דער „קרוין פון

תורה", מהר"י איסרלינס תלמיד, דער מחבר פון "לקט יושר" (שוין א סך מאל דא דערמאנט געווען) קלאגט זיך: "איך האב נאך ניט דערלאנגט ניט דעם טיטל רבי, ניט דעם טיטל חבר, און איך בין שוין אריבער 40 יאר אלט"[23]. מיר האבן שוין געבראכט זיין שארפע מיינונג וועגן די קענטענישן פון אייניגע רבנים אין רהיין־געגנט. ביי אזא לאגע איז קרובה׳שאפט[24] אדער א ניט־אידישע פראטעקציע אויך רעכט געווען צו דערלאנגען רבנות. פון דער אנדערער זייט ווידער האט די לומדים געפעלט מוט צו שטעלן אויף זיך, פאר די קריכער איז פארקערט קיין זאך ניט שווער געווען, און ס׳איז שווער צו זאגן, ווער איז מער שולדיג אין דער צערודערונג און פארלארנקייט פון אידישע קהלות דא־מאלס: צי די לומדים מיט זייער עניוות, אדער די קריכער מיט זייער תקופות. איין זאך איז געוויס, אז צו יענער צייט האט געגאלטן זעהר אן אומגליקליכער כלל פאר דער אנטוויקלונג פון אידישקייט: "ס׳איז ניטא מער קיין תלמידי־חכמים"[25].

ס׳קאן גאר קיין ספק ניט זיין, אז ר׳ מאיר הלויס שטרעבן איז געווען אויסצובעסערן די דאזיגע שלעכטע לאגע. איין אזא מיטל איז געווען איינצו־פירן דעם טיטל "מורנו". דאס גאנצע וועזן פון דעם דאזיגן מאן איז געווען א שארפער פראטעסט קעגן די אומגליקליכע אומשטאנדן, וואס האבן זיך אריינ־געריסן אין דעם ענין רבנות. קודם כל איז צו גלויבן, אז ער האט ניט גענומען קיין שכירות. אויב דאס שטייט ניט בפירוש, קאן מען דאס דרינגען פון אזוינע ווערטער זיינע: דעם מאמר חז"ל: "רבי פלעגט הויכהאלטן רייכע לייט"[26] האט ער געטייטשט אזוי: ווייל רבי האט הויכגעהאלטן! רייכע לייט (ער אליין איז אויך רייך געווען), האט ער געוואלט ווייזן, אז דעם כבוד, וואס מ׳גיט אים אפי, איז דאס אויך וועגן זיין רייכקייט. ווארום ער האט געהאלטן פאר א זינד, מ׳זאל אים כבוד אפגעבן פאר זיין תורה, פון פארלאנגען אזא כבוד שוין ניט צו ריידן[27]. ווייטער ווייסן מיר פון אייניגע רבנים פון ר׳ מאירס תלמידים, אז זיי האבן בכלל ניט גענומען קיין שכירות, און ס׳וועט ניט זיין קיין זינד קעגן דעם היסטארישן אמת אפצולערנען פון זיי אויף די איבעריגע, בפרט נאך ווען ס׳רעדט זיך פון רבין און פירער זייערן. פון מהרי"לן דערציילט זיין תלמיד בפירוש, אז די געלטן, וואס פלעגן אים איינגיין פון די "פארשטייער פון דער פראווינץ" (די פרנסים פון דער מדינה), האט ער אויסגעגעבן אויף אויסצוהאלטן זיינע ישיבה־בחורים. ער גופא האט ניט נהנה געווען ניט דערפון, ניט פון זיין ווייבס פארמעגן, צייט זי האט געלעבט, האט ער זיך מפרנס געווען פון שדכנות. זיין תלמיד דערציילט וועגן דעם: ער פלעגט אליין שרייבן בריף און צעשיקן אין דער גאנצער פראווינץ, צונויפפירן שדוכים, ווארום דאס גאנצע לאנד האט אים געפאלגט און אויף אים איז מקיום געווארן איובס ווערטער: "מיך האבן זיי געהערט און ארויסגעקוקט אויף מיר און געווארט שטיל אויף מיין ראט, מיין ווארט האבן זיי ניט געענדערט און אויף זיי האט געטריפט מיין רייד"[28]. כדי רעכט צו שאצן אזא באשעפטונג, מוז מען וויסן, אז ביי אידן אין די אויגן

איז דאס געווען א מצוה פאר גוטע מדות און דרך ארץ וועגן: האבן זיי דאך געהאלטן, אז גאט אליין איז מזוג זווגים[29]. די רבנים צו יענער צייט האבן דאס ניט באטראכט פאר קיין געשעפט־זאך און דאס האט גאר ניט צו טון מיט שדכנות אלס פראפעסיע. דאס שדכנות איז געווען ביי רבנים א מצוה, דאס געצאלץ איז געווען א ביי־זאך. איינער פון די גרעסטע רבנים אין דייטש־לאנד, ר׳ יעקוב מרגלית[30] (דעם משומדס אנטאניא מארגאריטא׳ס פאטער[31]), מהר״י מינצ׳ס א בן דורי, האט אויך געטאן אין שדכנות[32]. חוץ דעם האבן זיי געהאט נאך אנדערע הכנסות, ווען סתם א איד דארף קומען צו׳ן א רבי. מהר״י איסרלין רעכנט אויס: גטין, חליצה, געבן א שבועה ווייבער[33], תנאים און חתונות[34]. לויט אן אנדער קוועל האבן רבנים געהאט נאך א הכנסה פון א קהל־שרייבער[35]. דאך באמערקט מהר״י איסרלין וועגן די אויסגערעכנטע הכנסות: „מיר שעמען זיך צו נעמען געצאלץ דערפאר און מ׳מאטערט זיך צו געפינען א היתר אויף דעם"[36]. מהרי״ל פלעגט ניט נעמען גאר ניט פאר גט׳ן[37]. יעדנפאל איז קלאר פון מהר״י איסרלינס אויפריכטיגע רייד, אז אנגעזעהנע רבנים צו יענער צייט האבן געהאלטן פאר ניט־רעכט צו נעמען שכירות פאר רבנות. מהר״י איסרלין פארשטייט דאס גאר ניט, ווי קאן מען אזוי ווייט דערנידעריגן די ערנשטעל פון א „האר איבער דעם ארט"[38], וואס איר ווערט האט גאר ניט קיין שיעור ניט, און זיך לאזן באצאלן דערפאר[39].

ס׳איז אבער קלאר, אז רבנות האט געקאנט זיין אן ערנשטעל נאָר אין דעם פאל, ווען רבנות איז נאך פריי געווען, ווען דעם רב׳ס געוויכט און באדייטונג איז געווען געווענדט אין אים אליין, אין זיין תורה, ווען ניט דא האט געשטעקט קיין פרעמדע ניט־אידישע האנט, ניט דער רב איז געווען אן אנגעשטעלטער ביי דער קהלה. ר׳ מאיר הלוי האט אין דעם פרט אויך געטאָן, ווי ווייט ער האט געשעצט די פרייהייט פון רבנות, איז ארויס־צוזעהן פון אזא שטעלע ביי אים: „ווער האט מיר געגעבן אדער ירושה געלאזט דעם גבול (פון תורה), אז קיינער זאל מיר ניט משיג גבול זיין?"[40] ער האט פאראיבל געהאט אויף זיין חבר מהר״א קלויזנער, וואס יענער האט אמאל געפסקעט א הארבע שאלה, ניט אנגעפרעגט ביי „חכמי הדור", ער האט בכלל געקריגט אפילו קעגן גדולים, וואס זיי שטעלן אויף זיך, און פלעגט זאגן, אז אין אזוינע פאלן דארף מען אנפרעגן ביי די זקנים, וואס האבן בקבלה און ווייסן די מנהגים פון גאר די קדמונים[41]. און כאטש ער פלעגט פאדערן, מ׳זאל זיך מישב זיין מיט אנדערע, דאך האט ער ביי קיינעם ניט געוואלט לייקענען דאס רעכט צו האבן אן אייגענע מיינונג. ר׳ שלום, ר׳ מאירס תלמיד, האט אויך געהאלטן פון פרייהייט פאר רבנות. זיין זון ר׳ יונה דערציילט פון אים אזא ווארט: „איך און מיינע עלטערן האבן געפירט די ישיבה צו לערנען און צו פסק׳ענען אין ניישטאט, פלעגט אבער איינער קומען, וויל זיין מנהיג גלייך מיט מיר, האב איך אים ניט געווערט"[42]. אויף אזוינע ווערטער פלעגט מען זיך שפעטער פאררופן, כדי צו לערנען

רבנים די מדה פון שלום און סבלנות, זיי זאלן אליין ניט פארשטעלן דעם וועג אנדערע. אזוי איז געווען, ווען מהר״י ברונא האט חתונה געהאט קיין רעגענסבורג און האט דארט געוואלט מאכן זיין א ישיבה, און ר׳ אנשיל, א תושב אין רעגענסבורג, האט דאס ניט געוואלט ליידן (אַגבֿ, דאס איז ניט דער ר׳ אנשיל, וואס קאָנראַד פון ווייַנסבערג האט אים געמאכט פאר אויבער־רב). האבן זיך רבנים גדולי הדור אקעגנגעשטעלט און געווארנט ר׳ אנשילן, אז ער זינדיגט קעגן דעם דין און קעגן דעם מנהג. מהר״י ווייל האט גע׳פסק׳עט: „היות ווי קהל האטביידע ניט געקליבן, ניט מהר״י ברונא, ניט ר׳ אנשילן, און ביידע דארפן צאלן שטייערן, האט קיינער ניט מער חזקה פאר דעם אנדערן. און כאטש ר׳ אנשיל איז געווען אין רעגענסבורג, איידער מהר״י ווייל האט זיך דא באזעצט, האט ער דאך ניט קיין גרעסערע חזקה, ווייל קהל האט זיי ניט אויסגעקליבן ניט פאר קיין ראש, ניט פאר קיין הארי. איז דאס גלייך, ווי איינער א בעל־הבית וואוינט אין א שטאט, קומט א צווייטער און באזעצט זיך דא נעבן אים, קאן דער ערשטער ניט זאגן: ס׳איז מיין חזקה״. ער האט אויך געבראכט ראיות, אז אין א סך קהלות זיינען געווען צו צוויי רבנים און קיינער האט ניט געהאט מער חזקה פארן אנדערן, אזוי איז געווען אין ווין, קרעמס, ניורענבורג, מאינץ [43]. צו דעם דאזיגן פסק האבן מסכים געווען ר׳ דוד (טעבל) שפרינץ פון ניורענבערג און מהר״י איסרלין אויך, וואס האט דא געלאזט הערן טיפערע געדאנקען, ווי מיר האבן שוין פריהער געזעהן. מהר״י איסרלין האט דא געזאגט א כלל: „די קרוין פון דער תורה און איר הערשאפט ליגט הפקר פאר יעדן, ווער ס׳וויל, קאן זי נעמען״ [44]. דער דאזיגער קוק אויף דער שטעלונג פון רבנים און אויף דער פרייהייט פון הוראה, וואס איצט איז דאס אויסגעקומען אפט איינצושטעלן [45], שטאמט דערהויפט פון ר׳ מאיר הלוי, וואס ער האט דאס אנגעווענדט אויף זיך אליין, פון אים איז דאס איבערגעגאנגען צו זיינע תלמידים, און זיי האבן זיך אויך אזוי געפירט. און אין דעם דאזיגן מאן, וואס האט געלערנט רבנים צו זיין די גרעסטע סבלנים איינער צום אנדערן, האבן איניגע רבנים פון זיין דור אויף יענער זייט דייטשלאנד זיך געקאנט אזוי גראב טועה זיין און חושד זיין, אז ער איז אויסן צו הערשן! דאס איז געשען בעת ס׳האט אויסגעבראכן די מחלוקת צווישן רבנים אין פראנקרייך. דערפון האבן מיר שוין אויספירליך גערעדט ערגיץ אנדערש [46].

גענומען האט זיך אזא חשד אויף ר׳ מאירן דערפון, וואס ער האט מתקן געווען, אז קיינער טאר ניט זיין רב און אליין פירן א ישיבה, ביז ער האט ניט דערויף קיין סמיכה (venia docendi) פון חכמים [47], און דעם טיטל „מורנו״. רבנים מחוץ דייטשלאנד, וואס האבן ניט געוואוסט, וואס דא שטעקט, האבן געמיינט, אז דאס וויל ר׳ מאיר פאר זיך האלטן די חזקה צוליב צו באטיילן מיט מורנו׳ס, אזא בכורה וואלט באמת געהייסן הערשן

איבער רבנים. אין דייטשלאנד אבער האט מען גוט געוואוסט, פון וואנען דאס נעמט זיך. דעריבער האט דא קיינער קיין תרעומות ניט געהאט קעגן דעם נייעם איינפיר, דא האבן אלע באלד פארשטאנען, אז דאס וועט געזונ־טער מאכן דאס רבנות: קיין פרעמדע וועלן זיך שוין מער ניט קאנען מישן, קיין ניט־ווערדיגער וועט זיך ניט קאנען נעמען די קרוין, די קהלות וועלן זיך קאנען אויסקלייבן ווערדיגע מענשן צו היטן אידישקייט און פירן זיי אין רעכטן וועג.

ווארום נעבן די גרויסע רבנים, וואס מיר האבן זיי געלערנט צו קענען, זעהן מיר יענע צייט אומוויסנדיגע און אומווערדיגע רבנים אויך, וואס האבן געווארפן דעם כבוד פון רבנות. מהר"י איסרלין שרייבט, למשל, איינעם א פריש־געבאקענעם רב: "נעכטן זיינען דיר ערשט אויסגעוואקסן הערנער און היינט ווילסטו שוין שטויסן? ווער האט דיר דאס געגעבן רעכט און רשות דערויף?" [48] מהר"י ווייל שרייבט: "היינטיגע צייט איז פאראן א סך רבנים, וואס נוצן די קרוין פון דער תורה, זיי מיינען דאס אבער ניט לשם שמים, נאר זיך אליין גרויס צו האלטן, זיי ווייסן ניט פון דער רעכטער האנט ביז דער לינקער" [49]. אין אנדערס מאל שרייבט ער אויך אזוי קיין ניורענבערג: "די האר שטעלן זיך מיר קאפויר, און איך ווער פארציטערט, ווען איך פארנעם די פארוויסטונג, די פארווילדונג, דעם גוואלדגעשריי און חלול־השם, וואס ווערן איצט באגאנגען אין דער מדינה, און שולדיג אין דעם זיינען לומדים, א טייל רבנים, וואס האבן זיך איינגערעדט, אז זיי קאנען אליין פסק'ענען פון זייער טובה וועגן, זיי ווארפן ארויף אויף בעלי־בתים גרויסע געלט־שטראפן, זיי זוכן זיך אויסריידן און קליגן זיך אריינצוכאפן רייכע מענשן אין זייער נעץ און רייסן פון זיי די הויט, איז דאס א חלול־השם, ווארום דאס פאלק זאגט: דאס איז די תורה, און דאס איז דער שכר אירער" . . . "היינטיגע צייטן, ווען בעוונותינו הרבים זיינען די הערצער קלענער געווארן און א סך רבנים קאנען אפילו ניט לערנען . . . אייניגע זייערע מאכן זיך גרויס, צירן זיך נאר מיט דער קרוין פון רבנות און זייער מיין איז נאר כבוד, זיי זאלן נאר הערשן און שטיין בראש. אנדערע זיינען אויסן נאר געלט און פארמאגן כלל ניט די מדות, וואס א תלמיד־חכם מוז פארמאגן, זיי זיינען אויסן נאר זייער וואוילטאג, אנדערע ווידער געבן גאר ניט קיין אכטונג אויף זייער אויפפירונג און האבן דעם ערגסטן שם" [50]. דער רב ר' יוסף קולון פון לאמבארדיע, וואס האט קארעספאנדירט מיט די אנגע־זעהענסטע דייטשע רבנים, דער באמערקט אויך, אז דאס פאלק האלט די רבנים אין מויל, דאס פאלק זאגט: "ווי צו דעם, וואס האט תורה געלערנט, זיי טויגן נאר שלעכטס צו טון" [51]. ווארום באמת איז דאס ביי רבנים אפט־מאל געווען אן אפגערעדטע זאך, אדער רבנים האבן זיך צונויפגערעדט מיט "יאבעדניקעס" אויסצופרעסן געלט ביי רייכע לייט. האט מען אויף עמיצן געווארפן אן אויג, אזוי האט מען אים גענומען מאַנען כלומרשט א הוב. יענער

האט געהיינטליך ניט געוואלט צאלן, האט דער כלומר׳שטיגער מלוה אים גערופן צו׳ן א רב ערגיץ אין דער ווייט. מייסטנס איז דער רייכער געוען געווען זיך אויסגלייכן און צאלן, איידער זיך לאזן אין ווייטן וועג, וואס דאס איז יענע צייטן געווען געפערליך אויך, און דער רב האט זיך געטיילט מיט דעם מאַנער [52]. מהר״י קולון איז שטארק אויפגעבראכט קעגן אזא האנדלונג און באמערקט דערביי: „אזוי ווערט פארקרומט דער דין און דער רייכער איז א שפילצייג ביי שווינדלער אין די הענט. דאס איז ניט דער וועג פון דער תורה, ווארום „אירע וועגן זיינען ליבליכע וועגן און אירע שטעגן זיינען שלום״ [53]. פארדארבענע רבנים האבן פיל שלעכטס געטאן מיט חרם׳ס, און וואס קיניג רופרעכט זאגט וועגן דעם אין זיין דעקרעט וועגן ר׳ ישראלס אויבער־רבנות, ווערט דאס באשטעטיגט אין אידישע קוועלן אויך. חרם׳ס זיינען דאמאלס ביי אידן און ביי קריסטן געווען א געוויינטליך מיטל צו האלטן דעם עולם אין דער מורא ביי אידישקייט אדער ביי דער קירך, דער לייענער וועט זיך דערמאנענען, אז רופרעכט אליין האט געהייסן זיין אויבער־רב ר׳ ישראלן אנצווענדן דעם חרם, ווען ער וועט דאס באדארפן. דעריבער האבן איניגע רבנים בכלל זיך אפגעהאלטן פון ארויפלייגן א חרם. מהרי״ל האט אויף זיין גאנץ לעבן נאר איינמאל מחרים געווען [54]. אנדערע רבנים האבן אויך ניט געוואלט וויסן פון חרם, ווארום דאס ברייננגט צו פארטייען און צדדים, און בעת אנדערע טוען גרויסע עבירות און ס׳לויפט זיי אפ גלאט, ווי קאן מען דען אריינלייגן אין חרם איבער פערזענליכע פניות [55]. אין איניגע קהלות איז מען דעריבער געקומען צום הסכם, אז ניט דער רב, ניט די פרנסים זאלן ניט אנווענדן קיין חרם אהן קהל [56]. פון דער אנדערער זייט ווידער האבן די אנגעזעהענסטע רבנים ניט געקאנט אויסמיידן דעם חרם, כאטש פאר א אידן האט דא געשטעקט א גרויס געפאר, ווארום ווער ס׳איז מוחרם געווען דרייסיג טאג, איז דעמס פארמעגן אריינגעפאלן צו דער מלוכה [57]. ס׳פלעגט זיך טרעפן, אז אפילו ווער פון די בעסטע רבנים, בעת ער איז געשטאנען אין קריג מיט זיינגלייכן אדער מיט בעלי־בתים אין דער קהלה, האט ניט געזעהן קיין אנדער מיטל זיך אויסצוהעלפן, סיידן א חרם. דאס האט אמאל פאסירט מיט מהר״י ברונא. די ערגערע און געלט־גייציגע לומדים פלעגן פשוט האלטן דעם חרם פאר א בייטש צו רייסן די הויט ביי רייכע, ווי מיר האבן דאס שוין פריהער געבראכט פון מהר״י ווײלס נאמען. דעריבער האט מהר״י איסרלין אמאל געשריבן צו איינעם א רב זיינעם א מקורב: „איך קאן צו דיר ניט מסכים זיין, ווייל די וועלט פארשטייט עס נישט און א רב אודאי ניט, זאלסט זיין א שופט אין א אייגענער זאך, און מ׳טאר עס ניט צוליב דעם וואויל פון דעם דור, ווייל ס׳איז פאראן שלעכטע [58] דיינים, סמיכה האבן א סך, קענער זיינען אבער ווייניג״ [59]. איבער דעם און איבער אנדערע סבות פלעגן אין די קהלות פארקומען פארביטערטע לאנגיאריגע מחלוקתן, וועגן דעם שרייבט אויך מהר״י איסרלין: „ס׳עקלט

מיך פון די מחלוקת און קריגערייען אין אייער קהלה, דערהויפּט איבער זידלערייען און שעלטן. ס'האלט דערביי, איך זאל זיך גאר און גאר אויסטון פון די דאזיגע געשעפטן; פון עסקים אין אנדערע מדינות וועל איך זיך אויך אפּטון, ווארום איך זעה, איך האב קיין כוח ניט אויסצוגלייכן די שוועריג־קייטן און אפּרוימען די שטרויכלונגען. איך וויל שלום, זיי גאָרן צו מלחמה מיין מיה העלפט דא ניט, איז צו וואס דארף איך דאס?" [60]

איבער דער שלעכטער אויפפירונג פון איניגע רבנים האבן רבנים גופא שטארק געליטן, ס'איז שטארק געפאלן דער כבוד פון לומדות, וואס אי'ז אמאל זעהר גרויס געוועזן. מהרי"ל קלאגט זיך: "דער דור איז אויסגעלאסן, זיי שפּעטן פון חכמים'ס רייד און לאכן זיי אויס" [61]. זעהר א טרויעריגע געשיכטע דערציילט מהר"י ברונא פון זיך גופא: "איינמאל האב איך גע־דרש'עט, איז בעת מעשה איינער פון די נישטיגע [62] לייט ארויסגעגאנגען און נאך אים זיינען אוועק א סך אנדערע, האב איך געזידלט דעם ערשטן, און דערנאך די אנדערע. זיי האבן מיך צוגעקלאגט צו זייערע קרובים רבנים, און אז יענע האבן דאס מיר פירגעהאלטן האב איך געענטפערט: גענוג פון זייערטוועגן, וואס איך האב זיי ניט מחרים געוועזן" [63]. ס'איז שווער צו זאגן, ווער איז דא מער שולדיג, אבער דאס איז געוויס, אז מיט אזא פירונג האט ר' ישראל ברונא ניט דערהאלטן ניט זיין כבוד, ניט דעם שלום אין דער רעגענסבורגער קהלה. ס'זיינען געווארן צדדים און דעם רבס קעגנערן האבן אים גענומען רודפ'ן: אויף זיין שטאט אין בית־המדרש האט מע' געמאכט צלמ'ס, מ'האט אויפגעשריבן "אפּיקורס" און אנדערע זידלערייען, אזוי האט מען געטאן עטליכע מאל. ווען דאס האט דערלאנגט צו מהר"ם מינץ האט ער געשריבן א שטראף־בריף דער רעגענסבורגער קהלה, און האט געהייסן אויספארשן, ווער האט דאס געטאן, און פארשעלטן אזוינעם ביים לייענען מאנטאג און דאנערשטאג, און הייליגן גאטס הויז, וואס ר' יהודה החסיד [64] און אנדערע צדיקים האבן דאס געגרינדעט, מיט פאסטן, דאווענען און צדקה [65].

אבער לאמיר זיך אפּווענדן פון די דאזיגע טרויעריגע דערשיינונגען און לאמיר זיך אומקערן צו אונזער הויפּטצוועק: צו געבן א בילד בכלל פון רבנים'ס לעבנספירונג, פון זייערע קוקן, מיינונגען און טון יענע צייט, ווי ווייט מיר האבן ידיעות פון די באקאנטערע צווישן זיי.

דער גרעסטער טייל טאג איז ביי זיי אוועקגעגאנגען אויף לערנען אין דער ישיבה און גרייטן זיך צום שעור. וועגן דעם וועלן מיר נאך ריידן אין דעם קומענדיגן קאפּיטל. ווייל זיי זיינען געוועזן אזוי פארטון אין מרביץ־תורה זיין, דער ערשטער און דער הייליגסטער חוב פון א רב, האט דאס געבראכט דערצו, אז רבנים, וואס זיינען מייסטנס געוועזן פארטון מיט ישיבות, האבן ניט גע־דאוונט בצבור אין דער שול, נאר אין זייער אייגענעם מנין. ר' מאיר הלוי אין ווין האט געהאט זיין אן אייגן שולכל, דאס אייגענע אויך מהרי"ל אין מאינץ [66],

ר׳ שלום און מהר״י איסרלין אין ניישטאט [67]. דער רב פלעגט דאווענען אין שול נאר געוויסע שבתים און ימים־טובים. גע׳דרש׳עט האבן זיי זעלטן. מהרי״ל פלעגט דרש׳ענען נאר שבת־הגדול, שבת פאר ראש־השנה און שבת „שובה״ [68]. ער פלעגט דרש׳ענען וועגן הלכות־יום־טוב, די לעצטע צוויי שבתים פלעגט ער מער ריידן פון תשובה־טון. געוויסע טעג פלעגט ער דאווענען פארן עמוד, ווי זיין פאטער פלעגט מסתמא זיך נוהג זיין [69], דערהויפט דעם ערשטן טאג ראש־השנה, גאנץ יום־כפור, ערב תשעה־באב און הושענה־רבה. איינמאל האט ער צוליב גע־טאן דער קהלה און האט געבענשט גשם שמיני־עצרת. ניכר אז ער האט גע־קענט רעכט נוסח און איז געווען א גוטער חזן [70]. פון פריהערדיגע צייטן קענען מיר אויך רבנים, וואס האבן געדאווענט פארן עמוד, למשל, ר׳ אליעזר משולם־הגדולס זון [71], ר׳ מאיר, אן אנגעזעהענסטער פיטן, באקאנט מיט דעם נאמען „דער פרומער חזן״ [72]. אבער דאס איז געווען איינצעלנע פאלן, א סימן, אז זיי ווערן דערמאנט באזונדער [73].

לאמיר צוריקגיין צו רבנים׳ס אייגענע מנינים. דארט פלעגן דאווענען זייערע תלמידים אויך [74]. דאס דאווענען האט דארט געדויערט וויי־ניגער, איידער אין שול, אז ס׳זאל ניט אפנעמען קיין סך צייט פון דעם לערנען. די פרנסים און דער קהלה אין ניישטאט איז דעריבער געווען א חדוש, ווען זיי זיינען געקו־מען שבת־נחמו צום רב ר׳ שלום׳ן, און זיי האבן נאך געטראפן דאווענען אין מנין און ער אליין איז נאך אויך געווען פארטיפט אין דער תפלה. ווען זיי האבן אים געפרעגט, פארוואס געדויערט דאס ביי אים אזוי לאנג, האט ער זיי געענטפערט: „וואס זאל איך טון, אז איר האט א פארקערטן מנהג, שבת שטעלט איר זיך דאווענען פריהער, איידער אין דערוואכן, איך אבער שטיי שבת אויף שפעטער״. ער האט נאך געזאגט, אז אזוי האט ער בקבלה פון זיין רבין ר׳ יצחק נארדהויזען, יענער האט געהאט דערויף א סמך, וואס אין בית־המקדש פלעגט זיך שבת די עבודה פון די כוהנים אנהויבן שפעטער [75]. פון דעם דאזיגן ענטפער קאן מען אויך ארויסזעהן, אז ר׳ שלום פלעגט אין דערוואכן אויפשטיין צו דער תפלה פריהער פאר די בעלי־בתים, אזוי איז געווען דער שטייגער ביי רבנים וואָך זיין ביינאכט און פריה אויפשטיין און פארטון זיין אין לערנען בייטאג און ביינאכט, וויפיל ס׳איז נאר מעגליך געווען.

מעגליך אבער, די רבנים האבן נאך געהאט אנדערע טעמים אויסצומיידן דאווענען אין שול: זיי האבן ניט געהאלטן אין אלע פרטים פון דעם סדר דאווענען אין די שולן, ניט גאר צום הארצן איז זיי געווען די תפילה־מנהגים אויך. די חזנים (פון זיי ווען מיר נאך שפעטער ריידן) פלעגן זיך צו פיל אפגעבן מיט חזנישע שטיק, און דעם עולם פלעגט דאס מער געפעלן, איידער דאווענען מיט כונה. ניט תמיד האבן רבנים געקאנט זיך שטעלן קעגן דעם און איינפירן די זאך לויט זייער ווילן, אפט האבן זיי דאס ניט געוואלט טון אויך, כדי ניט צו שטערן דעם שלום אין דער קהלה מיט אזא ברעכן דעם מנהג. האבן זיי זיך אפגעזונדערט פון קהל אין אייגענע מנינים, האבן זיי גאט געדינט, ווי זיי האבן

פארשטאנען פאר רעכט, און דער שלום אין די קהלות איז ניט געשטערט געווארן. דאס לאזט זיך באשטעטיגן פון אזוינע פרטים: מהרי״ל פלעגט ברוגז זיין אויף זיינע בחורים, פארוואס זיי לערנען אין שול בעת דער עולם זאגט פיוט [76]. ווי ס׳זעהט אויס, האבן די יונגעלייט דאס אפגעלערנט פון זייערע אנדערע רביים, אזוי פלעגן זיך פירן א סך רבנים, ווארום דא ווערט אויסגעטייטשט, אז מהרי״ל האט ניט אזוי געהאלטן. פונדעסטוועגן פלעגט מהרי״ל אין דעם פרט טון אזוינס, וואס ער פלעגט ניט לאזן זיינע תלמידים טון: ער פלעגט מיטנעמען אין שול די טורים (א קיצור פון תלמוד, פארפאסט פון ר׳ יעקב בר׳ אשר בערך דאס יאר 1340) און ארייננקוקן, אמת ניט בעת מ׳האט געזאגט פיוט, נאר בעת דער חזן האט זיך געציקלט און באוויזן נגינה [77]. אויך אין אנדערע פרטים האבן רבנים ניט געהאלטן פון די איינפירן, וואס זיינען געווען געוויינטליך ביים פאלק. ווען די אויגסבורגער קהלה האט געבעטן מהר״י ווייל איר מתיר מאכן גוישע פוטער, האט ער ניט געוואלט, נאר דערפאר, וואס ער האט מורא געהאט, מ׳זאל אויף אים ניט זאגן, אז ער איז „מתיר פארבאטענע זאכן" [78]. מהר״י איסרלין ווידער האט ניט מורא געהאט דערפאר און האט זיך ניט געמאכט פון דעם נארישן איינפיר, אז ווייבאלד א הון שרייט ווי א האן מוז מען זי באלד קוילן [79]. ער איז אויך געווען קעגן א געוויסער מיסטישער תפלה, וואס מ׳זאגט ביי נעילה, ווייל דארט ווענדט מען זיך צו מלאכים, ער האט דערביי געבראכט א קלוג װארט פון אן אנדער רב: „א גאנצן טאג (יום־כפור) האבן מיר גערופן צום האַר (גאט), און איצט סוף טאג זאלן מיר רופן צו זיינע דינער (מלאכים)?" [80]) אקעגן האט זיך מהר״י ברונא געהאלטן ביי אן אנדער מיינונג, אז דאס, וואס מיר זאגן „נא מדה נכונה", „מדת הרחמים" און „מכניסי הרחמים" איז דאס נאר א מדה פון עניוות, מ׳וואגט ניט זיך קערן דירעקט צום האַר (גאט), װענדט מען זיך צו זיינע ראטגעבער [81]. מהר״י איסרלין האט אויך ניט געהאלטן פון דעם מנהג „תשליך", מהרי״ל ווידער האט יא געהאלטן פון דעם מנהג [82]. פון מהר״י איסרלין ברענגט א תלמיד זיינער א פיינע באמערקונג, וואס באווייזט, אז ער האט ניט געהאלטן פון „אתה בחרתנו": דער תלמיד האט אים אמאל געפרעגט, פארוואס זאגט מען אין שמונה־עשרה „וזוכר חסדי אבות" (ער געדענקט גנאד די אבות), ניט „וזוכר חסדי אבותינו" (ער געדענקט גנאד אונזערע אָבות), ווי בכלל אין אנדערע תפילות, האט אים איסרלין דערויף געענטפערט: „ווען מיר זאגן „אָבות" (די פאטערס), הייסט דאס, אז זיי זיינען אבות פון א ל ע מ ע נ ש ן, דאס איז פאר זיי מער כבוד, איידער מיר זאלן זאגן „אבותינו", דאס הייסט בלויז א ו נ ז ע ר ע פאטערס" [83]. דאס שטימט ניט גאר מיטן אידישן יחוס־געפיל, אבער זעהר א שיין מענשליך ווארט איז דאס פאר א ניישטאַטער רב יענע צייט, וואס זיין מוטער און זיין פעטער זיינען אומגעקומען אין די שרעקליכסטע פייניגונגען אויף קדוש־השם. אינטערעסאנט איז נאך א פריי ווארט, וואס איסרלין האט געענטפערט אויף א פראגע, צי איז ניט קיין מצוה פאר א תלמיד־חכם אויסציהען קיין ארץ־ישראל, בעת

דארט איז ניט פאראן קיין ישיבות און קיין תלמידים. דערויף ענטפערט ער: מיר האבן אפט געהערט, אז דארט זיינען פאראן אראבישע אידן — אמת'ע רשעים און אפענע מוסרים, און זיי לאזן ניט צורוה דייטשע אידן, וואס געבן זיך אפ מיט תורה. פרנסה און פארדינען קומט דארטן אויך אן שווער. ווער קאן דאס אויסהאלטן, בפרט נאך די גרויסע פיינטשאפט פון מאכמעדאנער! דעריבער זאל יעדערער זיך אליין קלאר זיין, ווי ווייט זיין געזונט און פאר־מעגן טראגן, וואס פאר א וועג ער זאל זיך נעמען אין גאטס פארכט און אין זיינע מצוות, "ווארום דאס איז דער מענש גאר" [84]. א מענשליכן און קלוגן ענטפער האט ער אויך געגעבן אויף דער פראגע, ווי גרויס דארף זיין די תשובה (פרוב־שטראף) פאר א משומד, וואס קערט זיך אום צוריק צו אידישקייט. ער זאגט דערויף: "גענוג פון זיינעטוועגן, וואס ער זאגט זיך אפ פון אלע זיינע וואוילטאגן און נעמט אויף זיך שרעק און אנגסטן און פיינטשאפט און צרות, וואס פעלקער טוען אן אידן, די דאזיגע תשובה וועט אים שוין ממילא ברייג־גען די אלע פייניגונגען" [85]. פון מהר"י איסרלין זאל נאך דערמאנט ווערן, אז אין א נויטפאל האט ער ניט געקוקט אויף קיין אסור: ער האט מתיר גע־מאכט, ווי זיין פעטער ר' אהרון האט דאס שוין געטאן, צו לעשן אום שבת אלציינס, צי די שריפה האט זיך אנגעהויבן ביי א אידן, אדער ביי א קריסט [86], ווארום ניט לעשן א שרפה איז געווען א לעבנס־סכנה פאר אידן, איז דאס א מצוה, אזוי ווי ראטעווען א נפש. דעסגלייכן ווען ניישטאט איז באלאגערט געווען, האט ער מתיר געמאכט אידן זאלן זיך שבת באטייליגן אין דער מלחמה קעגן דעם שונא און זיי זאלן פאלגן די באפעלן פון די שטאט־פירער. אקעגן איז זיין רבי ר' שלום אין אזא פאל געווען מער מקפיד און האט פאר־איבל געהאט אויף אידן, וואס פאררריכטן דעם בויגן אדער די ביקס אום שבת, דאס הייסט, זיי טוען א מלאכה, וואס זי געהערט ניט צום עצם מלחמה־פירן [87]. מהר"ם מינץ האט ניט געהאלטן, אז צוליב רעליגיעזער איבערגעשפיצטער אפ־געהיטקייט זאל מען אין אידישע דאקומענטן ענדערן די נעמען פון שטעט, וואס דערמאנען דעם קריסטליכן קולט. ער האט דעריבער געהייסן שרייבן: קרויצבערג, קירכבערג און דעסגלייכן [88]. מהר"י איסרלין האט ניט געוואלט וויסן פון איבערגעשפיצטע קשיות אויף פסוקים פון תנ"ך, ער האט אזוי געזאגט: ווען מיר זאלן אנהויבן פארענטפערן אלע פסוקים, וועלן מיר קיינמאל ניט ארויס [89]. אין שטרייטיגע שאלות פלעגן אנגעזעהענע רבנים פסק'ענען אויף גרינגער צו מאכן. מהרי"ל זאגט א סך מאל, אז דער מחבר פון "אור זרוע" [90] איז געווען א מחמיר און האלט ניט, אז מ'דארף אזוי טון [91]. אויף איין שאלה האט ער אמאל אזוי געענטפערט: "לאז אפ צו מחמיר זיין אין אזוינע זאכן, וואס דער עולם קאן דאס ניט אויסשטיין" [92]. ער פלעגט מאכן א חלוק פון בלויז א מנהג ביז א דין און פלעגט מער געוויכט לייגן אויף א דין [93], כאטש פון זיך אליין פלעגט ער זאגן "פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען האב איך געהאלטן, אז א מנהג פון אונזערע הייליגע אבות איז א תורה" [94]. מהרי"ל

האט אויך מתּיר געמאַכט, ווינטער הייסן אַ גוי איינהייצן דעם אויוון אום שבת, וואָרום כאָטש צו דער צייט פון ר׳ מאיר פון ראָטענבורג („מהר״ם רוטנבורג") האָבן די פרומע אין דייטשלאַנד געהאַלטן אַזוינס פאַר שטרענג פאַרווערט [95], איז דאָס אָבער איצט אַזוי אַנגענומען געוואָרן, אַז ווער ס׳זאָל דאָס אַסר׳ן, וואָלט דאָס געהייסן זיך גרויס האַלטן אָדער ווערן צו געלעכטער [96]. פונדעסטוועגן האָט ער אַזוינס מתּיר געמאַכט נאָר אין גרויסע קעלטן, אָדער ווען אין שטוב זיינען פאַראַן קליינע קינדער. אָבער זיין לערער, ווי ס׳זעהט אויס, ר׳ שלום, האָט אַזוי ווייט אויך ניט מקפּיד געווען, כּדי ניט צו שטערן דעם עונג־שבּת. ווען איינער פון זיינע תּלמידים האָט געוואָלט איינהייצן ערב־שבת, ווייל ער האָט געמיינט, אַז אום שבת טאָר מען ניט און ווייל אַזוי האָט מען זיך געפירט אין יענעם אָרט, האָט ער אים ניט געלאָזט, ער האָט געזאָגט: „ס׳איז אַ תּענוג שבת אין דער פריה, אַז ס׳איז וואַרעם" [97]. פון דעם דאָזיגן רב ווייסן מיר שוין, אַז שבת פלעגט ער לענגער שלאָפן. מ׳דאַרף אָבער זאָגן, אַז ער איז לעבנלאַנג געווען אַ קריינקליכער מענש. די דאָזיגע פּרטים זאָלן באַווייזן, אַז גראַד גרויסע רבנים האָבן זיך געהאַלטן פרייער, אײדער מ׳פלעגט זיך פירן אין די קהלות, און אַז זיי זיינען ניט געווען אַזוינע מחמירים, ווי די צייט האָט דאָס דאַמאָלס געפאָדערט.

אַקעגן אָבער זיינען זיי געווען זעהר שטרענג אין מידות און אין מוסר, און וואָס זיי פלעגן טון און מתקן זיין אין דעם פּרט באַווייזט, אַז זיי איז זעהר ערנסט געגאַנגען אין לייטערן די גייסטער און זיי פלעגן זיך דערמיט שטאַרק אָפּגעבן. אַזוינע גדולים ווי מהר״י ווייל און אַנדערע פלעגן אום־ברחמנות׳דיג שטראָפן די פאַרדאָרבענע רבנים; קהלות האָבן זיך געקאָנט אַ מוסר אָראָפּנעמען פון אַזוינע מענער, ווי ר׳ מאיר הלוי און זיינע תּלמידים, וואָס האָבן גאָר ניט נהנה געווען פאַר זיך. זעהר פיל פלעגן זיי זיך אָפּ־געבן מיט צדקה־זאַכן, ס׳איז שוין דאָ פריהער דערמאָנט, אַז ווען מהר״ם מינץ האָט איבערגענומען דאָס רבנות אין באַמבערג, האָט ער קודם כּל זיך גענומען אויפריכטן די צדקה־אַנשטאַלטן און איינפירן די געהעריגע תּקנות דערצו. רבנים האָבן שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף דער הייליגהאַלטונג פון פאַמיליען־לעבן. מהרי״ל פלעגט זעהן ניט דערלאָזן צו קיין גט, ווי ווייט נאָר ער האָט געקאָנט, איין אַזאַ מיטל האָט ער געהאַט, אַז דעם פאַרפאַלק זאָל דאָס טייער קאָסטן, ער אַליין אָבער האָט זיך צו דעם געלט ניט צוגערירט, ווי מיר האָבן דאָס שוין דערמאָנט. אין מאַינץ, וואָרמס און שפּייער איז געווען אַן אַלטע תּקנה, אַז אויף אַ גט אין איינע פון די קהלות דאַרף מען האָבן אַ הסכּם פון די איבעריגע צוויי. דאָס איז געטאָן געוואָרן צוליב דעם, דאָס גט׳ן זיך זאָל ניט אַזוי גרינג אָנקומען [98]. געשלעכטליכע אומציכטיגקייט פלעגן די רבנים שטרענג באַשטראָפן. מהר״י ווייל האָט געהייסן אַ אשת־איש, וואָס איז באַ־גאַנגען אַ זינד, זיך מתודה זיין פאַר גאַנץ קהל און נאָר אויף אידיש, חוץ דעם, האָט ער איר אַרויסגעגעבן זעהר אַ שווערע תּשובה [99]. מהר״ם מינץ

פלעגט זעהן ניט צו דערלאזן קיין נדרים, וואס דער עולם איז דערויף זעהר גרינג געווען: מ׳פלעגט געבן א נדר אויסציהען קיין ארץ־ישראל אדער פארן אויף קבר־אבות, און ווייל דאס איז שווער געווען מקיים צו זיין איבער דער שוועריגקייט און סכנה פון דער רייזע, פלעגט מען זיך מתיר־נדר זיין ביים ערשטן בעסטן רבי. מהר״ם מינץ שרייבט וועגן דעם: ״דער דור איז זעהר געאיילט אויף נדרים, זעהר גרינג זיינען זיי זיך מתיר־נדר, זיי שעמען זיך גאר ניט לויפן צום רבי, ער זאל זיי מתיר־נדר זיין. זיי זיינען געוויינט צו זאגן: וואס איז, אז איך וועל א נדר טון, איך וועל גיין צום רבי, לאזט ער מיך ארויס. דעריבער בין איך זיך נוהג ניט מתיר־נדר זיין קיין שום עם־הארץ אדער בעל־הבית, סיידן ער זאל געבן אויף צדקה אדער אויף א מצוה־זאך לויט זיין פארמעגן און דעם נדר נאך״ [100]. ביי ר׳ מאיר הלוי (מהר״ם הלוי) אין ווין האט פאסירט אזא פאל: איינער האט געמאכט א געשעפט מיטן אנדערן און נאכדעם האט ער חרטה געקריגן, ער האט גע־טענה׳ט, אז היות ווי קיין קנין האט ער ניט געמאכט, מעג ער. ר׳ מאיר הלוי האט אים געשיקט רופן און געזאגט צו אים: ״צי האסטו יא געמאכט א קנין, צי ניין, דו האסט געגעבן א ווארט, מוזטו האלטן ווארט, ווארום ס׳שטייט ביי אונז: דאס רעשט ישראל טוט קיין עולות ניט און זאגט קיין ליגן ניט.״ יענער האט ניט געפאלגט, האט דער רב געהייסן דעם חזן אויסרופן פון דער בימה פאר גאנץ קהל: ״הערט, רבותי, אזוינער און אזוינער וויל ניט ווארט האלטן, דערום איז דער גייסט פון חכמים ניט צופרידן מיט אים, און ער געהערט ניט צום כלל, דאס איבערגעבליבענע פון ישראל טוט קיין עולות ניט און זאגט קיין ליגן ניט, אבער דער איז א ליגנער און מ׳טאר אים ניט גלויבן.״ מהר״ם מינץ האט זיך אויך אזוי פארהאלטן אין א ענליכן פאל, און ער באמערקט דערביי, אז ביי דער דאזיגער געלעגנהייט איז אין שול געווען א גרויסער עולם [101]. ניט שטענדיג אבער האבן רבנים באדארפט אנקומען צו אזוינע שטריינגע מיטלען צו ווירקן אויף דעם הארץ און פאר־שטאנד פון זייערע קהלה־לייט, אין פארשיידענע פאלן האבן זיי דאס געקאנט פועל זיין מילד און הארציג. מהרי״ל, למשל, איז געגאנגען נאך דער לויה פון איינעם א דרדקי־מלמד ביז צום בית־עולם, מיט אזא כבוד, וואס ער האט געטאן דעם מת, האט ער געוואלט לערנען דעם עולם דרך־ארץ פאר תורה, ווארום אזא כבוד פלעגט ער אנטון נאר גרויסע חשובים [102]. מהר״י איסרלין האט זיך געהאלטן אזוי ענו׳דיג, אז ער פלעגט זיך הייסן אויפרופן צו דער תורה נאר מיט זיין נאמען, אהן דעם טיטל ״מורנו״ [103]. רבנים האבן אבער געזאלט דינען א משל פאר זייער קהלה ניט אזוי פיל מיט זייער אויפפירונג אין דער קהלה, ווי מיט זייער באגיין זיך מיט די תלמידים, מיט זייערע מדות און שטילער זיטליכער לעבנספירונג. וועגן דער דאזיגער פירונג זייערער וועלן מיר נאך האבן געלעגנהייט צו ריידן.

ס׳האט געהערט צו׳ן א רב גוזר תענית זיין און שאפן, מ׳זאל זאגן געוויסע

תפלות אין אויסערגעוויינליכע פאלן. ס׳איז געווען געוועגדט אן דעם, ווי מ׳האט געהאלטן פונם רבי, אז דער גארער עולם זאל דאס אויספאלגן אדער נאר א טייל. ווען אידן זיינען פארטריבן געווארן פון בייערן (דאס יאר 1450), האט מהר״י איסרלין אין ניישטאט גוזר־תענית געווען. די גאנצע קהלה, אלע מלמדים און תלמידים האבן געפאסט, אפילו פון דער סביבה איז מען געקומען אהער פאסטן און זאגן סליחות [104]. דאסזעלבע יאר, דאס איז געווען א יובל־יאר ביי קריסטן און מ׳האט זיך געריכט, אז א גרויסער המון זאל זיך לאזן קיין רוים, — האט מהר״י איסרלין נאך אמאל גוזר־תענית געווען און ווידער אמאל האבן אלע געפאלגט, מ׳איז אויך געגאנגען אויפן הייליגן ארט [105]. פאר־וואס אידן האבן אזוי טרויעריג אויפגענומען די קריסטליכע יובל־שמחה, וועלן מיר נאך זעהן.

דערהויפט האט געהערט צו רבנים פסק׳ענען שאלות און אויסהערן דין־תורהס, מאכן א פשרה צווישן די צדדים, אדער זאגן א פסק לויט דעם אידישן דין, וואס אין רוב ערטער האט די מלוכה געלאזט אידן האלטן זיך ביי דעם. צו גרויסע רבנים פלעגט מען זיך ווענדן מיט שאלות און דין־תורהס ניט פון זייער קהלה אליין, נאר פון דער ווייט אויך. די געשריבענע תשובות, וואס רבנים פלעגן ענטפערן אויף די שאלות פון דער פרעמד, טיף אריינגעדרונגען אין ענין און זעהר אויספירליך, פלעגט אפנעמען ביי זיי א סך צייט, אגב באקומען מיר דערפון צו זעהן א אינטערעסאנט בילד פון דעם פארקער צו יענער צייט. מהרי״ל זאגט, אז צווישן פראנקרייך און דייטשלאנד זעהט מען ניט קיין אפטע רייזנדער [106], דאס איז געווען א צייט, ווען אלע פירשטן זיינען געשטאנען מיט א סך חילות אין פעלד [107]. פון פיר בריף, וואס ער האט געשריבן, איז קיין איינער ניט אנגעקומען [108]. בריף פלעגט מען שיקן מיט א געלעגנהייט, אפט מיט ספעציעלע שלוחים [109], אויף אזוינע ווייטע שטרעקעס ווי פון ראָטענבורג אויף דעם טייך טויבער ביז ניישטאט ביי ווין, פון זאַלצבורג ביז מאַינץ, אדער פון ברעסלוי ביז ערפורט. כדי ניט צו פארהאלטן די שלוחים פלעגט אמאל מהר״ם מינץ שרייבן א גאנצע נאכט, ער האט דעריבער רעכט זיך צו חתמ׳ענען „משה טרוד״ (דער פילבאשעפטיגטער משה) [110]. דערמיט קומען מיר שוין צו רבנישער תורה, און וועגן דעם, ווי אויך וועגן זייער לערנען אין די ישיבות, וועלן מיר ריידן אין א באזונדער קאפיטל.

## קאפיטל III.

וואנדער־שילער. טאָמאַס און פעליקס פלאַטער. באַכאַנטן און בחורים. ישיבות. איסרלינס און מינצס פארשונגען אין דער דייטשער שפראך. איקעלזאַמער און קאָלראָש. חידושים. פלפול. דאס קריסטליכע און אידישע סטודענטנלעבן.

„א וואנדער־שילער! דאס מאכט מיר לאכן." מיט אזוינע ווערטער באגריסט פויסט, אין געטהעס דיכטונג מיט דעמזעלבן נאמען, א וואנדער־שילער. דער מין שילער איז א טיפ פון דעם לעבן פון געלערנטע סוף מיטלאלטער, מער א בילד פון יאָמער און עלנד, איידער צום לאכן. „קינדער און ניט־דער־וואקסענע בחורים פלעגן לויפן פון די פארוואָרפנסטע עקן אין דער ווייטער וועלט צו זוכן וויסנשאפט, וואו ס'איז נאר ערגיץ געווען אלאטייניש שול, ביי א קארפאראציע אדער ביי א רייכער יעפארכיע אין א גרויסער שטאט, פלעגן זיך אהין רייסן קינדער פון דעם פאלק, אפט אויסגעשטאנען א סך נויט און פיין, פארווילדעט און מאראליש פארוואָרלאזט פון דעם שווערן וואנדערן איבער די וועגן און פון דעם אומזיכערן לעבן אין דער שול" 1). היינט זיינען מיר געוויינט, אז ס'וואנדערן נאר אינגלאך־האנטווערקער, יענע צייטן אבער איז דאס וואנדערן געווען א מוז פאר אזוינעם, וואס האט געגארט צו וויסנשאפט. דאס איז געווען א קוואל פון א סך לייד און קנאפער פרייד. די פארהעלטענישן יענע צייט האבן געבראכט דערצו, אז אזוי האט דאס געמוזט זיין, נישט אנדערש. אין מיטלאלטער האט מען געמוזט „נאכגיין די שולן", ווארום אפילו אנהויב־שולן זיינען ניט אומעטום געווען, און לאטיינישע שולן זיינען געווען נאר אין די גרעסערע שטעט. מ'האט געמוזט זיך לאזן אויף דער וועלט אויסזוכן אזוינע שולן, דערפון האט זיך ביסלעכווייז אויסגעארבעט די ליידנשאפט ארומצושלעפן זיך; ביי א סך איז פון דעם חשק צו שטודירן געבליבן ניט מער, ווי די געוויינשאפט צו וואנדערן. בילדער פון דעם דאזיגן וואנדער־לעבן געפינען מיר אין א בוך, וואס איז געשריבן געווארן באלד נאך דער צייט, וואס מיר באהאנדלען איצט; דאס בוך באשטייט פון צוויי אַווטאָ־ביאגראפיעס פון אנגעזעהענע באזעלער געלערנטע: טאָמאַס און פעליקס

פלאַטער, בײדע, פּאַטער און זון, האָבן אױפגעװאָרפן א לעבעדיק בילד פון דעם סטודענטנלעבן און געלערנטעלעבן צו זײער צײט [2]. פון דעם זונס לעבנס־באַשרײבונג װיל איך דאָ פּאַראױס ברײנגען אײן שטעל, װאָס שפּעטער װעט מיר ניט אױסקומען דערפון צו רײדן, זי איז אָבער זײער װיכטיק פאַר אידישער געשיכטע. פעליקס האָט בערך דאָס יאָר 1550 געריטן קײן מאָנפּעליע צו שטודירן דאָרט מעדיצין און האָט געהאַט קװאַרטיר בײ א שפּאַניער, אַן אַפּטײקער, אױך חלוף, װאָרום דעם אַפּטײקערס זון האָט שטודירט אין באַזעל און געװאױנט בײ פעליקס פּאַטער. פעליקס דערצײלט, אַז דער אַלטער „קאַטאַלאָנער" (פון קאַטאַלאָניע) פלעגט אים אָפט געבן צו פירלײענען אים אַן אַלטע לאַטײנישע ביבל „אָהן דעם נײעם טעסטאַמענט". „װען איך פלעג אים פירלײענען דעם נביא ברוך (בן נריה), װי ער שרײבט קעגן הײליג־בילדער און געצן, פלעגט עס אים זײער געפעלן, װאָרום אַזױ װי ער איז געװען א מאַראַן, האָט ער אױך ניט געהאַלטן דערפון (פון די „בילדער און געצן") אַזױ װי אידן, ער האָט אָבער ניט געטאָרט אָפן רײדן. אָפט זאָגט ער: ergo nostri sacerdotes? ד. ה. „און װאָס אונזערע גלחים?" [3] פעליקס באַ־מערקט נאָך: „בײ מײן האַר אין הױז האָט מען געלעבט שלעכט אױפן שפּאַנישן שטײגער און אַזױ װי מאַראַנען, װאָס פלעגן ניט עסן אַזױנע שפּײזן, װאָס אידן מײדן אױס" [4]. דאָס איז גאָר, װאָס מיר װילן דאָ ברײנגען פון דעם יונגערן פּלאַטערס רײזעבאַריכט. אין דער דאָזיגער אומשולדיגער נאָטיץ זעהן מיר א בילד, גענומען פונם לעבן, ס'פּאַרדינט דערפאַר דעם בעסטן צוטרױ, װי שטאַרק ס'האָט זיך געהאַלטן דער אידישער קוק און אידישע זיטן ביז טיף אין 16־טן יאָרהונדערט אַפילו בײ קריסטליכע אײניקלאַך פון די אידן, װאָס זײנען פאַרטריבן געװאָרן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל.

א סך ערגער איז דאָס צוגעגאַנגען פעליקס פּאַטער טאָמאַסן, װאָס האָט אָנגעהױבן זײן קאַריערע דאָס יאָר 1509. צו נײן אָדער צען יאָר איז ער אָנגעקומען אין א שול צו זײן פעטער אַנטאָן פּלאַטער. װי אַזױ מ'האָט דאַמאָלס באַהאַנדלט קינדער אין שול־עלטער, איז אינטערעסאַנט צו הערן, װי דער פעטער איז זיך באַגאַנגען בײם לערנען מיט טאָמאַסן. ער פלעגט מיך שרעקליך שלאָגן, א סך מאָל האָט ער מיך גענומען בײ די אױערן און געהױבן אַרױף. איך האָב אַזױ געשריגן, אַז אָפט פלעגן זיך שכנים צונױפ־לױפן און שרײען אַזױ װי ער װאָלט מיך געװאָלט הרג'ענען" [5]. בײ די עלטערן אין הױז האָט טאָמאַס אױך קײן בעסערס ניט געהאַט. װען ער איז אין פינף יאָר אַרום נאָך א סך װאַנדערן געקומען אַהײם צו זײן מוטער, װאָס האָט דרײ מאָל חתונה געהאַט און איצט איז זי געװען אַן אַלמנה און איז גאָר ניט געװען צוגעלאָזט צו אירע ערשטע קינדער, האָט זי אים געמאַכט אַזאַ ברוך־הבא: „דער טײװול האָט דיך געבראַכט אַהער?" [6]. טאָמאַס האָט געװאַנדערט אַלס „שיצע", װי מ'פלעגט דאַמאָלס רופן די יונגערע שילער, מיט נאָך חברים זײנגלײכן איבער גאַנץ דײטשלאַנד און װײטער, באַגלײט און

אונטער דער השגחה פון זיין פעטער פוילוס זומערמאטער, א „באכאנט“.
ער איז געווען אין נייסען, ניורענבערג, נוימבורג, איז געצויגן דורך דעם טירינגערוואלד, דורך פראנקענלאנד און פוילן. א קליין שטיקל צייט האט ער געלערנט אין א שולע אין האלע, נאכדעם אין דרעזדען, דערנאך אין ברעסלוי, נאכדעם איז ער געגאנגען קיין אולם, מיונכען, שטראסבורג, שלעט־שטאט און ציריך. די „שיצן“ פלעגן מוזן שפייזן זיך און זייערע באשיצער די באכאנטן פון בעטלען און גנבענען. אמאל האט מען אפגעצויגן א גאנז, אמאל קרויט און ריבן פון די פעלדער. און נאך אלעמען האבן זיי אפט געהונגערט. טעגלאנג האט מען זיך געשפייזט מיט רויהע ציבעלעס, חזירשע ניס, ווילדע עפל און בארן און מ׳האט גענעכטיגט אויפן גאס. אבער אפטמאל איז דא דאך בעסער געווען צו שלאפן, איידער אין די שלאפצימער פאר פרעמדע קינדער אין די שולן, אין דרעזדען, למשל, זיינען זיי אזוי פול געווען מיט לייז, אז די שילער „האבן זיי געהערט ביינאכט שארכען אין שטרוי“ [7].

פון זיין אויפהאלטן אין ברעסלוי דערציילט פלאטער: „עס האבן זיך איינמאל פארזאמלט אין שטאט, ווי מ׳זאגט, עטליכע טויזנט באכאנטן און שיצן, וואס אלע האבן זיי זיך גענערט פון בעטלען“ [8]. „די שילער און באכאנטן בעת זיי זיינען צייטנווייז געווען א סך צוזאמען, זיינען געווען אזוי פאר־לייזיגט, אז ס׳איז ניט צו גלויבן. ווי אפט מ׳האט דאס געוואלט, האב איך געקאנט ארויסנעמען פונם בוזעם צו דריי לייז מיט א מאל. אפטמאל, דער־הויפט זומער, פלעג איך גיין צום טייך אָדער, וואס פליסט דא, פלעג אויסוואשן מיין העמד, אויפהענגען טרוקענען, דערווייל פלעג איך אויסלויזן מיין ראקל, מאכן א גריבל, ארייננווארפן א הויפן לייז, צודעקן מיט ערד און שטעלן דערויף א צלם. ווינטער ליגן די שיצן אויף דער ערד אין דער שול, די באכאנטן אבער — אין די קעמערלאַך, וואס אין דער שולע סט. עליזאבעט זיינען אזוינע געווען עטליכע הונדערט. זומער, ווען ס׳איז געווען הייס, זיינען מיר געלעגן אויף דעם בית־עולם, פלעגן צונויפטראגן דאס גראז, וואס שבת שפרייט מען אויס פאר די הייזער אין די הארן־גאסן, עטליכע אונזערע פלעגן דאס צונויפטראגן צוזאמען אויף איין ערטל אויף דעם בית־עולם, און זיינען געלעגן אין דעם, ווי א חזיר אין בלאטע“ [9]. אזא מערכה האבן געהאט די וואנדער־שילער, דאס איז געווען א לעבן פון נויט און עלנד, פון שמוץ און זארג, פון גראבקייט און אויסגעלאסנקייט, וואס נאר דער יוגנט האט מען דאס אלץ געקאנט מוחל זיין.

מיר האבן שוין אייניגע מאל אנגעוויזן, אז דאס אידישע לעבן האט בדרך כלל געשטימט מיט דעם קריסטליכן, נישט געקוקט אויף דער אידישער צייטווייליגער אפגעזונדערטקייט, וואס איז געקומען אמאל מיט זייער ווילן, אמאל איבער נויט. דאס אייגענע זעהען מיר אויך צו אין לעבן פון אידישע און קריסטליכע לערנינגען, ס׳וועלן זיך געפינען זעהר ווייניג שטריכן אין לעבן און האנדלען פון א קריסטליכן וואנדער־שילער, וואס מיר זאלן דאס ניט

צוזעהן ביי רבנים און לומדים זייער יוגנטצייט. די "בחורים" אזוי האט מען גערופן די ישיבה־בחורים, זיינען אין א סך פרטים ענליך צו די באכאנטן, קודם כל אין דעם חשק צו וואנדערן. דאס וואס בחורים האבן געצויגן נאך די ישיבות, איז ניט קיין נייעס. מיר וויסן פון פריהערדיגע צייטן, אז אין די ישיבות אין פראנקרייך און אין רהיין־לאנד פלעגן אנקומען תלמידים פון די ווייטסטע געגנטן. ניי איז איצט די ניט געזעצטקייט, דאס ארומלויפן אהין און אהער איבער די גרויסע וועגן, דאס לעבן אין וואנדערשאפט, וואס האט פאר זיך קיין זין און קיין צוועק ניט געהאט, קיין לערנצוועק אודאי ניט. אין דעם פרט האבן די בחורים געלעבט אזוי ווי די באכאנטן. ווען מהרי״ל איז געגאנגען פון מאינץ קיין ווין, איז קאן מען דאס נאך פארשטיין, מיר האבן שוין געזעהן, אז ווין איז דאמאלס געווען דאס מקום־תורה, אבער וואס האט אים געצויגן קיין ווענעציע [10], קיין ווערא‏נע? געשעפטלייט פלעגן אפט פארן קיין איטאליע, — אין א באשרייבונג פון פראגער אידן דאס יאר 1546 רעדט זיך פון א סך אידן, אפילו פון קינדער, וואס פארן קיין ווענעציע [11], אבער מהרי״ל איז ניט געווען קיין געשעפטמאן. דער מחבר פון "לקט יושר", וואס מיר האבן אים א סך מאל דערמאנט, איז א געבוירענער פון הויזשטעטען [12], נעבן אויגסבורג. דא אין אויגסבורג האט ער אנגעהויבן צו לערנען ביי מהר״י ווייל, אכט יאר דורכאנאנד האט ער נאכדעם פארבראכט ביי מהר״י איסרלין אין ניישטאט. נאכדעם זעהען מיר אים אין רהיין־געגנט, אין מעסטרע (Mestre) [13], אין פאדוא און אין קרעמאנע. ער אליין דערציילט, אז ניט דאס לערנען האט אים געטריבן צו וואנדערן, פאר זיין אנקומען קיין קרעמאנע "איז ער געווען נע ונד א האלב יאר און איז קראנק געווארן אויף היציג־פיבער" [14]. מ׳מוז נאך אבער געדענקען, אז אידישע וואנדער־בחורים זיינען אפט געווען באוויבטע. מהרי״ל האט חתונה געהאט אין ווערא‏נע, ער האט געלאזט זיין ווייב א מעוברתע אין עסטרייך און האט זיך געלאזט וואנדערן צו "שעפן לעבנסוואסער" (לערנען תורה) [15]. מהר״י איסרלינס תלמיד (דער מחבר פון "לקט יושר") פלעגט אויך שוין א באוויבטער וואנדערן איבער די ישיבות. אפילו ביי לומדים, וואס האבן שוין געהאט א נאמען און דערלאנגט צו רבנות, באמערקט זיך אויך דער זעלבער אומרוה, און דערפון איז שוין צו פארשטיין ר׳ שלום׳ס א ווארט "א מענש זאל שטענדיג וואוינען דארט, וואו זיינע עלטערן, ווען ניט דאס, וואלט איך שוין געווען א סך מאל אפגעפארן פון ניישטאט" [16]. מהר״ם מינץ, מ׳קאן דאס באווייזן, איז געווען רב ווייניגסטנס אין זיבן ערטער, מהר״י ווייל — ווייניגסטנס אין דריי ערטער. מהר״י איסרלין, שוין זייענדיג רב, "איז פיל מאל געפארן פון מארבורג קיין ניישטאט און פון ניישטאט קיין מארבורג". ער פלעגט פארן אפילו ביינאכט אדער פארטאג, זיינע תלמידים פלעגט דאס זעהר וואונדערן, ווארום די גמרא ראט ניט צו פארן ביינאכט, און דער וועג צווישן מארבורג און ניישטאט, וואס היינטיגע צייט פארט מען אפילו מיטן שנעל־צוג 5—6 שעה,

איז געווען שטארק אומזיכער איבער די גריבער, בערג און רויבער" [17].

פאר רויבער האט מען יענע צייטן געוויס באדארפט געהיט זיין, און דאס וואנדערן פון די בחורים איז גאר ניט געווען קיין שפאציר. אין די שריפטן פון יענער צייט רעדט זיך שטענדיג פון דער „סכנה אויף די וועגן" [18]. ר' יהודה'ן בר' אשר (רא"ש) זיינען אויפן וועג צווישן דייטשלאנד און טאלעדא באפאלן רויבער, וואס האבן אים געוואלט אומברייגנגען [19]. אפילו ביי א דין־תורה האט מען זיך גערעכנט מיט דער דאזיגער סכנה. מהר"י איסרלין באפרייט איינעם פון דער רייזע קיין ברעסלוי, וואס דער דארטיגער רב רופט אים אהין, ווייל לויט עדות פון ערליכע באגלויבטע מענשן, איז די רייזע אהין געפערליך, און יענער ריזיקירט געהרגעט צו ווערן, אדער געפאנגען אדער בארויבט צו ווערן [20]. מהר"ם מינץ זאגט: „היינטיגע צייט זיינען די וועגן אומזיכער און ס'איז א געפאר פארן לעבן און פארמעגן" [21]. מהר"י קולון באמערקט, ער האט געהערט, אז אין דייטשלאנד איז אין די מייסטע ערטער א גרויס געפאר ארויסצוגיין אפילו פון דעם שטאטמויער ארויס. דאס רייזן קאסט טייער און דאך איז מען ניט זיכער מיטן לעבן און פארמעגן [22]. פון טאמאס פלאטערס רייד קאן מען ארויסזעהן, אז די דאזיגע ידיעות זיינען ניט קיין גוזמא, נאכדעם ווי ער און זיינע חברים האבן אמאל איבערגענעכטיגט א נאכט אין א דארף ביי נוימבורג, האבן זיך די לייט אין דער סביבה געוואונדערט, וואס זיי זיינען ארויס לעבעדיגע, „ווארום כמעט דאס גאנצע דערפל איז חשוד אויף מערדעריי" [23]. ווייטער דער־ציילט ער: „מיר זיינען נאך חוץ דעם מאל אפט געווען אין געפאר איבער די ריטער און מערדער, ווי למשל, אין טיורינגערוואלד, אין פראנקענלאנד און אין פוילן" [24].

דאס וואנדערלעבן פון די ישיבה־בחורים דערקלערט אונז, פארוואס די רבנים יענע צייט פאררופן זיך אזוי אפט אויף זייער רייזעפראקטיק. מהר"י ווייל זאגט: „אין אלע ערטער, וואס איך בין דורכגעפארן האב איך ניט גע־זעהן, ניט געהערט, אז א תלמיד־חכם זאל זיך אנווארפן צו פסקענען קעגן דעם ווילן פון די צדדים" [25]. מהרי"ל שרייבט: „אין אלע ערטער, וואס איך בין דורכגעפארן, "האב איך געזעהן אזא מנהג" [26]. אזא אויסדרוק טרעפט זיך ביי זיי גאנץ אפט [27]. ס'איז איבעריג צו באווייזן, אז, ביי דער לאגע פון אידן אין מיטלאלטער, האבן אידישע וואנדער־בחורים געהאט אויסצושטיין נאך מער נויט איידער די קריסטליכע וואנדער־שילער. דערצו דארף מען נאך געדענקען, ווי שווער ס'איז זיי געווען צו שפייזן זיך ביי די אידישע דינים פון כשר און טרף. פארשטייט זיך, אז אויף אזא לאנגער שטרעקע, ווי פון דעם רהיין ביז ווין, אדער פון צפון־דייטשלאנד ביז איטאליע, פלעגן זיי זיך מוזן נערן פון בעטלען, אזוי ווי טאמאס פלאטער, און פלעגן מוזן נאך אפטער פאר אים נעמען פאר ליב „געזאלצענע ציבעלעס און ווילדע עפל און בארלאך". ווארום טויטן מיט שטיינער א גאנז און זי צו'גנבענען, ווי פלאטער האט עס

געטאן, האבן זיי ניט געקאנט: זיי האבן זי אלצאיינס ניט געטארט עסן. חוץ דעם וואלט מען זיי, אידישע יונגעלייט, דאס ניט געשענקט, מ׳וואלט זיי ניט געגלויבט, אזוי ווי מ׳האט געגלויבט פלאטערן; באשר „ער האט געמיינט, אזוי פירט זיך דא״.

גנבענען פלעגן בחורים אויך, אבער ניט קיין עופות און עסנווארג, ווי די באכאנטן און שיצן, ווייניגסטנס געפינען מיר וועגן דעם גארניט. גנבענען פלעגן זיי גייסטיגע נאשעריי. די מעשה איז אזוי: ביי דעם מאנגל אין האנטשריפטן און אפילו אין ספרים די ערשטע צייט, ווי ס׳איז אויפגעקומען די בוכדרוקעריי, פלעגן די בחורים מוזן א סך שרייבן, הן צו פארצייכענען דעם שעור, וואס זיי האבן געהערט, הן צו האבן ביי דער האנט די נויטיגע ספרים. טאמאס פלאטער באמערקט וועגן דעם צו זיין צייט: „דעסגלייכן האט קיינער נאך ניט געהאט קיין געדרוקטע ביכער, נאר דער לערער אליין האט געהאט א געדרוקטן Terentium (א שול־בוך אין מיטלאלטער); וואס מ׳האט געלייענט, האט מען געמוזט פארשרייבן, נאכדעם פארגלייכן, נאכדעם אויסבעסערן, צולעצט אויסטייטשן, די באכאנטן האבן געהאט צו טראגן גאנצע פעק ביים אוועקגיין אהיים״ [28]. אידישע לומדים האט אויך פונקט אזוי אויסגעפעלט ספרים [29]. אין א בריף צו זיינעם א תלמיד יהודה אבערניקי, רב אין מעסטרע, שרייבט מהר״י איסרלין, אז מסתמא האט ער ניט [30] די מסכתא „מועד קטן״ [31]. ער אליין, זעהט אויס, האט אויך ניט געהאט קיין גרויסע ביבליאטעק און האט געמוזט אנקומען צו זיין שוואגער און לייהען ספרים ביי א סך בעלי־בתים [32]. ער דערמאנט ניט קיינמאל אזוינע ספרים, ווי „ס׳ המאור״, אדער „ס׳ העיטור״ און אנדערע ספרים פון שפאניש־אידישע חכמים, אדער ער קען זיי פון ציטאטן ביי אנדערע מחברים [33]. אין ניישטאט איז ניט געווען צו געפינען דעם ספר „אור זרוע״, אין מארבורג איז געווען ניט קיין פול־שטענדיגער עקזעמפלאר [34]. אין רהיין־געגנט איז ביים מהרי״לס פאטערס לעבן ניט געווען צו באקומען ר׳ אשר׳ס (רא״ש) ספר [35]. אקעגן איז געווען דער „ס׳ המרדכי״ אין פארשיידענע ניט־גלייכע רעדאקציעס [36]. איבער דעם ביכער־הונגער איז מהר״י איסרלין געווען זעהר אויפגעבראכט אויף אזוינע, וואס האבן ניט געוואלט לייהען קיין ספרים די בחורים. איינעם אזוינעם, וואס האט זיך פארשולדיגט אין דעם פרט, האט ער פארווארפט קומען צו זיין שעור. מהר״י קולון קלאגט זיך אפט אויף דעם מאנגל אין ספרים. ס׳האט זיך גע־טראפן, אז ער האט ניט געהאט צו דער האנט, ניט ר׳ זרחיה הלויס „ס׳ המאור״, ניט מהר״ם רוטנבורגס שאלות־ותשובות [37]. אן אנדערס מאל האט אים געפעלט א ספר מיט נוסחאות פון גטין, וואס זיינען געשריבן געווארן אין ר׳ יחיאל׳ס בית־דין אין פאריז [38]. ווידער אן אנדערס מאל האט ער ניט געהאט ר׳ אברהם בר׳ דוד׳ס (ראב״ד) א ספר און דעם רשב״א׳ס (ר׳ שלמה בן אדרת) „תורת הבית״, ס׳קומט ביי אים אויס, ווי „ער וואלט געלאגערט אויף דעם פעלד, וואו קיין ספרים זיינען ניט פאראן״ [39]. איין צייט האט ער

ניט געהאט צו דער האנט רשב״אס ״תשובות״ [40]). ניט אלע מאל איז די ביכערנויט גלייך געווען, אפט מאל האט עס זיך געווענדט אין פערזענליכע פארהעלטענישן, אבער אלע מאל האבן ספרים געקאסט זעהר טייער [41]). די בחורים האבן זיך געוויינליך ניט געקאנט פארשאפן אפילו די נויטיגסטע ספרים, און א סך זייערע פלעגן בלייבן זיצן ביים רבין איבער דער נאכט ארייננצוקוקן אין א ספר [42]). דערפון נעמט זיך, וואס די אידישע בחורים פלעגן אויפשרייבן גאנצע פעק, פונקט אזוי ווי די קריסטליכע וואנדערשילער. אזא זאמלונג האט געוויינטליך געהייסן ״קובץ״. דא איז געווען געזאמלט שטיקער פון מאנוסקריפטן, דער געהערטער שעור, שו״ת פון אנגעזעהענע רבנים, באמערקונגען, געהערט ביי א געלעגנהייט, און אייגענע חדושים. מהר״י איסרלין פאררופט זיך אין א בריף אויף איין אזא ״קובץ״, וואס ער האט געזעהן, ער דערמאנט אויך, וואס דער אדרעסאט האט לויט זיין אייגענער מיטטיילונג געזעהן אין א ״קובץ״ אין טרעוויזא [43]). דער חבור ״לקט יושר״, וואס איז דא אפט דערמאנט געווארן, איז אייגנטליך אויך א ״קובץ״, און דא ווערן דערמאנט ענליכע זאמלהעפטן, וואס חברים און אנדערע האבן געהאט, למשל, א ״קובץ״ פון מהר״ם מינץ [44]), וואס דארט איז געווען ידיעות פון און וועגן מהר״י איסרלין. די דאזיגע זאמלהעפטן האבן געהייסן ״ליקוטים״ אויך אזוי הייסט ביי דעם מחבר פון ״לקט יושר״ מהר״ם מינצס זאמלהעפט [45]), אויך ענליכע זאמלונגען פון יודא אבערניק [46]) און פנחס פאזען [47]),ביידע מהר״י איסרלינס תלמידים (ער האט גענוצט די דאזיגע זאמלונגען), זיין אייגענער חבור הייסט ביי אים אויך אזוי (לקט יושר) [48]). דא קומען מיר צו די בחורים׳ס גנבה: זיי פלעגן אויסגעבן פאר זייערס דאס, וואס זיי האבן געהערט ביי זייערע לערער און פארשריבן ביי זיך אין די זאמלהעפטן, ד.ה., זיי פלעגן באגיין פלאגיאט, אדער זיי פלעגן זיך צונעמען אזוינע חבורים, וואס מ׳האט זיי געגעבן איבערשרייבן (די בחורים פלעגן געוויינטליך זיין איבערשרייבער). דער מחבר פון ״לקט יושר״, ווען ער דערמאנט די זאמלונג פון יודא אבערניק, וואס ער האט גענוצט, זאגט א סך מאל, אז אבערניק האט איבערגעשריבן א סך זאכן, ״וואס מ׳האט געגנבעט ביים גאון מהר״י איסרלין״ [49]). די דאזיגע גנבה, פארשטייט זיך, זיינען באגאנגען ישיבה־בחורים.

איצט וועלן מיר זיך ווענדן צו די ישיבות גופא.

די העכערע תלמוד־שול, אדער אקאדעמיע, הייסט פון לאנג אן: ישיבה [50]). אין גרעסערע קהלות זיינען געווען צו עטליכע ישיבות, ווי מיר האבן דאס שוין דערמאנט, ס׳קומט א למדן, באזעצט זיך אויף אן ארט און מאכט א ישיבה, אין די ישיבות, ווייניגסטנס אין דייטשלאנד, האט מען גע־לערנט כמעט נאר גמרא און פוסקים. ״לערנען״ סתם — הייסט לערנען גמרא, אלצאיינס, צי מיינט מען דערמיט דעם רבין אדער דעם תלמיד [51]). דרך אגב פלעגט מען זיך אומקוקן אויף חומש אויך, און ניט אזוי פיל אויפן חומש, ווי אויף די עלטערע גרויסע תורה־מפרשים. מהר״י איסרלין האט

געמאכט א פירוש אויף רש״י. דא ברײנגט ער אפט דערקלערונגען פון זײן פעטער און רבין, ר׳ אהרון — מיגליך, אז ער האט דאס גענומען פון ר׳ אהרונס שעורי, וואס ער האט געהערט בײ אים אויף תורה. דערקלערן דעם ביבלטעקסט לויט גראמאטישע כללים, דאס איז ניט געווען אנגענומען אין די ישיבות, אזוי דערצײלט ר׳ יהודא בר׳ אשר, ער באדויערט, וואס ער האט ניט געקאנט לערנען מיט זײנע קינדער, ווײל אין דער יוגנט האט ער אלײן ניט געלערנט. ווארום אין דײטשלאנד פלעגט מען ניט לערנען תנ״ך מיט דקדוק [52]. דאס אײנגרעניצן נאר אין דעם תלמוד אלײן האט דאך ניט געמאכט די בחורים אזוי אײנזײטיג, ווי מ׳וואלט געקאנט מײנען, און האט זײ ניט פארפרעמדט פון דעם לעבן אזוי װײט, ווי דאס איז געשען שפעטער אין די ישיבות ביז דער לעצטער צײט. אין תלמוד געפינט מען פארשײדענע זאכן, ער דרינגט ארײן אין פארשײדענע לעבנספארהעלטענישן, און דאס גיט זיך צו וויסן בײ די לערנער. דעריבער געפינען מיר אין די חבורים פון יענער צײט אײנצעלנע נאטיצן וועגן געשיכטע, נאטור־וויסן און אנדערע זאכן; די דאזיגע נאטיצן דארף מען געוויינטליך באטראכטן פון דעם צושטאנד פון דער וויסנשאפט צו יענער צײט. דער זאמלער פון די „מנהגים״ למשל, זאגט אין ר׳ שלום׳ס (פון נײשטאט) נאמען, ער האט די טראדיציע, אז די ווענדען שטאמען פון די מצרים (עגיפטער), אויף זײ איז געזאגט געווארן (יחזקאל, י״ז, כ״ד): זײ זײנען „א געפאלענע ממשלה״. זײ האבן ניט קײן הארי, ניט קײן „פריץ״, נאר אלע זײנען זײ דארפסלײט״ [53]. ער זאגט אויך: ווײל מען אויספרובן עסיגי, ווי שטארק ער איז, גיסט מען אפּ א ביסל אויף דער ערד, דארף ער אויפבלאזן, „שקורין וואלין״ (aufwallen) [54]. אזוינע און אנדערע זאכן, וואס מיר וועלן נאך דערפון רײדן, ווערן דערמאנט בײ דער געלעגנהײט בײם לערנען. דערמאנען מיר זיך, ווי ווײניג מ׳האט בכלל דאמאלס געוואוסט, איז מוז מען מודה זײן, אז דער תלמוד האט אויף זײן שטײגער געמאכט די לערנער פאר מענשן. יעדנפאל איז אלץ, א חוץ תלמוד, ווי למשל, רעכענען, דקדוק, אידישע פילאזאפיע, האבן די בחורים געמוזט לערנען פאר זיך, אויסער דער ישיבה. ביכער ניט אויף לשון־קודש אדער ניט מיט אידישע אותיות געשריבן, וואס אין זײ האט זיך געהאנדלט פון וועלטליכע וויסנשאפטן, זײנען געווען פסול [55]. בײ מהר״י איסרלין הײסט דאס „זײערע״ ד. ה. קריסטליכע ביכער, דאס איז געמײנט: יורידישע, מעדיצינישע, אסטראנאמישע, אריפמעטישע, מוזיקאלישע ביכער [56]. מהרי״ל האט אפילו קעגן אזוינע שירים אויף דײטש (אידיש), ווי שירים וועגן דער געטליכער אײנהײט און וועגן די 13 עיקרים. אבער ניט די שפראך מײנט ער דא, נאר דעם אינהאלט. „דאס רוב עמי־הארצים מײנען, אז זײ זײנען יוצא, ווען זײ זאגן די דאזיגע שירים מיט כונה, אבער אין די דאזיגע שירים שטײט נאר דער עיקר פון דער אידישער אמונה, און קײן אײנע ניט פון די תרי״ג מצוות״ [57]. יעדנפאל זעהען מיר דערפון, אז שוין דאמאלס זײנען געווען אידיש־רעליגיעזע

שירים אויף דייטש (אידיש), און אז דאס פאלק האט זיי געשעצט און גע־לייענט. אזוינע שירים זיינען געוויינטליך געשריבן געווען מיט אידישע אותיות, אבער ס'איז קלאר, אז רבנים און געשעפטלייט האבן געקאנט לייענען און שרייבן דייטש. יא, מ'מעג אפילו זאגן, היות ווי געשעפטלייט זיינען געווען אלע אידן, מענער און פרויען, אז אידן האבן בערך א סך מער גע־קאנט לייענען און שרייבן דייטש, איידער זייערע קריסטליכע מיטבירגער[58]. דא מוזן מיר אויף א ווײַלע לאזן די ישיבות, כדי צו ווייזן, ווי שטארק אידן זיינען געווען באהאוונט אין דייטש.

ביז צו דער צייט פון רעפארמאציע איז די דייטשע שפראך כמעט ניט געווען קיין למוד פאר זיך. בילדונג האט געהייסן אויף לאטייניש. לאטייניש איז געווען חשוב ביי דייטשע קריסטן, אזוי ווי לשון קודש ביי דייטשע אידן. קריסטליכע שילער האבן געמוזט ריידן אויף לאטיין, און מיר וועלן ווייטער זעהן פון דעם „ספר־מדות״, אז אידן ראט מען געוויינען זייערע קינדער ריידן אויף לשון־קודש. אין פרייבורג אין קרייז ברייסגוי האט מען דאס יאר 1425 פארלאנגט, אז „א אינגל פון אכט יאר, וואס מ'וויל אים שיקן לערנען, זאל אים יעדער שיקן אין דער ר ע כ ט ע ר שול, ניט אין דער דייטשער לערע״[59]. נאך אין הונדערט יאר ארום, ד. ה. דאס יאר 1529, פאדערט דער לייפציגער שולרעקטאר יאהאן מוסלער, אז ווען מ'נעמט לערנען אינגלאך, „זאל מען זיי ניט לאזן פריהער גיין אין די דייטשע שולן צו לערנען לייענען און שרייבן״. „ווארום פון מיין פראקטיק און פון מיינע לערער ווייס איך, אז אזוינע, וואס האבן פריהער אנגעהויבן לערנען דייטש, זיינען נאכדעם געווען אומגעשיקט און אומפעהיג צו לאטיין און אנדערע שפראכן. דייטש זאל יעדער עם־הארץ קאנען פון זיך אליין מיט דער צייט, אז ער הויבט אן צו טרעפן זיך מיט מענשן״[60]. דאס איז דיזעלבע מיינונג, אז דייטש איז ניטא וואס צו קענען, וואס שפעטער האבן אידן אויך געהאלטן אזוי, דאמאלס אבער נאך ניט. דער חלוק איז נאר, וואס אקעגן דייטש איז ביי אידן געווען געהויבן לשון־קודש, און ביי די קריסטן—לאטיין. אין דעם רעגלאמענט פון דער סט. סטעפאן־שול אין ווין שטייט געשריבן, אז אין יעדן קלאס דארף זיין א באזונדער אויפזעהער (Custos), „ער זאל פארשרייבן די שילער, וואס ר י י ד ן ד י י ט ש ' א ד ע ר פ י ר ן ז י ך א נ ד ע ר ש ש ל ע כ ט א ו י ף״[61]. מיט אזוינע מיטלען האט מען געמיינט נויטן די שילער ריידן לאטיין. דייטשע שולן צו לערנען אכטיאריגע קינדער שרייבן און לייענען זיינען דאמאלס געווען נאר פריוואט־שולן[62]. ביי אזא גרינגשאצן די דייטשע שפראך איז, ראשית, פארשטענדליך, אז ס'האט זיך ניט געקאנט אויסארבעטן קיין פעסט אויסלייגן און אפילו קיין אויסשפראך. דאס אייגענע ווארט שרייבט מען אין די אורקונדן אמאל אזוי, אמאל אנדערש[63], אין פארשיידענע געגנטן איז די אויסשפראך אויך געווען פארשיידן[64]. שנית, האט אזא גרינגשאצן די דייטשע שפראך געבראכט דערצו, אז מ'האט די

שפראך בכלל ווייניג געלערנט, ווער ס'האט ניט געקאנט לייענען און שרייבן לאטיין, ד. ה. ווער ס'איז ניט געווען קיין שטודירטער, דער האט בכלל ניט געקאנט לייענען און שרייבן. די רעפארמאציע און געדרוקטע דייטשע ביבלאיבערזעצונגען האבן דערנעהענט צו דער דייטשער שפראך; דא זעהען מיר אויך א פאראלליך צווישן קריסטן און אידן, די ערשטע האבן געלערנט דייטש, די לעצטע האבן געלערנט לשון־קודש, כדי צו פארשטיין גאטס ווארט. איינער פון די ערשטע, וואס האבן באגרינדעט די דייטשע שפראך און אויסלייגן, וואלענטין איקעלזאמער פון ראטענבורג אויפן טייך טויבער, הויבט אן זיין „רעכטע וועג אין גיכן אויסצולערנען לייענען" מיט אזא באטראכטונג: „קאנען לייענען איז קיינמאל ניט געווען אזוי נוצליך, ווי איצט, ווארום יעדער לערנט, ער זאל אליין קאנען לייענען גאטס ווארט און אייניגע געלערנטע אויסטייטשער און זאל דאס בעסער פארשטיין" [65]. דעסגלייכן זאגט יאהאן קאלראש אין דער פאררעדע צו זיין Enchiridion: „ווייל גאט דעם אלמעכטיגן איז וואוילגעפעלן, אז די הייליגע שריפט (זיין געטליך ווארט) זאל צו ליכט קומען דורך א געדרוקטער זאך דעם פשוטן מענשן צו זיין הייל און טרייסט, וועלן ניט ווייניג מענשן נעמען שיקן אין דער דייטשער שול און לערנען זייערע קינדער, וואס טויגן ניט גאר צו דער ביבל אין די אלטע שפראכן, ווי העברעאיש, גריכיש אדער לאטייניש, אייניגע עלטערן גופא, אויך האנטווערקגעזעלן און יונגפרויען, וואס זיינען באהארצט פאר גאטס ווארט, וועלן זיך באמיהען צו לערנען שרייבן און לייענען דייטש, כדי נוצליך צו פארברייננגען די פרייע צייט, אויסער דער ארבעט, אין דער הייליגער שריפט" [66]. פון די דאזיגע ווערטער זעהען מיר, אז זינט אנהויב 16־טן יארהונדערט האבן זיך דייטשן ערנסט גענומען פאר דייטש, און דא זעהען מיר אויך, אז נאך דאמאלס זיינען געווען א סך „עלטערן, האנטווערקגעזעלן און יונגפרויען", וואס האבן ניט געקאנט לייענען און שרייבן דייטש. דער דערמאנטער איקעלזאמער באשטעטיגט דאס אויך אין זיין דייטשער גראמאטיק (Teütsche Grammatica): „ס'איז פשוט א וואונדער, ווי ווייניג מענשן לערנען און קענען [67] (דייטש). דאס אלץ זאל זיין א פאר־ריידע צו דעם, וואס מיר האבן צו זאגן וועגן דער באציהונג פון דייטשע אידן צו דער דייטשער שפראך.

קענען רעכטשרייבן דייטש איז ביי אידן געווען א מוז פון רעליגיעזע צוועקן וועגן [68]. לויט דעם אידישן דין האט מען געמוזט שרייבן א גט מיט דער גרעסטער גענויאיגקייט. היות ווי אידן האבן מייסטנס געהאט דייטשע פיר־נעמען און צונעמען, האט מען געמוזט האבן א פעסטע נארם, ווי אזוי איבער־צוגעבן אזוינע נעמען מיט העברעאישע אותיות, ווי אויך נעמען פון שטעט און טייכן. אין דעם פרט האבן מיר מהר"י איסרלינס א אינטערעסאנטע תשובה [69]: צופעליג רעדט זיך דארט פון איקעלזאמערס געבורטסשטאט: ראטענבורג אויף דעם טייך טויבער. דארט האט אויך געלעבט רבנו מאיר בר' ברוך, וואס

איז געשטארבן דאס יאר 1293. פון זיין צייט איז געבליבן א גט, וואס דער נאמען פון דער שטאט איז דארט געשריבן מיט צוויי נ׳. דער איצטיגער ראטענ־בורגער רב פרעגט אן ביי מהר״י איסרלין, ווי זאל ער שרייבן דעם נאמען פון דער שטאט: מיט איין נ׳ אדער מיט צוויי. מהר״י איסרלין ענטפערט, אז דאפלען איז איבעריג, און גיט צו מיט תלמודישע שארפקייט, אז ער ווייסט ניט, וואס פאר א נ׳ פון די ביידע מ׳דארף אויסמעקן, אפגעזעהן פון דעם לעצטן גמרא־אויפטו, האט איסרלין אויסגעצייכנט פארשטאנען דאס דייטשע אויסלייגן. יאָהאַן קאָלראָש האט דאס פעסטגעשטעלט בערך אין הונדערט יאר ארום, ער שרייבט: „צום ערשטן זאלסטו זיך היטן, זאלסט ניט דאפלען, סיידן מ׳מוז שוין דאס האבן, דאס הייסט, אויב דו קאנסט אנשרייבן עפיס מיט איין אות, זאלסטו ניט דאפלען, ווי מ׳טוט דאס אפט און מ׳שרייבט geben, uns, unser, und מיט צוויי „n„ gebenn, unns, unnsei, unnd: א, אזוי ווי דא איז גענוג איין n, ווייל מ׳הערט אים גאר ניט אזוי שטארק, וועט דיר אבער איינער זאגן: ס׳איז שענער פאר דעם געשריפטס ··· איז זאג אים, ער קאן נאך שרייבן מער (אלצאיינע אותיות), וועט דאס געשריפטס נאך שענער זיין״[70]. ניקאלאאוס פאן ווייל (Nicolaus von Wyle) זאגט אויך אזוי אין זיינע ארטאגראפישע כללים פון דעם יאר 1478: „זיי זאגן אבער, עס איז שענער און זעהט אויס בעסער: בעט איך זאלן זיי ענטפערן, פארוואס זאלן זיי ניט שרייבן דריי „n״ אדער צוויי „m״, וואלט דאס געשריפטס אויסגעזעהן נאך שענער״[71]. דערפון איז צו זעהן, אז דאס דאפלען האט מען געהאלטן פאר א באצירונג[72]. ווי אזוי אידן זיינען געווען אפגעהיט ביים איבערגעבן דייטשע נעמען מיט העברעאישע אותיות, קאן מען ארויסזעהן דערפון, וואס אין אורקונדן, געשריבן אין ראטענבורג דאס יאר 1353 און נאך שפעטער די יארן 1452 און אפילו 1520, שטייט דער נאמען פון דער שטאט מיט צוויי „n״[73]. בכן איז דער ראטענבורגער רב גע־רעכט געווען, וואס ער האט אנגעפרעגט ביי מהר״י איסרלין.

וויכטיגער איז אן אנדער פרט. דער ראטענבורגער רב פרעגט אויך אן, צי דארף מען שרייבן ראטענבורג מיט א ג׳ צום סוף אדער מיט א ק׳, ער איז סומך, אז אזא שרייבונג (מיט א ג׳) געפינט זיך אין דער „גלח׳שער שריפט״[74] אויף דעם שטאט־זיגל. דערויף ענטפערט איסרלין, געוויס איז די דאזיגע שרייבונג די ריכטיגע, דאס באווייזן „ווירצפור״ג, אויגשפור״ג, שטראשפור״ג, נורנבער״ג, רעגנשפור״ג, מרפור״ג״ (ווירצבורג, אויגסבורג, שטראסבורג, ניורענבערג, רעגענסבורג, מארבורג), די אלע שטעט שרייבט מען מיט א ג׳ צום סוף, און ס׳ווייזט מיר אויס, אז אין דער גלח׳שער שריפט שרייבט מען זיי אויך מיט א ג׳. פונדעסטוועגן שרייבן מיר די אלע שטעט, נאך מיין מיינונג נאך, מיט א ק׳, ווייל אזוי איז די אויסשפראך שארפער און ריינער, איידער מיט א ג׳. ס׳איז קיין וואונדער ניט, וואס איסרלין זאגט „ס׳ווייזט אים אויס״ (אז מ׳שרייבט די פריהער דערמאנטע שטעט מיט א ג׳) און ניט געוויס, ווארום אין איין־און־דערזעלבער זאמלונג אורקונדן געפינען מיר, למשל, לימבורג

געשריבן אזוי : ניורענבערג שרייבט מען : Nurenberc; Lempurc, Limpurch, Limpurg
Nurenberch,Nurenberg; ווייסענבורג שרייבט מען: WizinburcWizenburchWizenburg
[75]. הוגא פאן טרימבערג שרייבט זיין וואוינארט באמבערג: אמאל Babenberk, אמאל Babenberch; ראטענבורג געפינען מיר געשריבן דאס יאר 1353 Rottennburg, דאס יאר 1395 Rotenburk [76]. בכן האט קיינער ניט געקאנט זאגן געווים, ווי אזוי שרייבט מען א נאמען פון א שטאט אפילו פון א געבוירן־שטאט. אבער ס'איז כדאי צו באמערקן, אז א רב האט געוויזן ווי אויסצוריידן דעם ג' „די אויסשפראך זאל זיין שארפער און ריינער" פינפטהאלבן הונדערט יאר פריהער, איידער א פירער פון בערלינער הויפטטעאטער האט דאס געלערנט זיינע ארטיסטן [77]. ס'איז קלאר, אז דאס, וואס א רב איז אויסן געווען מיט א ק' פאר די נעמען מיט דעם קלאנג ג' אין אויסלויט, די אויסשפראך זאל זיין שארף און ריין, איז ניט גע־מיינט די מונדארטליכע אויסשפראך: Augsburch, Würzburch, נאר דאס שטימט מיט דער אויסשפראך, וואס פאדערט זיך פאר דעם טעאטער: Augsburk, Würzburk.
א. אז. וו. ס'איז גאר ניט געווען פון די גרינגע זאכן פעסטשטעלן די אויס־שפראך פון דעם קלאנג „g". זאגט דאך דער הומאניסט אווענטין Aventin (גע־שטארבן דאס יאר 1534): „די דריי אותיות c. g. ch. זיינען ענליך איינס צום אנדערן (אין דער אויסשפראך), מ'נוצט זיי פארשיידן אין די אויבערלענדער און אין די נידערלענדער: wech, weck, weg אדער Troch, Trog, Troc" [78]. מהר"ם מינץ שטעלט זיך אויף דערויף, ער פרעגט, ווי זאל ער שרייבן דעם נאמען זעליגמאן, ווארום אין די אויבערשטע געגנטן הערט מען זעליקמאן מיט א ק' און אין די אונטערשטע זעליכמאן מיט א כ' [79]. א באמבערגער רב האט, הייסט עס, כמעט 70 יאר פאר אווענטינען, באמערקט דעם חלוק אין דער אויסשפראך, אין אויבער־און אין נידער־דייטשלאנד.

ווי ווייט ס'איז געגאנגען ביי אידן און קריסטן די פארשונג פון דער אויסשפראך, און וואס פאר א ווירקונג דאס דייטשע און העברעאיש האבן גע־האט איינס אויף דעם אנדערן אין דעם פרט, דאס באווייזט אונז די באטראכ־טונג וועגן „h". אווענטין זאגט אזוי: „די אלטע דייטשן האבן אויסגערעדט דעם h אפט און דיק, הארט אויף דאס גרעבסטע, טיף פון האלז, כמעט ווי איצט ch, אדער דער אידישער הארטער h (א ה' מיט א מפיק). די פראנצויזן און לאטיינער האבן דעריבער גענומען פאר דעם דאזיגן קלאנג דאס אות ch, למשל, פון Hlodwe, דאס איז Ludwe, האבן זיי געמאכט „Chlodoueus" [80]. פון אווענטינס באמערקונג קומען מיר צו פארשטיין, וואס אין די העברעאישע חבורים פון יענער צייט ווערט געמאכט א חלוק פון די „בני הי"ת" (די, וואס ריידן מיט דעם ה') און די „בני חי"ת" (די, וואס ריידן מיט דעם ח'). מ'מוז אננעמען, אז דעם דאזיגן חלוק האבן דאמאלס אלע פארשטאנען, שפעטער אבער שוין נישט. ס'איז א ריכטיגע השערה [81], אז „בני הי"ת" און „בני חי"ת" מיינט מען אידן פון פארשיידענע געגנטן אין דייטשלאנד, איינע ריידן ארויס דעם ח', ווי דעם דייטשן h, די אנדערע ריידן אים ארויס „הארט און טיף פון האלז", ווי

אווענטין זאגט. מהרי״ל זאגט אויף אידן אין עסטרייך און אין דער סביבה, אז זיי זיינען די „בני חי״ת״, זיינע לאנדסלייט אבער זיינען ״בני הי״ת״ [82]. אן אנדערס מאל דערמאנט ער וועגן א מנהג ביי די ״בני הי״ת״ [83], דאס מיינט ער אידן אין רהיין־געגנט, און אזוי געפינען מיר אויך ביי מהר״י איסרלין און ביי זיין תלמיד, דעם מחבר פון ״לקט יושר״. איסרלין האט אמאל געזאגט דעם תלמיד: „דו דארפסט ניט אויסריידן דעם ח׳, כאטש ביי אונז איז דער מנהג אזוי״ [84]. דער תלמיד זאגט וועגן די רבנים, וואס פאר איסרלינען, אז זיי זיינען געווען ״בני־חי״ת״, אנדערש זיינען די רבנים אין רהיין־געגנט [85]. איסרלין זאגט אויסדריקליך, אז אין רהיין־געגנט רעדט מען ארויס דעם ח׳ ווי דעם ה׳ [86]. ווי ס׳זעהט אויס, האט מען יענע צייט שטארק אכ־טונג געגעבן אויף דער אויסשפראך, פריהער ניט אזוי. מהרי״ל זאגט, אז רעגענסבורגער אידן האבן א ריינערע אויסשפראך, איידער די עסטרייכער [87], און ווי עס שיינט, רעדט זיך דא פון דער דייטשער אויסשפראך. די פאר־שיידענע אויסשפראך פון העברעאישע אותיות האט א שייכות צו דייטש אויך. מ׳האט זיך געווענדט צו איסרלינען מיט א שאלה, ווי אזוי זאל מען שרייבן אזוינע נעמען, ווי מיכל וכדומה [88] אין עסטרייך און אין אנדערע פראווינצן, וואס דארט הערט זיך דער ח׳ ווי א ווייכער כ׳, צי זאל מען שרייבן מיט א ח׳ אדער מיט א ווייכן כ׳. ער פסק׳עט, אז מ׳דארף שרייבן מיט א כ׳ (מיכל), כאטש ווען מ׳זאל שרייבן מיט א ח׳, וואלט זיך דאס גרינגער גע־לייענט, איידער מיט א כ׳. ווארום א כ׳ דארף מען שרייבן א ווייכן, מ׳זאל דאס ניט פארבייטן מיט א הארטן „כּ״, און ביי קיין ח׳ איז קיין חילוק ניט. פונדעסטוועגן דארף מען שרייבן מיט א כ׳, ווארום אויב מיר וועלן שרייבן מיט א ח׳, וועלן אידן אין רהיין־געגנט לייענען דעם ח׳ ווי דעם ה׳. ער האלט אויך, אז ״קירפך״ (Kehrbach) ביי ניישטאט דארף מען שרייבן מיט א ך׳, ווייל צום סוף ווארט איז דער ״ך״ שטענדיג ווייך, און קיין טעות קאן שוין דא ניט זיין. אן ענליכע פארשונג געפינען מיר ביי מהר״ם מינץ אויך [89]. עס האנדלט זיך דערפון, ווי אזוי דארף מען שרייבן דעם נאמען ״רעכלין״ (גענומען פון רעכא), אקעגן דעם העברעאישן נאמען רחל. דער נאמען רעכלין שטאמט פון זאקסן, דארט הערט זיך דער ח׳ אזוי ווי א ווייכער כ׳, אין בייערן האט זיך דער נאמען אויך אזוי איינגעווארצלט. ער פסק׳עט, אז מ׳דארף שרייבן מיט א כ׳.

מהר״ם מינץ שטעלט זיך אויך אויף דעם חילוף פון „ב״ און „פ״ [90]. עס האנדלט זיך וועגן דעם פרויענגאמען „בריכה״ (ברעכע — פון דייטשן: (Bertha, Berchtha, Perchtha). ער זאגט: „ווייס, אז אין זאקסן איז אלע פרויען, וואס זיי הייסן אזוי, ריידן מיט א שווער מויל, זיי ריידן אויס דעם ערשטן „ב״ אזוי ווי א „פ״—פריכ״א (פרעכא), איצט פרעגט זיך, ווי אזוי זאל מען שרייבן דעם דאזיגן נאמען אין בייערן?״ דאס אייגענע געפינען מיר אויך ביי אווענטינען: „P h. P. B. ווערן אפט פארביטן איינס אויף דאס

אנדערע, אזוי ווי ביי די גריכן. איינינע שרייבן אזוי, אז מ׳קאן לייענען, ווי מ׳וויל: b אדער p. די זאקסן האבן שטענדיג p דארט, וואו מיר שרייבן ph, למשל, ״pherd—perd, bard—pard, וועגן p זאגט ער: ״ס׳איז גאר א קליינער חלוק פון b, מ׳שרייבט איינס פאר דאס אנדערע״ [91]. זאקסן מיינט ער דא געוויינטליך נידער־זאקסן, נידער־דייטשלאנד. מינץ האלט, אז אין בייערן דארף מען אויך שרייבן ״בריכה״ מיט א ב׳, ווייל ער מיינט, אז דאס שטאמט פון דעם העברעאישן ״ברכה״. אויף אזא אפשטאמען ווערטער דארף מען זיך ניט וואונדערן, ווארום דאמאלס, און דערהויפט זינט מ׳האט גענומען שטודירן העברעאיש, פלעגט מען אפט זוכן העברעאישע שרשים אין דייטשע ווערטער, ווי מיר געפינען דאס ביי אווענטינען [92]. ער אליין האלט, אז דאס דייטשע ווארט ״בעריכט״ (Bericht) איז דאס אייגענע ווי דאס העברעאישע ״ברית״ [93].

מיר וועלן דא נאך ברייגגען איסרלינס א באמערקונג, ווי אזוי שרייבט מען די שטאט ״קרימז״ (Krems). ער זאגט: אמאל פלעגט מען שרייבן דאס ווארט מיט א ש׳ צום סוף (קרימש), ניט מיט קיין ס׳, כאטש מ׳קאן דאס לייענען ווי א ש׳ מיט א פינטעלע אויף רעכטס (sch). מעגליך, אז אזוי פלעגט מען טאקי אויסריידן (מיט א sch), איצט ריידן אלע אויס: ״קרימז״. ״ווער ס׳הערט זיך צו צו דער אויסשפראך פון די דארפסלייט אין עסטרייך, וועט באמערקן, אז דער ״ז״ און דער ״ש״ מיטן פינטעלע אויף רעכטס (sch) פאר־בייטן זיך ביי זיי לויט זייער דיקער [94] דייטשער אויסשפראך״ [95]. דאס, וואס ביי איסרלין הייסט „דיק ריידן״, הייסט ביי אווענטין ״גראברײדן״ [96]. ער באמערקט, אז דייטשן האבן צווייי S און צוויי Z ״אזוי ווי אידן״ [97]. דא זאל נאך בא־מערקט ווערן, אז איקעלזאמער גופא פארבייט דעם S אין זיין נאמען מיט Sch און שרייבט Ickelschamer [98]. אידן זיינען געווען אין דעם פרט מער אויס־געהאלטן. די שטאט שפייער פלעגן זיי תמיד שרייבן ״שפירא״, און בעת מיר געפינען אין א אורקונד פון יאר 1333, שרייבט דער שטאט־שרייבער Spire, שרייבן אידישע פרנסים אויף דער אנדערער זייט פון דעם דאקומענט: Schpire [99]. בכן קאן מען זאגן, אז אידן האבן די געוויינטליכע דייטשע אויסשפראך געטרוי איבערגעגעבן מיט העברעאישע אותיות, דאס לאזט זיך אויך באווייזן פון אנדערע קוועלן [100].

די דאזיגע פארשונג לאזט זיך פירן נאך ברייטער און ס׳וואלט געווען מיטצוטיילן אינטערעסאנטע פרטים וועגן וואקאלן און דיפטאנגען אויך. אבער מיר זיינען שוין אזוי אויך צו ווייט אוועק פון דעם, וואס מיר האבן זיך אנגעמערקט. דאס, וואס ס׳איז דא געבראכט געווארן, איז גענוג צו באווייזן, אז כאטש דייטשע אידן האבן ניט געהאט קיין אייגנטליך דייטשע שולן, האבן זיי דאך זעהר גוט געקאנט לייענען און שרייבן דייטש, מער איידער קריסטן, אפילו אין פאנעטיש אויספארשן די דייטשע שפראך האבן זיי איבער־געיאגט קריסטן אויף א סך צענער יארן [101], אויב ניט גאר אויף גאנצע הונדערט

יאר׳ כאטש זיי האבן עס געטאן נאר פאר רעליגיעזע צוועקן. די אִידיש־דייטשע ביכער פון יענער צייט (פון זיי וועלן מיר נאך שפעטער ריידן) זיינען אויך אן עדות, ווי ווייט אידן זיינען געווען באהאוונט אין דייטש. ניט קיין קלענערער ווי יאהאן אַגריקאָלאַ באשטעטיגט דאס. ער זאגט: „אידן קענען די שפראך (לשון קודש), זיינען אליין מודה, אז די איבערזעצונג פון תנ״ך העלפט זיי צו פארשטיין תורה און נביאים־וכתובים א סך מער, איידער אלע זייערע פירושים און גלאסען״ [102]. מעג דאס זיין איבערגעטריבן, דאך באווייזט דאס, ווי אזוי אידן האבן געהאלטן פון דייטש, כאטש זיי האבן דייטש געהאלטן אזוי ווייניג פאר א מוז־למוד, אזוי ווי קריסטן.

אבער לאמיר זיך אומקערן צו די ישיבות און זעהן, ווי מ׳האט געלערנט גמרא יענע צייט. דער רב פלעגט זאגן א שעור מיט „פירוש און תוספות״ [103]. פרוש מיינט מען דערקלערן דעם פשט, אזוי ווי רש״יס פרוש, ניט צונויפגעפירט מיט פאסיגע שטעלן פון אנדערע מסכתות. תוספות — דאס איז שוין פארענטפערן קשיות, וואס שטאמען פון דעם עצם ענין אדער פון פארגלייך מיט געהעריגע שטעלן ערגיץ־אנדערש וואו. די דאזיגע צוויי מעטאדעס צו באהאנדלען דעם גמרא־שטאף (פשט און תוספות) זיינען געווען פארטיילט אין פארשיידענע צייטן, ס׳איז געווען „א צייט פון פרוש״ באזונדער און „א צייט פון תוספות״ באזונדער [104]. דערמיט איז אבער דעם רבס ארבעט ניט געווען גאר אפגעטאן, דערהויפט האט זיך געפאדערט פון אים, ער זאל מאכן „חידושים״ [105] (נייעס), און דערויף האט זיך געהאלטן זיין שם, ד. ה., ער האט באדארפט קאנען פרעגן קשיות און פארענטפערן, אויפווייזן סתירות און זיי אויסגלייכן. די בחורים ווידער האבן געמעגט אפפרעגן און זאגן אייגענע סברות, ווארום דאס לערנען איז געווען אייגנטליך א וכוח, ס׳האט געקאנט טרעפן, אז דער תלמיד זאל לערנען דעם רבין, ווי איינצוזעצן אן ענין, פונדעסטוועגן איז דעם רבס כבוד דערפון ניט געמינערט געווארן [106]. דער גרעסטער האנאר פאר א תלמיד־חכם איז געווען ארויסצוברייננגען וואס מער „חידושים״ און אויפטוען. ווער ס׳האט דאס ניט געקענט, איז געווען אפגעפרעגט ביי זיינע תלמידים. ר׳ שלום האט ניט געריסן קיין קריעה אויף איין רבין זיינעם, און אז מ׳האט אים געפרעגט, פארוואס, האט ער געענטפערט, ער האט פון דעם רבין קיין חידושים ניט געהערט [107]. די תלמידים פלעגן צעטראגן די הידושים איבער דער וועלט, ס׳פלעגט דערלאנגען אין די ישיבות. דארט פלעגט מען זיך מפלפל זיין איבער די חידושים, און דעם אויפטוערס נאמען איז געהויבן געווארן. איינער א תלמיד איז געקומען צו איסרלינען קיין ניישטאט און האט געבראכט מיט זיך א גאנץ העפט מהרי״לס „חידושים״ [108]. אפט פלעגן זיך רבנים ווענדן איינער צום אנדערן פרעגן אדער אפווענדן אזוינע חידושים, וואס זיי האבן געהערט פון די וואנדער־בחורים [109].

אויף צו זאגן א שעור (א לעקציע אין תלמוד) האט מען באדארפט פארמאגן צוויי מעלות: בקיאות (ערודיציע) און חריפות (שארפזין). ניט יעדער

רב האט פארמאגט ביידע מעלות מיט אמאל אדער אין א גלייכער מאס. אין דער גמרא איז שוין געפרעגט געווארן, וואס פון די ביידע איז גרעסער[110], און חכמים זיינען געבליבן ביי פארשיידענע מיינונגען. מיט דער צייט איז דער חשק צו הערן א „חידוש" אלץ גרעסער געווארן און דערמיט האט אויך די חריפות גענומען איבערוואויגן די בקיאות; בקיאות איז פארנאכלעסיגט געווארן. די הכמי־התוספות אין פראנקרייך האבן דערצו ניטווילנדיג אויך מיטגע־האלפן[111]. דאס לערנען האט גענומען ווערן א שפיל פון חידוש, פון שפיצ־שטיק און אויפטועז, וואס האט זיך ווייניג וואס געקימערט צו דערגיין דעם אמתן זין פון דער זאך. צו דער צייט, וואס מיר ריידן פון איר, האט שוין די דאזיגע שיטה געהאט שטארק אויסגענומען, ס׳האבן זיך שוין אויסגעביל־דעט אייגענע „געגג" (דרכים)[112], און פלפול־לייט האבן באוויזן שטיק, ווי די קונצנמאכער מאכן א סך קניפן און מיט איין ציה ווערן זיי אויס. מיר האבן זיך די גאנצע צייט באמיהט צו ווייזן, אז אידן האבן אלעמאל אפגעשפיגלט אין זיך די קולטור און לעבנסארט פון דער תקופה, געוויינטליך, אויף זייער אייגענעם שטייגער, און ווען מיר זעהען איצט די נייע שיטה אין לערנען, די שיטה פון פלפול און חריפות, דארפן מיר ניט פארגעסן אין ענליכע ערשיינונגען אין דער קריסטליכער וועלט: די „געגג" פון דעם דייטשן מייסטער־געזאנג, דעם באראקאסטיל אין ארכיטעקטור, די דאמאלסדיגע קליידערמאדע. דא ווי דארט האט געגאלטן דאס פיקאנטע, דאס מגוזמ׳דיגע און אומדער־ווארטערטע. גדולים האבן זיך שטארק געשטעלט קעגן דער פלפול־שיטה. מהר"י קולון קריגט קעגן מהר"י ברונא, וואס ער מיינט, אז א רב דארף געוואויגן ווערן לויט זיין מדרגה אין פלפול. מהר"י קולון מאכט א חלוק צווישן אזוינעם, וואס „האלט זיך אין דער גמרא ביים פשט הלכה אויפן וועג פון אמת און יושר", און אזוינעם, וואס קלייבט אויס „די געגג, וואס מ׳באגייט היינט אין תוספות". און ס׳איז אזוינעם אלצאיינס, „צי איז דאס אמת אדער ליגן". דער ערשטער איז אן אמתער רבי, דער תלמיד איז מחויב אים ערליך האלטן, ווארום „דאס איז זיין רבי, וואס האט אים געלערנט חכמה", אין דעם צווייטן „זעהט ער ניט קיין שום רבנות". מהר"י קולון לייקנט ניט גאר אין חריפות, ווארום ווען די תלמידים פרעגן קשיות, „וואס ס׳איז כדאי צו פרעגן", איז אזא פלפול גאנץ אנגעלעגט, אבער בקיאות איז וויכטיגער, דאס איז דער עיקר פאר רבנות[113]. מהר"י ווייל איז ניט אזא מתנגד פון פלפול, אבער מ׳קאן קיין פלפול ניט אנווענדן אין דער רבנישער פראק־טיק, ביי פסקענען שאלות. ער זאגט אזוי: „געוויס, ווען מיר זיינען זיך מפלפל, ווי למשל, ביי תוספות, דאמאלס געבן מיר זיך אפ מיט שארפשטיק, ווי דורכציהען א העלפאנט אין א שפאלט פון א נאדל, אבער פסקענען א דין אדער מתיר מאכן אן איסור קאן מען נאר מיט קלארע ראיות פון דעם פשט פון דער הלכה און ניט פון שפיצשטיק"[114]. דער מחבר פון דעם „ארחות צדיקים" באמערקט וועגן אזוינע פארדרייטע שטות אין לערנען:

„איידער אידן זיינען פארטריבן געווארן פון פראנקרייך (דאס יאר 1395), פלעגט מען לערנען כסדר, אזוי ווי די ראשונים, וואס זייער עיקר־לערנען איז געווען איינחזרן דעם תלמוד... אבער זייט אידן זיינען פארטריבן געווארן פון פראנקרייך, איז דאס לערנען שטארק קלענער געווארן, ווייל די דאזיגע לומדים מיינען נאכצוטון די אלטע און זיך האלטן ביי פלפול. זיי זיינען אבער גאר ניט גלייך צו די חכמים פון פראנקרייך, ווארום ביי יענע איז דאס הארץ גרויס געווען ווי א פאליי, און זיי זיינען געלעגן אין דער תורה יום־ולילה, דעריבער האבן זיי א סך דערלאנגט און געקענט מיט פלפול. אבער היינטיגע צייטן קען מען ניט אזוי, נאר מ'פארדרייט איינס דאס אנדערע, דער גרעסטער טייל טאג גייט אוועק אויף גארניט, דאס לערנען איז צופעליג און דאס ליידיגגיין איז א שטענדיגע זאך... צו דער צייט פון חכמי־התלמוד פלעגט מען לערנען צען יאר נאכאנאנד און מער אויך, און מ'האט שטארק געלערנט שטענדיג, אז ווען איינער פלעגט א ניס טון, פלעגט מען אים ניט זאגן: „צו געזונט", מ'זאל זיך ניט ארויסשלאגן פונם לערנען... אין פראנקרייך פלעגט מען אויך לערנען לאנג מיט גרויס התמדה, מענשן פלעגן זיצן אויף איין ארט דורכצוגיין גאנץ תלמוד און פלעגן שטענדיג איבערחזרן, די תורה האט זיך זיי ניט אפגעטאָן פון דעם מויל און זיי פלעגן זיך פירן ווי אמאל, אזוי ווי ס'שטייט ביי אונז: זאל א מענש פריהער לערנען, דערנאך זאל ער האבן זיין דעה. איצט איז דאס ניט אזוי, ווארום יעדער איינער וויל קענען תוספות און חדושים אויף חדושים איידער ער קען א צורת־גמרא, ווי אזוי זשע זאלן זיי באגליקן, אז זיי טוען פארקערט, ווי די גמרא הייסט?... יעצט אבער איבער דעם פיל לערנען און הערן, איז זיי דאס גאנצע לערנען געווארן א שווערע משא און זיי קאנען שוין ניט אריינקוקן אין א הלכה, דערווייל פארברייינגט מען אין לצנות און אין שפיל, מ'פארדרייט זיך און מ'בטלט... דאס רוב תלמידים זיינען אליין מודה, אז זיי לערנען ניט ווי ס'דארף צו זיין און זיי ווייסן, אז דער שניט פון דעם לערנען איז ניט ריכטיג, ווארום פון דעם וויץ־פלפול, וואס זיי זיינען אין דעם אריינגעטאָן, שלאגן זיי זיך גאר ארויס פון דעם לערנען און זיי באווייזן ניט צו קענען ניט קיין תורה, ניט קיין נביאים וכתובים, ניט קיין אגדה און מדרש און ניט קיין שום קענטעניש (חכמה)"[115], אבער די דאזיגע אלע ווארענישן האבן קיין פעולה ניט געהאט: דאס לערנען האט אלץ מער פארנומען אויף פלפול, און דער פלפול איז ארויף אויף א שווינדלדיגער הייך ממש.

און אזוי ווי תוספות האט פארנומען א גרויס אָרט אין דעם שעור און איז געווארן ביי לערנער אין די אויגן א טייל פון דער גמרא־גופא, אזוי האט מען אויך געשעצט און גענוצט די „נושאי־כלים" (די הילפער), אלערליי פרושים, הגהות, חדושים און תשובות, וואס זיינען נאר באקאנט געווען אין דייטשלאנד. די דערקלערונגען און פסקים פון דעם רמב"ם, אלפסי, רא"ש וכדומה האבן געגעבן שטאף פאר קשיות און תרוצים, ווידעראנאנדן און אויסגלייכן. אקעגן

אבער האבן די גדולים צווישן די רבנים זיך נאך ווייניג אפגעגעבן מיטן קאָמפענדיום „טורים" פון ר׳ יעקב בר׳ אשר׳ דאס איז נאך געווען ביי [116]. מהר"יל זאגט עדות, אז זיין רבי ר׳ שלום אין ניישטאט פלעגט ניט אפט ארייננקוקן אין „טורים" [117]. דער רש"ל (ר׳ שלמה לוריה) האט געהאט בקבלה, אז ווען איינער א תלמיד פלעגט אנווייזן ר׳ שלום׳ן, אז זיין א דעה איז סותר דעם טורים, פלעגט אים ר׳ שלום ענטפערן: „דו פרעגסט אפּ פון איין מאן אויפן אנדערן!" [118] רש"ל באמערקט דערצו: „ביי זיינע תלמידים אין די אויגן האט עס אויך אזוי אויסגעזעהן". מהר"י (ר׳ יהודה) מינץ דערציילט נאך פון זיין צייט (אנהויב 16־טן יארהונדערט), אז „ס׳זיינען פאראן רבנים, וואס ווילן גאר ניט ארייננקוקן אין טור אורח חיים, ווייל דאס איז א זאך צו לערנען פאר בעלי־בתים" [119]. מיר האבן אבער שוין געהאט באמערקט, אז מהרי"ל האט געהאלטן פון טורים (ער פלעגט אים מיטנעמען אין שול אריין). בכלל איז געווען אנגענומען, אז אין שטרייט־פראגן איז דער דין אזוי ווי די אחרונים (די שפּעטערדיגסטע אווטאריטעטן) פסקענען, ווייל די אחרונים האבן דאך געוואוסט, וואס די ראשונים האבן געזאגט. פון דעם דאזיגן כלל זיינען אבער געווען אויסנאמען אויך. מהרי"ל האט זיך אין זיינע פסקים געהאלטן אין „ספר האגודה", מעגליך דערפאר, וואס דער מחבר האט געשטאמט פון דעם רהיין־געגנט, אזוי ווי דער מהרי"ל, און האט מרביץ־תורה געווען אין פראנקפורט אם־מיין, נאהענט צו מאינץ, מהרי"לס געבוירן־ארט [120]. אין גאנץ נידערדייטשלאנד איז גרויס געווען דער אווטאריטעט פון ר׳ מנחם מערזעבורגער, און אלע זיינען נאכגעגאנגען זיין קאזואיסטיק („נמוקים"), ווי מיר האבן שוין פריהער דערמאנט. מהר"י ווייל האט געוואלט האבן, מ׳זאל זיך האלטן ביי דעם רא"ש׳ס פסקים, ער אליין אבער איז נאכגעגאנגען מהר"ם (ר׳ מאיר) ראטענבורג, ווייל ער האט געשטאמט פון דעם מהר"ם [121]. ר׳ שלום פון ניישטאט האט זיך געהאלטן ביי דעם „ספר חסידים", בעת מהר"י מינץ האט גאר ניט געהאלטן פון ר׳ יהודה החסידס (דער מחבר פון „ס׳ חסידים") צוואה [122]. אזוינע פערזענליכע נטיות און סימפאטיעס האבן געהאט די גרעסטע ווירקונג אויף רבנים, וואס פאר א געוויכט זיי האבן געלעגט אויף דעם אדער יענעם פוסק.

ווענן דעם סדר לערנען אין די ישיבות האבן מיר אזוינע ידיעות: מהרי"ל פלעגט דורכגיין דעם זומער־זמן צוויי מסכתות און צום סוף פלעגט ער מאכן חול־המועד־סוכות — א סיום. דאס אייגענע אויך דעם ווינטער־זמן, דעם סיום פלעגט ער דאמאלט מאכן חול־המועד־פסח אדער ל"ג בעומר [123]. ווען מ׳פלעגט אנהויבן א מסכתא, פלעגן קומען אין דער ישיבה בעלי־בתים אויך, דאס זעלבע אויך ביים סיום, כדי זיי זאלן האבן שכר גלייך, ווי זיי וואלטן געלערנט די גאנצע מסכתא. דער קהלה פלעגט מען צו־וויסן געבן, ווען מ׳האלט ביי פארענדיגן א מסכתא, און דער רב פלעגט אפּווארטן מיט דעם סיום ביז אלע וועלן צייט האבן צו קומען [124], דאס הייסט ביז חול־המועד. פון דעם גרויסן שעור, וואס מהרי"ל פלעגט זאגן, — צוויי מסכתות א זמן, — דארף מען פארשטיין, אז

ער פלעגט זאגן ריינעם פשט און זיך נישט ארײנלאזן אין קיין פלפול. מהר״י איסרלין פלעגט דאנערשטאג זאגן דעם שעור לענגער, אזא אלטער מנהג איז געווען אין נײשטאט [125]. פרייטאג האט מען קיין שעור ניט געזאגט, ווייל מ׳דארף זיך גרייטן צום שבת [126]. די צייט, וואס איז געווען פריי פון שעור, פלעגן זיך די בחורים גרייטן און חזר׳ן דאס איבערגעגאנגענע. אפט איז מען אויף געווען א גאנצע נאכט [127]. מהר״ילס תלמידים פלעגן קומען צו אים זומער אפילו שבת נאך מיטאג איבערצוחזרן פאר אים דעם שעור פון דער וואך [128]. תורה לערנען איז געווען אזוי וויכטיג, אז ס׳פלעגט דוחה זיין אפילו א מצוה צו טון. ר׳ מאיר הלויס תלמידים האבן אים אמאל געזאגט, זיי ווילן גיין אויף א ברית. זיי זאלן זאגן אמן נאך דעם מוהל׳ס ברכות, האט ער אויף זיי אנגעשריגן: „אין בייטלס־נאמען (פארשטעלט פון: „טייוולס־נאמען״), גייט שוין בעסער אין שעכטהויז, וועט איר האבן נאך אפטער געלעגנהייט צו זאגן אָמן״ (נאך דעם שוחט׳ס ברכה) [129].

וועגן דער באנעמונג צווישן דעם רבין און די בחורים, ווי אויך וועגן דעם לעבן פון די בחורים אין די ישיבות, ווייסן מיר אזוינע פרטים. ר׳ זעליגמאן בינג דערציילט, ער האט געהערט, אז ווען מהר״יל פלעגט דער־מאנען זיין רבין ר׳ שלום, פלעגט ער זאגן: „מיין מייסטער ר׳ שלום״ [130]. דער טיטל מייסטער איז געווען אנגענומען ביי די ד י י ט ש ן. וואלט מהר״יל געוועזן געלעבט אין צוויי־דריי הונדערט יאר ארום, וואלט ער געזאגט: „מיין רבי, ר׳ שלום״. דאמאלס אבער האט נאך קיין דייטשן אידן ניט געקאנט איינפאלן צו פארבייטן אן אנגענומענעם דייטשן ערנטיטל אויף א העברע־איש. מעגליך, אז אזוי פלעגן זיך ווענדן תלמידים צום רבין אויך: אזוי געפינען מיר אין אידישן מוסר־ספר „ספר מדות״ אין א מעשה פון הלל׳ן און זיינע תלמידים: „דא שפראכן זיין (זיינע) תלמידים מיינשטר (מיינסטער) וואו וואלט איר הין גיין״ [131]. ווי ס׳זעהט אויס, נוצט דער „ספר מדות״ אזא אויסדרוק פאר א ווענדונג פון א תלמיד צום רבי׳ן, וואס איז געווען אנגע־נומען ביי אידן צו יענער צייט (דער „ספר מדות״ איז געדרוקט צום ערשטן מאל דאס יאר 1542). דער רבי פלעגט זיך האלטן מיט די תלמידים אזוי, אז זיי האבן געהאט פאר אים גרויס דרך ארץ, זיי פלעגן ריידן פון דעם רבין אזוי פון א פירשט (נשיא) און קיניג (מלך) [132], פון דער אנדערער זייט אבער פלעגט זיך דער רבי באגיין מיט זיינע תלמידים מיט ליבשאפט און מיט אכטונג.

דער מחבר פון „לקט יושר״ דערציילט, אז זיין רבי מהר״י איסרלין פלעגט אים ניט לאזן ניט דערלאנגען, ניט אראפציהען די שיך [133]. רבנים פלעגן אויך שטארק אכטונג געבן, אנדערע זאלן נוהג כבוד זיין די בחורים. מהר״יל האט איינמאל אויף זיין לעבן מחרים געווען א שמש׳ס א זון דערפאר, וואס ער האט געזאגט א ישיבה־בחור: „זוי־שעלם״ (דאס הייסט אזוי גוט ווי Sau-Aas, נבלה פון א חזיר) [134]. ערשט נאכדעם ווי דער יונג און זיין פאטער האבן ביי אלע בחורים מחילה געבעטן, האט ער פון אים אראפגענומען דעם חרם [135]. דאס רוב זיינען די בחורים געווען ארעם, ס׳פלעגן זיך אבער טרעפן רייכע

אויך [136])· ס׳האבן ניט געפעלט קיין אלטע אויך [137])· געוואוינט האבן זיי אזוי ווי קריסטליכע סטודענטן אין „בחורים־הויז״ דארט פלעגן זיי עסן אויך [138])· אין ניישטאט האבן איסרלינס זין אויך געוואוינט דארט אינאיינעם מיט די ישיבה־בחורים [139])· אין מאינץ האט מהר״יל געוואוינט אין בחורים־הויז באזונדער, זיין פרוי מיט די קינדער האט געוואוינט באזונדער [140])· דאס האבן געמוזט זיין ניט קיין קליינע הייזלאך, ווארום ס׳זיינען געווען צייטן, וואס מהר״יל פלעגט האבן צו פופציג בחורים [141])· אויף אויסצוהאלטן די בחורים פלעגן אנקומען נדבות פון אלע זייטן, ווי מיר האבן שוין דערמאנט· די ישיבה, זעהט אויס, פלעגט זיין אין א ספעציעל הויז, מהר״יל פלעגט גיין אהין צום שעור צוזאמען מיט די תלמידים [142])·

ביי פייערליכע געלעגנהייטן פלעגן רבנים פארבעטן זייערע בחורים צו זיך צום טיש, אויב זיי האבן ניט געוואוינט מיט זיי צוזאמען· מהר״י איסרלין פלעגט זיי פארבעטן צו זיך אלע פרייטאג צו נאכטס, די בחורים פלעגן טרינקען פון זיין בעכער [143])· ער פלעגט זיך אויך נוהג זיין פאררופן צו זיך זיינע תלמידים און א טייל בעלי־בתים דעם ערשטן טאג שבועות, אחרון של פסח און פורים, מ׳פלעגט אויסברייגען ביי דער סעודה דברי תורה, אויפטוען און חידודים [144])· דאס אייגענע אויך אום חנוכה, דערביי פלעגט מען פארברייגען [145]) מיט א שפאס, גראמזאגן און פארשיידענע קאַטאוועסן [146])· חוקדי דאזיגע ימים טובים איז געווען נאך א טאג: ל״ג בעומר, ווען בחורים פלעגן מאכן א שפאציר אויסער דער שטאט און פאר־ברייגען אין שפילן [147])· קיין פעריען (בין־הזמנים)האבן די בחורים ניט געהאט·

פונדעסטוועגן דארף מען זיך ניט פארשטעלן די זאך אזוי, אז די בחורים זיינען געווען דערשלאגן און זייער לעבן איז געווען עלנד און פאר־אומערט· צווישן די בחורים זיינען געווען ווארילע יונגען אויך· ס׳האט זיך פארלאפן, אז א בחור האט געזאגט א ראש־ישיבה: „שוטה״ [148])· פרייטאגצו־נאכטס ביים טיש פלעגן די בחורים אפט כאפן א איבעריג ביסל און ס׳האט זיך געקאנט טרעפן, אז זיי זאלן זאגן א שארף ווארט אויף אייניגע רבנים [149])· אין ווין האט אן אנגעזעהענער בחור געווארפן דעם שמש אין דער ישיבה א שיסל אין קאפ· ס׳האט געהאלטן דערביי, אז ר׳ מאיר הלוי, דער פירער פון דער ישיבה, זאל דעם בחור מחרים זיין, ווען ניט אלע בחורים זאלן געווען בעטן ר׳ מאיר׳ן, ער זאל דעם בחור שענקען, און דער בחור — דעם שמש, ער זאל אים מוחל זיין [150])· איין תלמיד־חכם קלאגט זיך פאר מהר״י איסרלין, אז די בחורים האבן ליב דעם טרונק און זיי געבן זיך אפ מיט א סך אנדערע זאכן, די קהלה האט דערפון צרות און ס׳איז א חלול השם און אן אום־כבוד פאר דער ישיבה [151])· אין דעם פרט שטימט דאס ישיבה־לעבן אויך מיט דעם אלגעמיינעם סטודענטן־שטייגער, וואס באווייזט אויך אפט מער חשק צו לעבן, איידער צו לערנען· אין טיובינגען פארפליכטן די סטאטוטן פון יאר 1518 די סטודענטן ניט שעלטן און ניט שווערן, ניט שפילן אין ביינדלאך, ניט איבעריג פוצן זיך א· אז· וו [152])· אזוינע רייד געפינען מיר אויך אין אידישע מוסר ספרים יענע צייט· פון זיי וועלן מיר נאך ריידן·

# קאפיטל IV.

דאס לעבן אין דער קהלה, די פארוואלטונג, פרנסים, חזנים, די שול און די קירך, פאמיליענלעבן, די וואַכנאכט, האָלקרייש, נעמען, דערציהונג און לערנען, מאָנאָגאַמיע, חתונה־מנהגים, סטאטיסטיק פון דער באפעלקערונג, אבלות, אבערגלויבן, שפייז און געטראנק, קליידונג און פוצונג, אונטערהאלטונג.

ביי איינער א פייערליכער געלעגנהייט, ווען אין שול איז געווען „א גרויסער עולם", מאלט ר' משה מינץ די שיכטן פון דער אידישער קהלה אזוי: רבנים, חשובע לומדים, בחורים, בעלי־בתים [1]. די דאזיגע איינטיילונג איז כאראקטעריסטיש פון דעם בילדונגסקוק פאר א דאמאלסדיגער קהלה. די ערשטע דריי קאטעגאריעס דאס זיינען פארטרעטער פון דער אינטעליגענץ. רבנים מיינט מען די קהלה־רבנים און די ראשי־ישיבות. חשובע לומדים מיינט מען אזוינע, וואס פלעגן לערנען פאר זיך, זיי האבן אבער קיין תלמידים ניט געהאט; פון פרנסה וועגן פלעגן זיי פירן פארשיידענע געשעפטן. אלס לומדים פלעגן זיי זיך באטייליגן אין די וכוחים בעת דעם רב'ס דרשות. בחורים מיינט מען די לערניונגען אין די ישיבות. דער איבעריגער טייל דערוואקסענע מאנסבילן, חוץ די דאזיגע דריי קאטעגאריעס, הייסט בעלי־בתים. דאס הייסט ניט, אז אזא איינער האט באדארפט פארמאגן א הויז (דאס איז גראד געווען זעלטן), נאר אזוי האט דאס געהייסן ראשית, צו באצייכענען זיין ווערדע אלס הויפט אין דער פאמיליע; שנית, צו פארדעקן דערמיט, אז צו לערנען איז ער ניט שייך. ווען פון איינעם איז ניט געווען מער צו זאגן, נאר אז ער פירט שטאַט ביי זיך אין שטוב און טוט זיין פליכט אין דער קהלה, פלעגט מען אזוינעם רופן „בעל־הבית". די דאזיגע לייט זיינען געווען אין א געוויסער מאס דער פערטער קלאס, דער קלאס פון אומגעלערנטע, אדער עם־הארצים [2], אקעגן די ערשטע דריי קאטעגאריעס, וואס כאטש זיי, חוץ דעם גרעסטן טייל בחורים, זיינען אויך געווען מענשן מיט פאמיליעס, האבן זיי דאך געהייסן לומדים (געלערנטע) און האבן געהאלטן

פאר אן אומ־כבוד פאר זיך, מ׳זאל זיי רופן בעלי־בתים. די מאס און וואג פון יעדן איינעם אין דער קהלה האט געשטעקט אין לערנען, ניט אין פאר־מעגן; לומדים זיינען געווען די טאנגעבער, כאטש דער גרעסטער טייל קהלה איז באשטאנען פון בעלי־בתים.

באזעצן זיך [3] אין א קהלה האט מען געקאנט נאר מיט דעם הסכם פון קהל. קהלה־שטייערן האט מען פון א ניי־אנגעקומענעם געמאנט אין דרייסיג טאג ארום, ווי ער האט זיך באזעצט, אדער אין א יאר ארום, ווי אמאל. האט מען געוואלט זיך ארויסציהען פון דער קהלה, האט מען געדארפט וועגן דעם דורכקומען מיט דער קהלה. די שכנותדיגע קליינע פונקטן, די ישובים, האבן אין געוויסע פאלן געמוזט צוהילף קומען דער קהלה אין שטייערן. דער רעגולערער שטייער („סכום") איז געגאנגען אויף אויסצוהאלטן קהל׳שע אינסטיטוציעס: די שול, כלי־קודש, די מקוה, די בעקעריי און דעם בית־עולם, אויך אויף צו באזארגן קראנקע, יתומים און דורכפארער־אורחים. יעדע גרעסערע קהלה האט פארמאגט עולמות, קהל׳שע גיטער: א שול, א בית־עולם, א בעקעריי, א באד, וואס די קהלה פלעגט אפט פארזעצן [4]. די איינטיילונג פון דעם קהלה־שטייער פלעגט פארקומען לויט די מעלדונגען פון די צאלער, וויפיל איינער האט זיך אליין געשטעלט. די ראשי־הקהל האבן אבער אויך געקאנט אליין איינטיילן דעם שטייער, די באשטייערטע האבן געקאנט אפ־ווענדן, און ווען אזא טענה האט זיך ארויסגעשטעלט פאר ריכטיג, פלעגט מען דעם אפווענדער אקעגנקומען. חוץ דעם שטענדיגן קהלה־שטייער, פלעגט נאך יעדער קהלה־גליד מוזן איינצאלן א ספעציעלן שטייער (מס). ווארום בידוע, פלעגן די קהלות מוזן צאלן רעגולערע שטייערן דעם שטאט־ראט, פירשטן און גייסטליכע [5], אפטמאל פלעגט מען רייסן ביי די קהלות אויסער־געוויינטליכע אפצאלן, די קהלות האבן באדארפט שטענדיג אין זינען האבן אזוינע פאלן אין זייער ביודזשעט. די איינטיילונג פון דעם מס איז געווען פארשיידן אין פארשיידענע קהלות, מייסטנס לויט דער הכנסה. הייזער און גיטער פלעגט מען אין דעם פאל ניט אריינרעכענען, ווארום איינמאל האט דער געוואלטהאבער זיי ניט געקאנט זיך צונעמען, צווייטנס האט מען ניט געהאלטן, אז גיטער געבן הכנסה. היות ווי אידן האבן שטענדיג געקאנט פארטריבן ווערן פון אן ארט, פלעגן זיי זעלטן אריינלייגן זייער פארמעגן אין גיטער, דאס איז אויך געווען א טעם, פארוואס מ׳פלעגט ניט רעכענען ביי דער שאצונג קיין גיטער, נאר דאס בארע אדער דאס פארמעגן, וואס האט גע־שטעקט אין געשעפטן. דאס זיינען די הויפט־תקנות פון דער שטייערפאליטיק, וואס מנחם פון מערזעבורג האט מתקן געווען [6]. זיי ווערן אויך דערמאנט אין די שו״ת ביי אנדערע רבנים יענע צייט, ווארום אלע מאל פלעגן פאר־קומען שטרייטיגקייטן וועגן איינטיילן די שטייערן אין די קהלות, וואס זיינען שטענדיג געווען שטארק באלעסטיגט. ס׳איז גאר ניט געווען קיין קלייניגקייט צו האלטן רעכט די קהל׳שע קאסע, וואס אלע „האַרן" האבן פון איר געצאפט

און געריסן: פון דעם קייזער ביז דעם וואכמייסטער, פון דעם בישאף ביז דעם דארף־גלח.

די גאנצע אדמיניסטראציע פון דער קהלה אינעווייניג און די פארטרעטונג קעגן אויסן האבן געפירט אויסגעקליבענע מנהיגים [7], געוויינטליך זיינען זיי געווען זיבן [8], צוזאמען זיינען זיי געווען די פארוואלטונג. אין די קריסט־ליכע קוועלן הייסן זיי: (ראטלייט) seniores, magistratus et consilium, ratlude dat capittel, gemeyne cappittel [9]. זייערע באשלוסן זיינען געווען א מוז פאר דער גאנצער קהלה. נאר אויף ארייננצוווארפן עמיצן אין חרם האבן זיי באדארפט האבן דעם הסכם פון דעם רוב קהלה־גלידער [10], ווארום דער חרם איז געווען די איינציגע שטראף און דיסציפלין מיטל. די אויסגעקליבענע פאר־שטייער האבן קיינעם ניט באדארפט אפגעבן קיין חשבון. אויב אבער א פרנס איז געווען ניט קיין געקליבענער, נאר די מאכט האט אזוינעם אנגעווארפן דער קהלה, אדער ער אליין האט זיך אנגעווארפן, האט אזוינער געמוזט אפגעבן חשבון, כאטש מ׳האט פאר אים מורא געהאט. אזוינס האט אויך געמוזט טון א געקליבענער פרנס, אויב ס׳איז אויף אים געפאלן א חשד. השגחה אויף געלטזאכן, ווי אויך אויף דער גאנצער ארבעט פון דער פארוואלטונג, איז געווען דאס רעכט און דער חוב פון רבנים, און ניט זעלטן פלעגט א רב מוזן אנקומען צו אזא רעכט. ר׳ יעקוב ווייל שרייבט וועגן דעם זיינעם א באפריינדעטן רב: „איבער אונזערע גרויסע זינד זעהעי מיר די שטרויכלונג אין דעם רוב קהלות: די פרנסים דריקן דאס פאלק און געוועלטיגן מיט געוואלט ניט פון גאטס וועגן, נאר פון זייער טובה וועגן, זיי ווארפן פון זיך אראפ דעם יאך און ווארפן אים ארויף אויף די אומגליקליכע". ר׳ יעקוב ווייל שטארקט זיין אדרעסאט: „דו ביסט צו א מלאך גלייך, קיין סוד איז פאר דיר ניט פארהוילן, דו ווייסט, וואס דו האסט צו טון, און דורך דיר וועט געהייליגט ווערן גאטס נאמען" [11]. דעם רב׳ס השגחה אויף די פרנסים האט אים אפט פארשאפט צרות: אין ניורענבערג האט א ראש־הקהל געהאט א האס אויפן רב ר׳ דוד שפרינץ (מסתמא דערפאר, ווייל דער רב פלעגט אים קוקן אויף די פינגער), האט ער געמסרט דעם רב און געבראכט דערצו, אז דער רב זאל מוזן צאלן מס און געבן צושטייער אויף א געצוואונגענער שטאט־הלוואה, כאטש קהלה־רבנים זיינען בכלל געווען פריי פון אלע אפצאלן [12]. ר׳ דוד שפרינץ קלאגט זיך דערויף פאר מהר״י איסרלין, יענער האט זיך אנגענומען זיין עולה און האט געשריבן דעם שולדיגן ראש־הקהל שארפע רייד: ער האט אייגנטליך געוואלט ראטן דעם רב, ער זאל זיך אליין נוקם זיין פאר דעם פארשוועכטן תלמיד־חכם׳ס כבוד און זאל דעם ראש־הקהל מחרים זיין, נאר כדי אויסצומיידן לייטישע רייד, טוט ער דאס ניט, ער ווארנט אבער דעם ראש־הקהל, יענער זאל פאררעכטן דעם אומרעכט אזוי ווי די תורה הייסט [13].

אין דער קהלה האט ניט געטארט אויפגעטאן ווערן קיין נייעס, קיין תקנה אהן דעם רב׳ס הסכם [14]. אין מיטלאלטער פלעגן אידן האבן זייער אייגן

געריכט (בתי־דין) אין ציווילזאכן, אפילו אין ירושה־רעכט [15]. לויט דעם אידישן דין, דארט וואו די ראשי־הקהל זיינען געווען דער בית־דין, פלעגט דער רב זיין דער פארזיצער, דער רב איז בכלל געווען די ערשטע פערזאן אין דער קהלה [16], אזא כח האט דער רב געהאט פון דער מאכט אויך, ווען יענע פלעגט זיך נאר וועלן מישן אין אינעווייניגסטע אידישע אנגעלעגנהייטן. דא האט געגאלטן דער כלל, אז דער „מייסטער פון די אידן", ד. ה. דער רב האט באדארפט זיין „אן ארנטליכער איד און א געקליבענער פון דער גארער קהלה". אויב דער רב „איז ניט געווען דער קהלה צום הארצן", האט זי אים געקאנט אראפזעצן אין א יאר, צוויי ארום, איי אזא פאל האט זי אים אבער באדארפט פארגיטיגן. אויב אבער די מאכט האט באשטעטיגט דעם רב, קאן אים שוין די קהלה ניט אראפזעצן, און ער בלייבט שוין זיין לעבנלאנג „דער אידישער בישאף". אזא באשטעטיגונג האט מיטגעבראכט אריגינעלע קעגנזייטיגע פליכטן. אין טריער האט דער „אידן־בישאף" געמוזט בארגן אלע יאר דעם ערצבישאף 10 מארק אהן צינזן, אקעגן האט דער ערצבישאף געדארפט געבן דעם „אידן־בישאף" א קוה, צוויי מאס וויין, און אן אלטן אפגעטראגענעם מאנטל. דער רב האט נאך געהאט די פריווילעגיע, וואס אים איז געגעבן געווארן א שליסל צו איין טויער פון דעם אידישן קווארטאל [17]. מיר האבן אבער שוין געהאט באמערקט, אז אידן האבן זעהר ניט גערן צוגעזעהן, ווי די מאכט מישט זיך אין זייערע אינעווייניגסטע ענינים, קיין גוטס האבן זיי דערפון ניט געהאט ארויסצוקוקן. רבנים, וואס האבן טייער געהאלטן זייער כבוד, האבן ניט געזוכט קיים שום אנדער אנערקענונג, חוץ דער, וואס דער מנהג איז געווען, און וואס די קהלה האט זיי געטרויט מיטן פרייען ווילן.

ווען מיר קומען איצט צו באטראכטן דאס אינעווייניגסטע לעבן אין דער קהלה, דארפן מיר זיך קודם כל צוקוקן צו דער תפילה־בצבור אין דער „שול" [18].

כאטש מ'האט געדאווענט אלע טאג אין איין צייט, פלעגט פונדעסטוועגן דער שמש רופן בעלי־בתים אין שול אריין, חוץ תשעה באב [19]. דאס פלעגט פארקומען אזוי, אז דער שמש פלעגט אנקלאפן אין טיר ביי יעדן בעל־הבית. קלאפן פלעגט ער לויט א געוויסן סדר: פריהער איין קלאפ, דערנאך, נאך א קליינער פויזע, צוויי קלעפ, ווידער א פויזע און דעם לעצטן קלאפ. אזוי איז וויניגסטנס געווען דער מנהג אין ניישטאט. מהר"י איסרלין האט געהאט דערויף א סמך אין דעם פסוק „אבא אליך וברכתיך" (איך וועל קומען צו דיר און בענשן דיך). „אבא" באשטייט פון א' (איינס), ב' (צוויי) און א' (איינס) [20]. מהר"י איסרלינס תלמיד, וואס פון אים ווייסן מיר דאס, דערציילט אבער, אז אין רהיין־געגנט פלעגט מען קלאפן בלויז דריי מאל: פריהער צוויי מאל, דערנאך איין מאל. די „שולקלאפער" הייסן אין די קריסטליכע קוועלן campanatores, glockenere, ד. ה. גלאקן־קלינגער [21].

זעלטן ווען רבנים פלעגן קומען אין שול אריין דאווענען, זיי פלעגן דאווענען ביי זיך אין אן אייגענעם מנין. אין שול פלעגן זיי קומען יום־טוב, אדער ווען

זיי האבן געזאלט זאגן א דרשה׳ דרשענען פלעגן זיי אבער זעלטן׳ ווי מיר האבן דאס שוין פריהער דערמאנט. ס׳איז שוין אויך דערמאנט געווען׳ אז רבנים פלעגן אמאל דאווענען פארן עמוד. בכלל אבער איז פאר אזא אמט געווען א שטענדיגער חזן׳ אין די עפענטליכע אורקונדן הייסט ער „Vorsänger, Sang-mei-ter"[22]. מהר״ם מינץ[23] האט אויף דער בקשה פון זיין קהלה צונויפ־געשטעלט א מין אינסטרוקציע פאר חזנים׳ מיר ברענגען דא די וויכטיגסטע פונקטן: „דער חזן דארף דער ערשטער קומען אין שול אריין און אוועקגיין דער לעצטער. ער דארף האבן אלע מעלות׳ וואס חז״ל האלטן פון א פאסיגן חזן: ער זאל זיין געווינט אין דער זאך׳ קאנען לערנען׳ געפאלן זיין ביי זיך׳ אנגענומען ביי קהל׳ ער זאל האבן א זיסע שטים און גענים זיין אין אלע ברכות׳ פיוטים און סליחות. ער זאל מכון זיין זיין תפילה מיטן הארצן׳ ער זאל טראגן לאנגע און ריינע קליידער אהן א פלעק׳ דערהויפט דאס אויבערשטע׳ ווען ניט זאל ער טראגן „קניהויזן"[24]. ביים דאווענען זאל ער זיך אפטון פון יעדן פרעמדן געדאנק׳ זאל האלטן די אויגן אראפגעלאזט׳ זאל זיך ניט פארען מיט די הענט׳ נאר זאל זיי האלטן אויפן הארצן אונטער דעם מאנטל׳ די רעכטע האנט איבער דער לינקער׳ אזוי א קנעכט שטייט פאר זיין האר מיט מורא און שרעק". ליידער׳ באמערקט ווידער מהר״ם מינץ׳ „זיינען פאראן חזנים׳ וואס טוען מיט די הענט: פארריכטן די ליכט ביים דאווענען׳ קוקן אריין אין מנהגים וכדומה׳ אזוינס זאל ניט געטאן ווערן׳ ער זאל דאווענען אין דער הייך ווארט ביי ווארט „אזוי ווי מ׳ציילט געלט"׳ געלאסן רוהיג לויט דעם דקדוק׳ און ער זאל ניט איינשלינגען אפילו קיין איין אות". מהר״ם מינץ קלאגט זיך דא אויך אויף א טייל חזנים׳ וואס דאווענען אין דער גיך פון געוויינשאפט אהן שום כונה. „א טייל חזנים גייען ארויס אויפן הויף׳ שפעטן און פארטרייבן די צייט מיט נארישקייטן׳ נאכדעם שטעלן זיי זיך צום עמוד און זאגן „ישתבח". אויסער דער שול דארף דער חזן האלטן שטאט׳ זיין צוגעלאזן צו לייטן׳ אן עניו און אנגענומען ביים עולם׳ ער דארף זיך ניט מישן אין מחלוקת׳ן .צווישן בעלי־בתים׳ ניט מיט ווארט׳ ניט מיט טון׳ ניט אפן׳ ניט פארהוילן".

די תפלות האבן שוין דאמאלט׳ — דאס 14־טע יארהונדערט—געהאט א פעסטן נוסח (נגונים)׳ ס׳זיינען געווען געוויסע הויפטמאטיוון׳ וואס האבן געגאלטן פאר עטליכע תפלות׳ און ספעציעלע נוסחאות פאר געוויסע תפילות[25]. אין רהיין־געגנט איז געווען אן אנדער נוסח׳ ניט דער׳ וואס אין רעגענסבורג און אין עסטרייך׳ און קהלות פלעגן שטארק אכטונג געבן׳ די חזנים זאלן ניט ענדערן דעם נוסח.

די אויפפירונג פון בעלי־בתים אין שול האט געמעגט זיין שענער. דער מחבר פון „ס׳ מידות" (מיר וועלן נאך ווייטער ברענגען פון דעם בוך) איז אויפגעבראכט קעגן דעם פלוידערן אין שול[26]. ס׳פלעגן פארקומען נאך ערגערע זאכן׳ ווי מיר זעהען דאס פון די קוועלן׳ אמת ניט אפט. אין ווָארמס האבן זיך צוויי בעלי־בתים געקריגט צוויי שעה נאכאנאנד פאר אן עליה פאר

אן אפענער ספר־תורה. צום סוף האבן די בעלי־בתים גענומען די תורה, אוועקגעטראגן זי אין מנין צו די בחורים און פארענדיגט דאס לייענען, אין שול זיינען געבליבן נאר 4—5 מענשן, די שטרייטפירער און זייערע צדדים [27].
אין באַמבערג פלעגן אייניגע בעלי־בתים לאזן זייערע שיך אין פאליש, לויט אן אלטן מנהג, איינגעפירט פון דארטיגע אמאליגע רבנים. ליצנים פלעגן טרייבן שפאס, צונעמען די שוך, אדער פארבייטן זיי, מ׳האט געמוזט ארויסלאזן א חרם, ווער ס׳וועט אזוינס טון. דאס איז פארגעקומען בעת מהר״ם מינץ האט זיך אויפגעהאלטן אין באמבערג אין די יונגע יארן. ווען ער איז דארט געווען רב, האט זיך די מעשה ווידער גענומען איבערחזרן, און היות ווי ער האט ניט געוואלט איבערטרעטן די אלטע תקנה, מ׳זאל ניט אריינגיין אין שול אין די שוך [28], אויך האט ער דאס ניט געקאנט דערלאזן וועגן דער הייליגקייט פון דער שול, בפרט אז ער האט געהאלטן פאר ניט געגוג, ווי אזוי מ׳האט גערייניגט די שוך, האט ער געמוזט נאכאמאל באנייען דעם אלטן חרם, מ׳זאל ניט פארבייטן די שוך [29]. דא איז שוין דערמאנט געווען, ווי די קעגנער פון ר׳ ישראל ברונא האבן געמאלט צלם׳ס אויף זיין שטאט אין שול, און זיי זיינען זיך צעגאנגען פון דער שול בעת זיין דרשה. אן אנדער סקאנדאל איז פארגעקומען אין ניישטאט (זעהט אויס, ניט ביי ווין). אייניגע בעלי־בתים האבן דא געבראכט דערצו, אז ראש־השנה איז פאליציי נעקומען אין שול אריין און האט אפגעשטויסן פון דעם עמוד אן אנגעזעהענעם למדן ר׳ מייסטערלין, מהר״י ווייל, וואס דערציילט וועגן דעם, רופט אויס דערביי „ווי, ס׳א בושה! ווי, ס׳א שאנד!“ [30].

פון סעבאַסטיאַן בראַנטס „נארענשיף“ ווייסן מיר, אז אין דער קירך פלעגט דאס צוגיין נאך ערגער, איידער אין דער „אידענשולע“ [31]. „די הערן“ פלעגן קומען אין קירך מיט זייערע יאגהינט מיט די יאגפויגל מיט גלעקלאך באהאנגען, פלעגן מאכן א רעש מיט זייער גערעדעריי און קלאפן מיט די האלצשוך. פון בראנטס רייד איז ארויסצוזעהן, אז אין אונזער פאל, אין באַמבערג האט עס זיך געהאנדלט ניט וועגן שוך, נאר וועגן הילצערנע איבערשוך.

אנגענעמער זיינען די ידיעות וועגן דעם פאמיליענלעבן. לאמיר פריהער ריידן וועגן מאן און ווייב. פון מהרי״ל׳ן דערציילט זיין א תלמיד, אז יעדעס־מאל ווען ער פלעגט ריידן פון זיין ווייב, פלעגט ער זי רופן „מיין הויזפרוי“. אזוי ווי אין דער גמרא שטייט פון ר׳ יוסי, ער פלעגט רופן זיין ווייב: „מיין הויז“ [32]. ס׳מוז אבער באמערקט ווערן, אז אזא מין טיטל פאר א ווייב איז געווען אין דייטשן שפראך־געברויך. דאס ווארט „פרוי“ האט אין מיטלאלטער ניט געהאט דעם בכבודיגן באטייט, וואס היינט, דאס האט דאמאלס געהייסן: האַרין, געליבטע. ערשט איך דעם טיטל „הויזפרוי“ איז געלעגן די בכבודיגע שטעלונג און ווערדע. דעריבער געפינען מיר ביי טאמאס פלאַטער, וואס ווייסט פון תלמוד ניט צו זאגן, ווי ער רעדט פון זיין ווייב

אלס „miner huszfrowen" („מיין הויזפרוי") [33]. יעדנפאלס, ווען מהרי"ל איז זיך סומך אויף דער גמרא, וויל ער דערמיט נאך מער כבוד אפגעבן זיין ווייב. דאס באווייזט אויך דער נוסח, וואס ער האט פארפאסט פאר איר מצבה, דער נוסח איז אן אקראסטיך *). די ראשי־תיבות מאכן אויס זיין אייגענעם נאמען: יעקוב הלוי, ווי ער וואלט דערמיט וועלן אויסדרוקן, אז זיין א שטיק איך איז דא באגראבן, ער ווינקט אן אויף איר נאמען „גימכען" מיט דעם העברעאישן אויסדרוק „עטרת פז" (גינגאלדענע קרוין) [34]) און רימט איר „ריינקייט, ער־ליכקייט און טרייקייט". דער תלמיד באמערקט, מהרי"ל פלעגט זיך ווענדן צו זיין פרוי: „הורט איר ניט" (הערט איר ניט?), „אזוי ווי דער איינפיר איז: מאן און ווייב זאלן זיך ניט רופן ביי די נעמען". ער פלעגט זי איר'צן און פלעגט בכלל זיך ווענדן צו איר מיט גרויס דרך ארץ, ווייל ער האט זי גע־נומען אן אלמנה [35]). מיט דעם אייגענעם דרך ארץ האבן ווייבער גערעדט פון זייערע מאנען און צו זייערע מאנען. ס'איז באקאנט א בריף פון מהר"י איסרלינס פרוי, זי שרייבט: „מיין מן שיחיה" (מיין מאן זאל לעבן) און ענדיגט דעם בריף: „שונדליין אשת מהר"י יצ"ו" (שיינדיל אשת מורנו הרב איסרלין, ישמרהו צורו וגואלו — שיינדל דעם מורנו איסרלינס ווייב, גאט זיין שטארקער און אויסלייזער זאל אים היטן) [36]). דעם רב'ס פרוי האט גע־הייסן רביצן (רבנית), מיט אזא טיטל („רבנית") ווערט דערמאנט איינע א פרוי ברוינא פון מאינץ, וואס זי פלעגט טראגן ציצית, כאטש ווייבער זיינען דער־פון פטור [37]). מהרי"ל פלעגט זאגן פון דעם ראש'ס וועגן: „די פרויען פון די תלמידי־חכמים, וואס ווארטן טאג און נאכט אויף זייערע מאנען פון דעם בית־המדרש און געבן זיי צו עסן און טרינקען, איז גלייך ווי זיי אליין וואלטן גע־לערנט" [38]). פון די דאזיגע רייד קאן מען ארויסזעהן, ווי ווייט מ'האט זיך דאמאלס אפגעגעבן מיט לערנען און ווי גרויס איז געווען דער קרבן, וואס די אידישע פרוי האט געבראכט צו האבן א מאן א תלמיד־חכם. אזוינע פרומע און וואוילקענענדיגע פרויען, וואס א סך זייערע ווערן דערמאנט אין די מע־מָארביכער אלס אומגעקומענע אויף קדוש־השם [39]), האבן געהאט גרויס כבוד, אפילו נאכן טויט אויך. איין רב שרייבט צו מהר"ילן: „דער טיש, וואס איך לערן ביי אים, האט א ברעט, וואס אויף איר האט מען מטהר געווען די פרוי יוטא" [40]). פון דעם כבוד וועגן פון דער פארשטארבענער האט מען ארייגעשטעלט די טהרה־ברעט אין לערנטיש, ווידער פלעגט מען מאכן אן ארון פאר א רב פון דעם טיש, וואס ער האט ביי אים געלערנט, אדער פאר א גרויסן מכניס־אורח פון דעם עסטיש, וואס אורחים האבן געגעסן ביי אים [41]). מיר ווייסן ניט, צי די פרוי יוטא גופא האט געלערנט תורה, מיר ווייסן דאס אבער זיכער פון אן אנדער פרוי: איינע רעדיל, איסרלינס שנור [42]). פרויען זיינען בכלל געווען באהאוונט אין דינים און מצוות, וואס זיינען פארבונדן מיט פירן דאס הויז, און ס'פלעגט טרעפן, אז רבנים פלעגן זיך פאררופן אויף אזא פראקטיק. אין מהר"ילס א שאלה־ותשובה ווערן דערמאנט זיינע צוויי

שוועסטער און ווי זיי פלעגן זיך נוהג זיין [43]). מהרי״ל אליין פאררופט זיך א מאל אויף א עדות פון ר׳ זלמן רונקל׳ס פרוי [44]). צווישן די שאלות־ותשובות געפינען זיך אויך אזוינע, וואס זיינען געווענדט צו פרויען, צו ענטפערן אויף זיי האט מען באדארפט געניט זיין אין דינים [45]). ווידער זעהט אויס, אז רבנים פלעגן זיך שאפן מיט זייערע ווייבער צו ענטפערן פרויען אויף שאלות נשים. דער דערמאנטער בריף פון מהר״י איסרלינס פרוי איז אויך אזא ענטפער. די שאלה שטאמט פון איינער, וואס האט געשריבן ניט מיט איר האנט, האט זיך ניט געוואלט התמענען איבער צניעות, און האט אפילו פארזאגט דעם שליח דעם קריסט, ער זאל ניט זאגן, פון וואנען ער קומט. מיר ברענגען דא א פראבע פון דעם דייטשן (אידישן) בריפסטיל, דעם אנהויב און דעם סוף פון דעם ענטפער: „גר ויל גוטר יור די מושן דיר ווערדן וואר ווי דו גנט (גננט ?) בישט, אז דו מיר האשט לאשן שרייבן איך זול מיין מן ר׳ איסרלן שיחיה ברוגן״ (גאר פיל גוטע יאר, די זאלן דיר ווערן ווארי ווי דו הייסט, אז דו האסט מיר געלאזט שרייבן, איך זאל פרעגן מיין מאן ר׳ איסרלין, זאל לעבן). דא ענטפערט זי אויף דער ווייבערשע שאלה און ענדיגט אזוי: „איך ווייש (ווייס) ניט מיא (מער) צו שרייבן גוט (גאט) לוש (לאז) דיך גיזונ"ד בלייבן דש (דאס) ביט איך שונדליין אשת מהר״י יצ״ו (די פרוי פון מורנו ר׳ איסרלין, גאט זאל אים באהיטן)״ [46]). בכלל האבן פרויען פון לומדים גענומען אויף זיך דעם יאך פון פרנסה איסצוהאלטן זייערע מאנען, יענע זאלן זיך קאנען גאר אפגעבן מיט לערנען. דערפון ווען מיר נאך ריידן.

די באציהונגען צווישן קינדער און עלטערן זיינען געווען, אזוי ווי מיר האבן שוין געזעהן ביי מאן און ווייב: הארציג און מיט דרך־ארץ. דער־הויפט שבת און יום־טוב, ווען אידן טוען זיך אויס פון אלע געשעפטן און מ׳איז פריי אפילו פון לערנען, האט די פאמיליע געקניפט אין איר ראש און ס׳איז געווען א בילד פון פאטריארכאלישער היימליכקייט. איסרלינס תלמיד מאלט אונז, ווי ס׳פלעגט צוגיין צו הבדלה ביי זיין רבין אין הויז. נאך דער ברכה איבער ווייך, בשמים און מאורי־האש (דערצו האט מען גענוצט א געפלאכטענע הבדלה) [47]) דערלאנגט ער מיט דער אייגענער האנט דעם כוס צו טרינקען זיין ווייב, זיינע זין, איידעמס, אייניקלאך, נאכדעם טרינקען די דינער און דינסטן (זיי דערלאנגט ער ניט אליין). דאן נעמט ער אראפ די היטל און בענשט זיך אליין. זאגט דריי מאל „ברכה און הצלחה זאלן רוהען אויף מיין קאפ״. נאכדעם גייען צו די זין, נעמען אראפ די היטלען, ער לייגט זיי ארויף די הענט אויפן קאפ און בענשט זיי; נאכדעם גייען צו די שניר נאך א ברכה [48]), און זיי נעמען אויך אראפ די הויבן [49]). ערב שבת און יום־טוב בענשן טאטעס די קינדער אין שול [50]). דער רב בענשט די גאנצע יוגנט פון דער קהלה [51]).

יום־טוב פלעגט מען אויפנעמען און מכבד זיין געסט. די גמרא זאגט: „די מצוה פון הכנסת־אורחים איז גרעסער פון אויפנעמען די שכינה״ [52]). דערפון

נעמס זיך, וואס רבנים און פרומע לייט פלעגן יום־טוב פארבעטן צום טיש בחורים און אורחים. איסרלינס תלמידים פלעגן עסן ביי זיין טיש אלע שבת [53]. די אורחים פלעגט מען צעטיילן צווישן בעלי־בתים אויף „פלעטען" (בילעטן) [54]. ס'איז געווען איינגעפירט מכבד זיין דעם אורח מיט בענשן, כדי ער זאל האבן געלעגנהייט צו בענשן דעם בעל־הבית און זיין הויזגעזינד („הרחמן הוא יברך את בעל־הבית הזה ואת בעלת־הבית הזאת"). איינמאל איז מהר"י ברונא געווען צו גאסט ביי איסרלינען, דער בעל־הבית האט אים שטארק געבעטן בענשן, האט ער זיך אפגעזאגט, ווייל ער וויל הערן דאס בענשן פון איסרלינס מויל. ער וועט זיך עפיס אפלערנען פון אים. ווארום פון א תלמיד־חכם קאן מען תמיד עפיס הערן א „חידוש". ווי מיר האבן שוין פריהער דערמאנט, די תלמידים אבער, וואס זיינען געווען דערביי, האבן דאס אויסגעטייטשט אנדערש, נעמליך, אז ר' ישראל ברונא קאן ניט בענשן מיט א ריינער שפראך, אזוי דערציילט דער פילמאלדערמאנטער איסרלינס תלמיד [55].

שמחות אין דער פאמיליע זיינען אויך געווען פארקליידעט אין רעליגיעזע פייערליכקייטן, אזוי ווי ימים־טובים. יעדע ווענדונג אין דעם מענשנס לעבן, פון געבוירן ביז אין טויט, איז געווען פארבונדן מיט א גאט־דינסט, און אין דעם האבן זיך באטייליגט די פאמיליע, קרובים, אפט אפילו די גאנצע קהלה. א סך מנהגים אין דעם פרט שטאמען ניט פון אידן, נאר זיינען גענומען פון דער ארומיגער סביבה, מ'האט אבער ארייגעלעגט אין זיי אזוי פיל פרומקייט און כונה, אז זיי זיינען געווארן אמת־אידישליכע. אזוי ארום האט זיך דער איד אין מיטלאלטער באשאפן מיט דעם כוח פון אמונה א געהויבענע אינעווייניגסטע וועלט, וואס זי זאל אים באפרידיגן פאר אן אויסערליכע וועלט, וואס האט אים געפעלט. ווען מיר נעמען איצט מאָלן די וויכטיגסטע פאמיליע־שמחות, זאגן מיר פאראויס, אז מיר וועלן זיך בכלל האלטן ביי די קוועלן פון יענער צייט, ווי מיר האבן דאס געטאן אין אונזער גאנץ בוך, ניט אויסצומישן פריהערדיגס און שפעטערדיגס. שפעטערדיגע קוועלן האבן מיר גענוצט נאר ווען אזוינע מנהגים, וואס מיר ווייסן געוויס, אז זיי זיינען געווען אנגענומען יענע צייט, נאר אין די קוועלן יענע צייט ווערן זיי ניט דערמאנט.

איז געבוירן געווארן א אינגל, פלעגן זיך גוטע פריינט פארזאמלען די נאכט, וואס פאר דער מילה, צו דער קימפעטארין אין הויז און לערנען די גאנצע נאכט. די דאזיגע נאכט האט געהייסן „וואַכנאכט". דאס לערנען איז געווען א סגולה, אז דאס קינד זאל ניט „באנומען" ווערן, ד. ה. אז שדים זאלן אויף דעם קינד קיין שליטה ניט האבן [56]. א נאמען געבן איז געווען א באַזונדער יום טוב. די זאך איז אזוי: מייסטנס פלעגט מען געבן א קינד צוויי נעמען, איינעם א „הייליגן", וואס מ'האט אים גענוצט נאר ביי רעליגיעזע אנגעלעגנהייטן, דעם אנדערן א „וואָכעדיגן" פאר אלעמאל. איינגלאך פלעגט מען געבן דעם הייליגן נאמען ביי דעם ברית, מיידלאך — ווען די קימפעטאריי איז צום ערשטן

מאל געקומען אין שול אריין. דעם וואכעדיגן צונאמען פלעגט מען געבן א קינד, ווען די קימפעטארין איז דאס ערשטע מאל אראפגעגאנגען, די דא־זיגע שמחה האט געהייסן „הולקרייש" (אויסגערעדט: כאָלקרייש). דאס דאזיגע ווארט האט מען שוין אין 14־טן יארהונדערט ניט פארשטאנען. ר' משה מינץ טייטשט דאס ווארט פון זיין פאטערס נאמען אזוי (יענער ווידער האט דאס געהערט פון זיינע לערער): דער ערשטער טראף (הול) איז דאס העברעאישע ווארט „חול" — וואכעדיג, דער צווייטער טראַף (קרייש) שטאמט פון דעם דייטשן ווארט „kreischen" (קריישן), דא באטייט עס אזוי גוט ווי „אויסרופן". בכן קומט אויס, אז מיר האבן דא א געמישט ווארט, וואס זאל הייסן: אויסרופן דעם וואכעדיגן נאמען. מהר"ם מינץ דערציילט דערביי למשל, אז א אינגל, וואס ביי דעם ברית האט מען דעם א נאמען געגעבן „שמואל", פלעגט מען אים דערנאך ביים הולקרייש א נאמען געבן „זנוויל", א מיידל, וואס איר הייליגער נאמען איז געווען „חנה" אדער „רחל", פלעגט מען א נאמען געבן „חנלין" אדער „רעכלין" [57]. קעגן דער דאזיגער דערקלע־רונג לאזט זיך א סך אפווענדן: ראשית זעהען מיר ניט יענע צייט קיין גע־מישטע ווערטער, מ'האט גענוצט אדער ריין־העברעאישע, אדער ריין־דייטשע ווערטער; צווייטנס, פלעגן פרויען אפט האבן נאר איין נאמען. מיר האבן שוין דא פריהער געבראכט אייניגע פרויעננעמען: „גימכען", „ברוינא", „שונדליין", „יוטא", דאס זיינען אלץ דייטשע נעמען, זעהר מעגליך, אז דאס זיינען געווען זייערע איינציגע נעמען. אפשר איז ריכטיג די השערה, אז דער אויסדרוק „הולקרייש" באטייט א צערעמאניע, ס'זאל הייסן, אז דער אויס־גערופענער נאמען זאל זיין האָלד, ד. ה. א גוטער סימן, א מזל'די־גער Nomen et omen, אדער גוטע מליצים Hulden ווערן אנגערופן, זיי זאלן ביישטיין דעם קינד. מסתמא האט פריהער דאס ווארט געקלינגען (Hollekreisch (Hulda, Holda, Holle [58] (האָלעקרייש); מיט דער צייט איז פארגעסן געווארן דער באטייט פון דעם ערשטן טראַף און דער זין פון דער גאנצער זאך, וואָס ווערט באצייכנט מיט דעם ווארט, און מ'האט דאס אנגעהויבן ארויסצוריידן „כאָלקרייש" (חולקרייש — פון דעם ה' איז געווארן א ח'). ערשט נאכדעם ווי ס'איז געשאפן געווארן אזא געמישט ווארט, האט מען אנגעהויבן צו פארבינדן די צערעמאניע מיט דעם וואכעדיגן נאמען, בעת פריהער האט דאס געהערט צו דעם נאמענגעבן בכלל. אז דאס איז א ריין דייטש ווארט און א דייטשער מנהג, קאן מען זעהן דערפון, וואס ביידע זאכן זיינען אנגעגאנגען נאר אין דרום דייטשלאנד און איצט אויך, די צערעמאניע הייסט נאך דארט עד היום Hollekreisch [59]. נאך אזא ענליכע זאך איז מיר פון די דייטשע אלטערטימער ניט באקאנט [60].

אזוי ווי מיר ריידן שוין דא פון אידישע נעמען, מעג דא אגב בא־מערקט ווערן, אז זיי האבן זעהר א אינטערעסאנטע געשיכטע, וואס זי דארף נאך ערשט געשריבן ווערן [61]. ריכטיגער: די נעמען פון דייטשע אידן זיינען

פונקט אזא שטיק אידישע געשיכטע ווי דייטשע· א סך דייטשע נעמען זיינען איבערגעגאנגען אין אן אלטער און פארעלטערטער פארם פון איין דור צום צווייטן, און היות ווי מ׳האט שוין ניט דערקענט זייער אפשטאמונג, האט מען זיי געהאלטן פאר העברעאישע נעמען. מיר האבן שוין פריהער אנגעוויזן, אז מהר״ם מינץ האט געצויגן דעם היידניש־דייטשן פרויענגאמען ברעכאַ אדער פרעכאַ פון העבראישן [62]. אבער אפילו ביי די העברעאישע נעמען טרעפן מיר וואונדערליכע זאכן. אין אן אלטן מעמאָרבוך פון וואָרמס געפינט זיך א נאמען פון א פרוי עתליה, וואס זי איז אומגעקומען על קדוש־השם. א רב פונם 17־טן יארהונדערט, וואס דערציילט אונז וועגן דעם, וואונדערט זיך, און מיט רעכט, ווארום דער נאמען פון דער דאזיגער קיניגליכער מערדערין האט גאר ניט פארדינט צו בלייבן ביי אידן [63]. נאך א וואונדערליכע זאך איז, וואס אידן האבן איבערגענומען נעמען ביי ארומיגע קריסטן. רבנים אין מיטלאלטער האבן שוין געהאט באמערקט, אז קריסטן פלעגן אויסריידן אידישע נעמען אויף זייער שטייגער, ווי זיי האט זיך עס געלעגט אויפן צונג. אזוי ארום זיינען אויפגעקומען נייע אידישע נעמען, וואס מיט דעם אדער יענעם קלאנג זיינען זיי געווען ענליך צו העברעאישע נעמען, אבער לויט דער פארם נאך זיינען דאס געווען דייטשע נעמען [64]. די דאזיגע פאר־ענדערטע און פארדרייטע קריסטליכע נעמען האבן זיך איינגעווארצלט ביי אידן אויך. אזוי ארום איז פון ישראל געווארען איסרלין, פון משה — מוישעל, מעסגין, מאָסקע [65], מעלין [66], פון שלמה — זלמן [67]. תחלת איז דאס געווארן אין דער קריסטליכער סביבה, נאכדעם איז דאס איבערגעגאנגען צו אידן. אזוי ארום איז געווארן אויך דער נאמען זעמיל, וואס מהר״ם מינץ האט זיך דערויף געבראכן דעם קאפּ, צי נעמט זיך דער נאמען פון זלמן, אדער דאס איז א צונאמען, וואס עלטערן געבן א געראטן קינד, ווייל „דאס איז ריין און וויים ווי זעמל־מעל״, וואס מ׳מאכט דערפון זעמל [68]. ריכטיג איז, אז תחלת איז דאס געווען א קריסטליכע פארענדערונג פון דעם נאמען שמואל, און נאכדעם איז דאס געווארן ביי אידן א צונאמען צו אנדערע העברעאישע נעמען. אנדערע נעמען האבן זיך אויסגעבילדעט על פי טעות, ווייל מ׳האט שלעכט פארשטאנען די מיטלאלטערישע שפראך און שרייבונג. למשל, דער נאמען הערץ, וואס איז א צווייטער נאמען צו נפתלי. באמת איז הערץ קיינמאל ניט געווען קיין נאמען. תחלת האט ער געקלונגען Hirz [69] (הירץ) = Hirsch (הירש), ווייל נפתלי ווערט געגליכן אין חומש צו א הערש. שפעטער האט מען שוין „הירץ״ ניט פארשטאנען, האט מען געלייענט און געשריבן „הערץ״, און דאס האט זיך איינגעבירגערט גלייך מיט דעם נאמען „הערש״. נאך א משל. יהודה ווערט געגליכן אין חומש צו א לייב, דעריבער איז Löwe געווארן א נאמען ביי אידן אין דייטשלאנד, דערפון איז געווארן בכלל: לעאָ, לעאָן, לעאָנע, כאטש דער נאמען שטאמט נאר פון דעם פארגלייך מיט יהודה אין דער ביבל, און די דייטשן האבן אין דער אלטער צייט, בעת

נעצנדינערײ, ניט געוואוסט פון אזא נאמען. אין דײטשלאנד האבן נאר אידן געברויכט דעם דאזיגן נאמען. אין מיטל־הויכדײטש און אין דער אידישער טראנסקריפּציע האט מען Löwe געשריבן „ליוואָ" [70], היות ווי שפּעטער האט מען שוין דאס ווארט „ליוואָ" [71] ניט פארשטאנען, האט מען געמאכט דערפון דעם נאמען „לײב". נאכדעם האט מען זיך שוין געריײצט מיט אידן פאר דעם נאמען „לײב", וואס אידן האבן זיך גענומען; דאס זאל זײן א דאנק דער־פאר, וואס זײ האבן אויס ליבשאפט צו זײער דײטשער מוטערשפּראך גענוצט דאס דײטשע ווארט, ניט דאס לאטײנישע Leo (לעאָ).

מיט צונעמען, וואס יענע צײט איז אזוינס אײנגעפירט געווארן, איז פארגעקומען דאס אײגענע, וואס מיט נעמען: אידן האבן זיך צוגעפּאסט צו דער דײטשער סביבה. פריהער האבן אידן גענוצט נאר דעם אײנעם נאמען, פון געגוויאיגקײט וועגן פלעגט מען צוגעבן נאך דעם פאטערס נאמען אויך. פון דעם 11־טן ביזן 13־טן יארהונדערט זײנען אונז באקאנט חכמים אין פראנקרײך און אין דײטשלאנד: ר׳ שלמה בן יצחק (רש״י), ר׳ שמואל בן מאיר (רשב״ם), ר׳ אליעזר בן נתן (ראב״ן), ר׳ מאיר בן ברוך (מהר״ם רוטנבורג) וכדומה. מיט דער צײט האט מען אנגעהויבן אנווענדן, אנשטאט דעם פאטערס נאמען, דאס געבוירן־ארט אדער דאס וואוין־ארט מיט א צוגאב „פון" (מ׳ אויף העב־רעאיש). ר׳ מאיר בן ברוך הײסט אויך: מאיר פון ראָטענבורג [מהר״ם (מורנו הרב ר׳ מאיר) מרוטנבורג], ר׳ אפרים פון באָן (ר׳ אפרים מבונא), יעקוב פון אָרלעאַנס (ר׳ יעקוב מאורלײנש), ר׳ יצחק פון ווין (ר׳ יצחק מווינא) א. אז. וו.

אזוי ווי קריסטן פלעגן זיך רופן: Rudolf von Emse (רודאלף פון עמזע) Conrad von Würzburg, (Ems, Hohenems} (קאָנראַד פון ווירצבורג), Hugo von Trimberg (הוגאָ פון טרימבערג) און דעסגלײכן. לסוף זעהען מיר אײגנטליכע צונעמען (פאמיליענעמען), גענומען זײנען די דאזיגע צונעמען פון דעם געבוירן־ארט אדער פון דעם וואוין־ארט, נאר ס׳פאלט שוין אראפּ דער צוגאב „פון" (מ׳ אין העברעאישן). אזוי געפינען מיר שוין: יואל פדרשהיים (פעדערסהײם) [72], זלמן קיצינגן [73], יעקוב מײשטר (מעסטרע), יודא אָברניק (אָבערניק) [74], אדער מרדכי זכשא [75] (זאַקסע — פון דער מדינה זאַקסן), יוסף אושטרײכר (עסטרײכער) [76] און דעסגלײכן. די דאזיגע צונעמען בײטן זיך, ווי ווײט אײנער בײט זײן וואוין־ארט, למשל, דער אפּט דערמאנטער איסרלין הײסט אמאל: ישראל מרפורג (מארבורג), אמאל: ישראל נוישטט (נײשטאט); זעליגמאן בינג הײסט אויך: זליקמן אופנהיים (אפּענהײם), אדער: זליקמן בינג אופנהיים, אדער: זליקמן אנדרנך (אנדערנאך) [77]. ס׳טרעפן זיך אבער אזוינע צונעמען, וואס זײנען ניט פארבונדן מיט קײן ארט, און דע״יבער בײטן זײ זיך ניט, ווי למשל: מינץ, ציון, מרגלית [78], לוריא [79], שטן (שאטען) [80], קלוזנר, שטײן, רומהילט [81], רונקל וכדומה. בײט זיך די סביבה, איז בײטן זיך אידישע נעמען, ס׳האבן זיך געפינען בײ זײ

דורכאויס קריסטליכע נעמען אויך, ווי למשל, קנולט (קאַנאָלט), א נאמען פון א רב אין האלבערשטאט [82].

ס'מעג דערביי נאך באמערקט ווערן, אז ביים אויסבילדן נעמען האט געהאט א סך צו זאגן די הארציגקייט פון פאמיליענפארקער און פריינטשאפט.

זעהר גרויס איז די צאל פארצויגענע נעמען, מאנסבילישע ווי ווייבערישע, און אזוי בלייבן די דאזיגע נעמען אפילו אין די שריפטשפראך ביי אזוינע געלעגנהייטן, וואו קיין צערטליכקייט גייט ניט אן, און ווייל מ'פלעגט די פארקלענערונגנעמען זעהר אפט פירברייינגען, זיינען זיי מיט דער צייט אויך געווארן נעמען פאר זיך נעבן זייערע שטאַמנעמען. מיר וועלן דא דערמאנען, למשל, אזוינע פרויענגנעמען, ווי: גימכען, רעכלין, שונדליין, שונלין [83], פערלין, ראזלין, מערלין [84], געלין [85], פעסלין [86]; מענערנעמען: איסרלין, מיישטרליין, מענכין [87], מענדיל (די לעצטע צוויי זיינען פארקלענערונגען פון דעם נאמען „מאן") [88], יעקיל [89], שענל [90], ענשין [91], ענזעל [92], זיסל [93], יודל, לעמליין [94]. אזוינע נעמען וואלט מען געקאנט ברייינגען צענמאל אזוי פיל. אין בריף פלעגט מען צוגעבן צו דעם נאמען, וואס צו דעם האט מען זיך געווענדט, אדער וואס פון דעם האט מען דערמאנט, א „לכבוד", וואס אמאל איז דאס געווען א גרוס, אמאל א שבח, אמאל א כבוד־גאב, שטענדיג מיט א וואונש: לאנג לעבן [95], מיט דעם דאזיגן לכבוד האט אבער ניט צו טון די געוויינשאפט צוצוגעבן דאס ווארט „לעבן", ווען מ'וויל זיין מיט יענעם צערטליך (למשל: יאזעפלעבן, פאטערלעבן, קינדלעבן א. אז. וו.). די דאזיגע געוויינשאפט האלט מען פאר אן עכט־אידישע און דעריבער מאכט מען פון איר חוזק, ס'איז אבער א טעות. די אידישע ליטעראטור אין מיטל־אלטער ווייסט ניט צו זאגן פון אזא צוגאב „לעבן" צו יענעמס נאמען אדער כאראקטער, ווען מ'איז מיט יענעם צערטליך. אקעגן אבער געפינען מיר אין א מעשה בוך „Der Seelen Trost" געשריבן דאס 15־טע יארהונדערט, ווי ס'שיינט פון א גייסטליכן, אויפן קעלנישן דיאלעקט, ווי א פאטער רעדט צו דעם קינד: Kint leif אדער Kint leve (קינדליב), און דאס קינד רעדט פון דעם פאטער: Vader leve (פאטערליב), אין הויכדייטש (געדרוקט דאס יאר 1478) ווערט דאס איבערגעגעבן מיט די ווערטער: „ליבעס קינד" א. אז. וו. [96]. ס'איז קיין שום ספק ניט, אז אין רהיין־געגנט פלעגן אזוי ריידן אידן און קריסטן, פון דעם רהיין איז דער דאזיגער אויסדרוק אריבער אין די מזרח־געגנטן, אין דערווייטן פון זיין אפשטאמונג האט מען דעם אויסדרוק אויפגעהערט צו פארשטיין און על פי טעות האט מען פאר Kint leve, Vader leve אנגעהויבן צו זאגן „קינדלעבן" און „פאטערלעבן" אנשטאט „קינדליב", „פאטערליב". געבליבן איז נאך דער צוגאב „ליב" אין די נעמען: ליפמאן (ליבמאן), מאַנליב, ליבקינד, אבערליב, ליבטרויט, טרויטליב און דעסגלייכן [97].

מיר גייען איבער צו קינדערלערנען. בכלל גילט נאך פאר דער דאזיגער צייט דאס, וואס מיר האבן געבראכט וועגן דעם אנהויב לערנען,

אין אונזער בוך ב׳ 1, ז׳ 50 און ווייטער׳ דער פרעדיגער סעבאַסטיאַן לאָצער זאגט דאס יאר 1523 פון דעם לערנען ביי אידן: „יא׳ געוויס זיינען זיי געלערנט׳ זיי לערנען זייערע קינדער פון יוגנט אן צו פארשטיין זייער געזעץ (תורה)“ [98]. תחלת פלעגט מען לערנען חומש׳ דערנאך גרינגע ערטער אין משנה און גמרא. חומש פלעגט מען לערנען׳ דער רבי און די קינדער׳ מיט א באזונדער ניגון׳ מיט „שטוב־טראפּ“ [99]. Tropus (טראָפּוס) איז אן אויסדרוק׳ וואס איז געווען אנגענומען אין דער מיטלאלטערישער קירך־מוזיק. שטוב־טראפּ׳ הייסט דאס׳ איז דער נגון פון דעם לייענען אין שטוב׳ ד׳ ה׳ אין דער שולשטוב ביי דעם מלמד. פאר דעם אנהויב לערנען איז ניט געווען קיין עפנטליכע שולן׳ געלערנט האט א מלמד׳ די עלטערן פלעגן שיקן קינדער צו אים אין חדר (שטוב). דאס ווארט „שול־שטובע“׳ וואס פאסט שוין ניט פאר אונזער צייט (איצט האבן מיר שוין שול־זאַלן)׳ דערמאנט אונז׳ אז יענע צייט האט ביי די דייטשן געהאלטן מיט קינדער לערנען אזוי ווי ביי אידן [100]. ביי קריסטן פלעגט מען תחלת אויך אפגעבן קינדער צום פריוואט־לערער׳ דערויף האבן מיר שוין פריהער אנגעוויזן [101]. דער שטוב־טראפּ איז מסתמא דער נגון׳ וואס איז איצט אנגענומען ביי אונז ביי דער קריאה (תורה־לייענען) פון ימים־נוראים און וואס ער איז געזאנגליכער׳ מער בא׳טעמ׳ט און דעריבער אויך אנציהענדער צום לערנען׳ איידער די געוויינטליכע קריאה פון שבת און יום־טוב. אונזער השערה וועגן דעם דאזיגן טראפּ האט א גרונד אין מהרי״ל׳ס מנהגים׳ דארט ווערט דערציילט׳ אז יום־כפור׳ און מסתמא ראש־השנה אויך׳ פלעגט ער לייענען די תורה מיט דעם „שטובן־טרופ״א“ [102]׳ פון אים איז דאס מסתמא געווארן א מנהג אין שול אויך; אזוי ארום איז א חדר־נגון געווארן א שול־נגון. מהרי״ל האט בכלל געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דער אויסבילדונג פון אונזער היינטיגן ריטוס. אגב איז שוין דערמאנט געווען (זעה אונזער בוך׳ ב׳ 1׳ ז׳ 54)׳ אז שוין פון לאנג אן זיינען געווען באזונדערע ניגונים פאר די באזונדערע טיילן תנ״ך [103].

ביים מלמד פלעגט א קינד לערנען בכלל ביז 13 יאר׳ ד׳ ה׳ ביז „בר־מצוה“. די „בר־מצוה“ איז געווען א גרויסער יום־טוב׳ דאמאלס פלעגט מען אים אויפרופן צו דער תורה׳ און דאס אינגל האט געלייענט א פרשה. אין דערהיים האט ער געהאלטן א דרשה פאר א סך געסט׳ נאכדעם איז געווען א סעודה. אזוי האט שוין געמוזט זיין צו יענער צייט׳ כאטש ידיעות וועגן דעם האבן מיר פון עטוואס שפּעטער [104]. נאכדעם איז דאס אינגל געווארן א „בחור“׳ וועגן דעם בחורס לעבן און שטרעבן איז שון ביי אונז גערעדט געווען.

ביז צו דעם עלטער׳ וואס דאמאלס פלעגט שוין א אינגל מוזן אליין זארגן פאר זיך׳ פלעגט זיין אויף אים די השפעה ניט פון דעם חדר אליין׳ נאר פון דער שטוב אויך. יעדער פאטער פלעגט מיטנעמען זיינע קליינע קינדער אין שול אריין. שבת און יום־טוב נאכן דאווענען פלעגט ער זיי

בענשן, חוץ דעם שבת, וואס אויף אים פאלט ערב תשעה באב [105]). ערב פסח פלעגט מען לאזן די קינדער זיך אויסשלאפן בייטאג, זיי זאלן קאנען אויף זיין צום סדר און פרעגן די קשיות [106]). שבועות, דעם יום־טוב פון מתן תורה, פלעגט מען באקן א פלאדן, וואס מ'רופט אים „סיני" [107]), ווי ס'זעהט אויס, צוליב די קינדער, ווייל די צייט פלעגט מען אפגעבן קינדער לערנען און מ'האט זיי אזוי ארום געוואלט ליב מאכן די טראדיציע פונם הייליגן בארג [108]). סוכות פלעגן קינדער העלפן באפוצן די סוכה. סוף יום־טוב פלעגן זיי זיך לוסטיג מאכן ביים פארברענען דעם סכך מיט די הושענות [109]). חנוכה און פורים פלעגט מען שענקען די קינדער מתנות, מ'פלעגט שיקן מיט זיי שלח־מנות ארעמע און נויטבאדערפטיגע, אידן און קריסטן, און אזוי ארום זיי צוגע־וויינען צדקה טון, דערפון וועט אונז נאך אויסקומען צו ריידן. אזוי האט די שטוב־אידישקייט געווירקט אויף דעם קינד צו אלע צייטן, אין פרייד און אין לייד. די קהלה האט אויך געזעהן אריינציהען קינדער אין אידישקייט. אין מאינץ איז געווען א מנהג, אז די צייט פון פסח ביז שבועות פלעגט דער שמש פארזאמלען ארום זיך קינדער און ציילן מיט זיי ספירה אויף א קול [110]). שבת און יום־טוב פלעגט מען זיי געבן טרינקען פון דעם קדוש־בעכער, שמחת־תורה פלעגט מען זיי אלע אויפרופן צו דער תורה [111]).

וואס איז נוגע מיידלאך, איז דא אמת געווען אן אלטער פארבאט צו לערנען זיי תורה [112]), אבער מ'פלעגט דאס אזוי אויסטייטשן, אז, חוץ תלמוד, איז נאך געבליבן א סך זיי צו לערנען. דער „ספר מדות" (אויף אידיש), געדרוקט דאס יאר 1542, באמערקט וועגן דעם דאזיגן פונקט: „וויא וואול די גמרא גיט, ורֵאוון דורפן ניט לערנן, דש מיינט זי דארפן ניט תלמוד לערנן אבר עשרים וארבע אונ' איסור והיתר זול מן זי לערנן" [113]) (ווי וואויל די גמרא גייט (זאגט), פרויען דארפן ניט לערנען, דאס איז געמיינט, זיי דארפן ניט תלמוד לערנען, אבער תנ"ך און איסור והיתר זאל מען זיי לער־נען). ס'איז שוין דא פריהער דערמאנט געווען, אז אייניגע פרויען פלעגן לערנען גמרא אויך. בכלל אבער האבן פרויען זעהר זעלטן פארשטאנען העב־רעאיש. מ'האט דעריבער שוין גאנץ לאנג גענומען איבערזעצן פאר זיי תנ"ך און אנדערע ספרים אויף דייטש (אויף אידיש), אדער מ'האט ספעציעל גע־שריבן פאר זיי אויף דער דאזיגער שפראך מוסר־ספרים און לייען־ביכער. דער דערמאנטער „ספר מדות" איז געווידמעט „אלן ורויאן אונ' יונקורויאן ... אונ' צו פאר אויש דר ערברן אונ' צויכטיגן ורויאן. ורויא מוראדא דוקטורין דער ורייאן קונשט דער ארצנייא וואנהאפטיג צו גוינשפורג" [114]) (אלע פרויען און יונגפרויען ... און צו פאראויס די ערבארע (חשוב'ע) און ציכטיגע פרויען, פרוי מָארַאדַא, דער דאקטארין פון דער פרייער קונסט פון ארצניי (היילונג), וואס זי וואוינט אין גינסבורג). אזוינע ביכער איז פאראן א גאנצע ליטעראטור [115]). שוין אויף דעם שער־בלאט, אדער אין דער פאררײדע ווערט דערציילט, אז אזוינע ביכער זיינען באשטימט „צו לייאן ור ווייבר אונ'

מיידליך" (צו לייענען פאר ווייבער און מיידלאך). מ'געפינט אפט אויך אזוינע ביכער אויפשריפטן פון יענע, וואס צו זיי האט דאס בוך געהערט. אויף א מאנוסקריפט פון א בוך "מנהגים" אויף אידיש, האט זיך, למשל, צעשריבן פרוידלינע יקותיאלס טאכטער, ווענעציע, מאנטאג, דעם 8־טן כסליו שי"א, ד. ה. סוף יאר 1550 [116]). פאר מיר ליגט אן עקזאמפליאר פון א פאעטישער באארבעטונג "מלכים" אין דער ניבעלונגענסטראפע פון דעם 14־טן יארהונ־דערט, געדרוקט דאס ערשטע מאל אין אויגסבורג די ערשטע העלפט פון דעם 16־טן יארהונדערט (דאס יאר 1543), אויפן בוך האט זיך צעשריבן איינע א פרוי רעצלה, יצחק'ס א טאכטער; אויף אן אנדער בוך "בראנדשפיגעל" האט זיך צעשריבן א פרוי פרומעט, א טאכטער פון איינעם אליהו [117]), מיט א פיינעם רש"י־כתב. דורך דער דאזיגער פרויען־ליטעראטור איז אריין אין אידישע קרייזן א גרויסער טייל דייטשע פאלקסביכער. וועגן דעם וועלן מיר נאך ריידן. פרויען האבן זיך באטייליגט אין שאפן אזא ליטעראטור, יעדנפאלס אין דער פארשפרייטונג. חי ליטע פון רעגענסבורג, וואס האט אפשר פארפאסט דעם "שמואל־בוך" (א פאעטישע באארבעטונג פון שמואל א' און ב'), יעדנפאלס האט זי קאָפּירט דאס בוך. אין עפיגראף שטייט: "דיז הון איך גשריבן מיט מיינר האנט. ליווא בון רעגנשפורק בין איך גננט (גענאנט). מיינר גוטן גינירין ברײדלן אישט זי גננט. צו ברײדן זול זיא עש נוצן אונ' לייאן דש בגעהר איך" (דאס האב איך געשריבן מיט מיין האנט. ליווא פון רעגענסבורג הייס איך, פאר מיין גוטער גענערין (פריינדין), פריידל הייסט זי. צו פריידן זאל זי עס נוצן און לייענען, דאס באגער איך) [118]). וועגן דאוועגען זאל דא באמערקט ווערן, אז פרויען און מענער, וואס האבן ניט פארשטאנען קיין לשון קודש, האבן געדאווענט אויף זייער דייטשער מוטערשפראך (אויף אידיש). מהר"יל אליין האט פארפאסט ביי א געוויסער געלעגנהייט א ברכה אויף דייטש (אידיש), נאר נאך א צייט פאר אים זיינען שוין געווען תּפלות און גרא־מען אויף דייטש (אידיש [119]). ביי מהר"י ווייל קומט פאר, אז א פרוי דארף שווערן. וועגן דעם שרייבט ער: אויב די פרוי פארשטייט נישט קיין לשון־קודש זאלן איר דיינים געבן צו פארשטיין דעם אינהאלט, און שווערן זאל זי אויף דייטש (אידיש [120]). דאס הייסט, אז פאר רבנים איז צו יענער צייט געווען די הויפטזאך, מ'זאל פארשטיין די תּפילה, ניט די שפּראך. מייסטנס האבן מענער פארשטאנען לשון־קודש, א טייל פרויען אויך.

לאמיר לאזן דאס לערנען און זיך ווענדן צו די בחורים און מיידלאך. פארשטייט זיך, אז דא איז די ערשטע זאך א שדוך. שדוכים פאר דערוואק־סענע קינדער דאס איז געווען די וויכטיגסטע זארג ביי יעדן בעל־הבית, און וויכטיג איז דא געווען ניט אזוי פיל קינדער צו פארזארגן, ווי פארהיטן זיי פאר יוגנטזינד. דעריבער איז שדכנות געווען א מצוה־זאך, אפגעגעבן האבן זיך דערמיט רבנים אויך, ווי מיר האבן שוין געזעהן. געוויינטליך זיינען געווען שדכנים־פראפעסיאנאלן אויך, וואס זיינען גרייט געווען צונויפפירן

א חאַנט מיט א וואַנט׳ אַבי פאַרדינען[121])․ אבער מ׳האָט ניט געקאָנט אויסמיידן אַזאַ פאַרמיטלונג׳ ווייל בּיי דער אָפּגעשיידקייט צווישן יונגעלייט׳ איז קיין געלעגנהייט ניט געווען צו קענען איינס דאָס אַנדערע׳ בּאַקענען פלעגט מען זיך קורץ פאַר דער חתונה׳ די פאַרקנסטע זאָלן נאָך קאָנען זאָגן דאָס לעצטע וואָרט׳ בּכלל אָבער פלעגן עלטערן טון שדוכים׳ יונגעלייט האָבּן דערבּיי געהאַט א קנאַפּע דעה׳ מ׳פלעגט משדך זיין קליינע קינדער און פריה זיי חתונה מאַכן[122])׳ פונדעסטוועגן האָט מען געלעבּט גליקליך[123])․ מ׳האָט ניט געהערט פון קיין ראָמאַנען פאַר דער חתונה׳ ניט פון קיין פעלשונג און דראַמעס נאָך דער חתונה׳ וואָרום צניעות און טריישאַפט זיינען געווען צו יענער צייט דער העכסטער געזעץ אין יעדער פאַמיליע׳ און זעלטן ווען מיר זעהען אויסנאַמען דערפון אין די קוועלן[124])․

מ׳האָט געהאַט געזאָגט׳ אַז „דאָס׳ וואָס די פּאָליגאַמיע בּיי אידן איז געפאַלן׳ איז איבּער דעם׳ וואָס דייטשן האָבּן געפילט דערצו אַן עקל״[125])․ דאָס הייסט פעלשן געשיכטע׳ איך האָבּ שוין וועגן דעם פּרט דורך אַגבּ אָפּגעענטפערט א געלערנטן אין מיין בּוך וועגן אידן אין איטאַליע (בּ׳ II׳ ז׳ 165)․ ווען מיר בּאַהאַנדלען דאָ די דאָזיגע פראַגע בּיי דייטשע אידן׳ לוינט זיך דערויף אָפּשטעלן אויספירליכער׳ ס׳איז א פאַקט׳ אַז נאָך שפּעטער נאָך דער תקופה׳ וואָס ווערט דאָ בּאַהאַנדלט, האָט ניט קיין קלענערער׳ ווי לאַנדגראַף פיליפּ דער גרויסמוטיגער׳ גענומען א צווייט ווייבּ צו דער ערשטער און גראַד מיט דעם הסכּם פון לוטער׳ מעלאַנכטאָן און בּוקער[126])․ אין אַן אַנגעזעהענער צייטונג לייענען מיר וועגן דעם: „פון דעם פּראָטעסטאַנטישן קוק קאָן מען נאָר בּאַדויערן אַזאַ פאַקט׳ און דאָס׳ וואָס מיר ווייסן וועגן דעם פון די אורקונדן׳ קאָן ניט פאַרענטפערן דעם לאַנדגראַפס האַנדלונג׳ נאָך ווייניגער די האַנדלונג פון די רעפאָרמאַטאָרס״[127])․ אָבער בּיי דייטשע אידן איז מאָנאָגאַמיע צו יענער צייט געווען א דין שוין פינף הונדערט יאָר׳ און איינגעוואָרצלט האָט זיך דאָס שוין א סך פריהער׳ וואָרום דער חרם פון רבּנו גרשון (קעגן נעמען עטליכע ווייבּער — בּ׳ I׳ ז׳ 10) האָט נאָר פאַרבּאָטן דאָס׳ וואָס איז רעכט געווען לויטן דין׳ אָבער וואָס ס׳האָט זיך שוין מער ניט פּראַקטיקירט․ דאָס האָט שוין בּאַמערקט לוטער אויך אין זיין ענטפער דעם דערמאָנטן לאַנדגראַף אויף יענעמס פראַגע׳ צי מעג א קריסט האָבּן מער פאַר איין ווייבּ․ לוטער ענטפערט: „די אבות פלעגן אפילו האָבּן צו עטליכע ווייבּער׳ אָבער נאָר אויס נויט․ דאָרט׳ וואו ס׳איז ניט געווען קיין נויט און קיין סבּה׳ האָבּן יצחק, יוסף און משה אויך געהאַט ניט מער ווי איין ווייבּ․ דעריבּער דאַרף מען אָפּהיידן קריסטן פון אַזאַ זאַך׳ סיידן ס׳איז א נויט׳ דאָס ווייבּ איז קרעציג אָדער איבּער אַן אַנדער סבּה איז זי דערווידער געוואָרן״․ בּכן קאָן מען שוין פון לוטערס רייד אַרויסזעהן׳ פון אידישע חכמים שוין נישט צו ריידן[128])׳ אַז ניט אמת איז׳ ווען מ׳זאָגט׳ אידן האָבּן זיך בּאַדאַרפט אָפּלערנען בּיי קריסטן מאָנאָגאַמיע און האָבּן דאָס אָפּגעלערנט׳ גיכער האָבּן קריסטן געקאָנט



6*

אפלערנען ביי אידן, ווי מ׳מיינט דאס ערנסט מיט מאנאגאמיע. דאס קריסטנ־טום האט יאָרהונדערטער לאנג ניט געשטערט די בארבארן־קיניגן האבן צו עטליכע ווייבער [129]. קארל דער גרויסער האט געהאט, חוץ זיין געגעט׳ער פרוי, נאך דריי ווייבער נאכאנאנד און דערצו נאך פינף קעפסווייבער. זיין ביאגראף איינהאַרט דערציילט דאס אונז, ווי א געוויינטליכע זאך, מאכט דערפון קיין וועזן ניט [130]. מיר האבן שוין אין אן אנדער ארט געהאט באמערקט (ב׳ I, ז׳ 234), אז קריסטליכע ריטער האבן אייגנטליך געלעבט פּאָליגאַמיש, זאך־קענער האבן נאר איין באשטימטע מיינונג וועגן דאס פארשייטע מאנ־און ווייב־לעבן אין יענע קרייזן [131]. ס׳זאל דא געבראכט ווערן די מיינונג פון איינעם א נייעם פארשער, וואס באלייכט די פראגע מיט דער געהעריגער ליכט. ער זאגט אזוי: „בכלל דארף מען זאגן, אז מ׳לעבט אין טעות וועגן דער מיטלאלטערישער געזעלשאפט, אויב מ׳הערט זיך צו צו די מליצות וועגן ריטערליכן מינענזאנג און דינען פרויען, וואס רימען שטארק די באַ־ציהונגען צווישן מאנסביל און פרוי". „טריישאפט צווישן מאן און ווייב איז ניט פון די געוויינטליכע זאכן משך דעם גאַרן מיטלאלטער, גראד אבער די דאזיגע צייט (דאס 14־טע און 15־טע יארהונדערט) באהערשט די מגושמ׳דיגע תאווה די געשלעכט־באציהונגען אין אלע קלאסן באפעלקערונג" [132]. ביי דער געלעגנהייט דארף אויך ניט פארשוויגן ווערן די פראנצויזישע קרענק „morbus gallicus", וואס איז אויפגעקומען יענע צייט און האט אנגעמאכט גרויסע חורבנות אין דייטשלאנד אויך. דאס וואלט געוויינטליך ניט געקאנט געשעהן, ווען דייטשן זאלן דאמאלס געווען זיין ערנסט אויפגעבראכט קעגן פּאָליגאַמיע. גראד דאמאלס איז זנות און „וואנדער־פרויען" געווען אומ־פארשעמטער, איידער ווען עס איז. אין פראנקפורט א/מ׳ זיינען געווען דאס יאר 1394 צו דער צייט פון דעם רייכסטאג 800 אַזוינע נקבות (ביי א באפעלקערונג פון 9000 נפשות), צו די קאָנצילן (צונויפפאר פון גייסטליכע) אין באזעל און אין קאָנסטאַנץ זאלן אזוינע „וואנדער־פרויען" זיך האבן פארזאמלט ביז 1500 [133]. ס׳איז דעריבער ריכטיג, וואס מיר געפינען ווייטער אין דעם בוך, וואס מיר האבן שוין פריהער ציטירט: „די רעפארמאציע האט געטראפן די פרוי אין אזא שרעקליכער זיטליכער דערנידערונג און אומכבוד, וואס ערגער איז שווער זיך פארצושטעלן. די ערשטע זאך פון דער רעפארמאציע איז דעריבער געווען ווידער צו הייליגן די התונה. געוויס זיינען דאס געווען געדאנקען, וואס האבן געדרימלט אין דער טיף אין דייטשן פאלקסגייסט, לוטער האט די דאזיגע געדאנקען זעהר באהארצט אויסגעדריקט אין זיין „לויבגעזאנג דעם פרומען ווייב" [134]. וואס איז אבער דער דאזיגער לויבגעזאנג און די געדאנקען, וואס האבן געדרומלט אין דייטשן פאלקסגייסט? „א פרום גאטספארכטיג ווייב איז אן אוצר א. אזו. וו." דאס איז א איבערזעצונג פון דעם 31 קאפיטל „משלי" [135] (אשת חיל מי ימצא א. אזו. וו.). בערך די אייגענע צייט, וואס לוטער האט געמאכט די דאזיגע איבערזעצונג, האט זיך געקאנט

פארלויפן, אז גיילער פאָן קייזערספערג זאל אין א דרשה פון דער בימה אין שטראסבורגער מיונסטער־קירך באהאנדלען די פראגע, וואס איז בעסער: איינער זאל אפגעבן זיין טאכטער אין א קלויסטער אדער אין א זינדהויז? אין א זינדהויז וועט זי ווייניגסטנס גיכער קומען צום שכל. „אויב אין קלויסטער איז זי א זונה, איז זי נאך דערצו א גנאדנפרוי אויך, אבער אויב זי איז אין א זינדהויז, קריגט זי דארט געשלאגן, עסט און טרינקט שלעכט, מ׳ווארפט איר פון שטאפל צו שטאפל, באטראכט זי זיך, וואס פון איר איז געווארן און האט חרטה, אין קלויסטער וואלט זי אזוינס ניט געטאן [136]). קאן מען דען אבער זאגן, אז נאר ניט באווייבטע פלעגן אויפזוכן זינדהייזער און „וואנדער־פרויען"?

דאס וועט קיינער ניט זאגן ערנסט. הייסט דאס, אז מאנאגאמיע איז דא געווען נאר לפנים. אקעגן אבער ביי אידן פלעגט מען פריה חתונה מאכן און דערמיט פארהיטן די יוגנט פאר זינד און קרענק. אזוי איז דאס געווען ווייניגסטנס אין דייטשלאנד. מיר זעהען ניט, אז אין די קוועלן זאל מען זיך קלאגן אין דעם פרט, די ארומיגע פאלקסמיינונג באשטעטיגט דאס אויך. מ׳פלעגט זאגן, אז אלע אידן זיינען קראנק אויף מערידן [137]), ניט אבער אויף זינד־קראנקהייטן.

די ערשטע זאך, איידער א פאר האט זיך פארבונדן, איז געווען: צונויפ־ריידן זיך, שרייבן תנאים. מ׳פלעגט מאכן א קנס־מאל, אזוי האט דאס געהייסן פון וועגן דעם קנס (שטראפגעלט), וואס איין צד האט באדארפט צאלן דעם אנדערן, אויב ער שיקט אפ די תנאים [138]). דער חתן פלעגט מאכן א סעודה זיינע חברים, די סעודה פלעגט צוגיין צו רעש׳יג, מ׳פלעגט זיך נאריש מאכן, אזוי אז מ׳האט געמאכט קעגן דעם תקנות [139]). דאנערשטאג פאר דער חתונה פלעגט דער רבי, אדער א ראש־הקהל, אדער אזוי א חשובער בעל־הבית ברייגנען פון דעם חתן צו דער כלה כלה־מתנות [140]), געוויינטליך פלעגט דאס זיין א פאס. מתנות פון קרובים און פריינט האבן שפעטער געהייסן „איינוואורף" [141]). ביי דער געלעגנהייט פלעגט מען אויך מאכן א גאסטמאל, מייסטנס פלעגט מען דאס מאכן, ווי עס ווייזט אויס, פרייטאג צונאכטס [142]). דאס האט געהייסן דאס גאסטמאל פון כלה־מתנות [143]), אדער קידושין־מאל. מ׳האט עס גערופן „שפינאָלס" אויך „שפינהאלץ" [144]), אן אויסדרוק, אפשר א איטאליענישער, וואס איצט איז אים שווער צו פארשטיין. קידושין האט געהייסן „אנטשפויזן" [145]). די חתונה האט געהייסן „ברוטלויף" [146]), מיט א צונאמען „נאך" אדער „נוך" [147]), גענומען פון פראנצויזיש אדער פון איטאליעניש. אזוינע פרעמדע ווערטער, וואס אגב זיינען זיי פאראן א סך אין מיטלהויכדייטש אויך, פלעגן אומגיין, ווי ס׳שיינט, מער אין דעם רהיין־געגנט. אין עסטרייך פלעגט מען זאגן אויף תנאים: „פאר־שפיל" [148]) אדער „פראספעל" [149]), דאס הייסט מסתמא אזוי גוט ווי צוזאגן [150]).

דעם פריהמארגן פון דער חתונה האט מען געפירט חתן־כלה צו דער שול צו דעם „מייען" [151]), וואס פלעגט פארקומען אונטער דעם פרייעם הימל

(א מין קאראהאדי, וואס הייסט נאך ביז איצט אין דרום־דייטשלאנד Manführen דאס איז Meienführen). אין איניגע געגנטן פלעגט מען חתן־כלה אוועק־שטעלן אונטער א חופה. אין אנדערע ערטער איז דאס ניט געווען אזוי, נאר חתן־כלה פלעגט מען פירן נאך דעם מייען אין שול אריין און דארט פלעגט מען מסדר קידושין זיין, דאס הייסט, זאגן די ברכות[152], ווארום די דרשה צו חתן־כלה פלעגט מען זאגן ערשט ביים טיש[153]. די ברכות זיינען געווען פארטיילט צווישן עטליכע מענשן. מסדר־קידושין זיין פלעגט דער רב. ביי דער צערע־מאניע פלעגט מען די עקן פון דעם חתנס הויב — קאפישאן (דערפון וועלן מיר נאך ריידן) ארויפלייגן דער כלה ארום קאפ אזוי, אז ביידע זיינען געווען פאר־דעקט מיט איין געוואנט[154], דאס זאל הייסן, אז איצט זיינען זיי פאראייניגט.

אין דער גאנצער צערעמאניע זיינען געווען געמישט צייכן פון פרייד און פון טרויער. די ברענענדיגע הבדלות בעת דעם מייען זיינען געווען א פרייד־צייכן, די קידושין אונטער דעם פרייעם הימל האט געזאלט הייסן, אז דאס יונגע פאר־פאלק זאל זיך מערן, ווי שטערן אין הימל. דאס בא־שיטן מיט ווייץ האט אויך באטייט דאס אייגענע. אנדערע מנהגים ווידער האבן געזאלט דערמאנען חורבן ירושלים, דעם טויט, דעם גלות בכלל. דא מוזן מיר זיך נאכאמאל אומקערן צום חתנס הויב. דער חתן פלעגט טראגן א מאנטל מיט א קאפישאן. דער קַאפִּישַאָן ווי דער גאנצער מאנטל, הייסט אויף מיטלהויכדייטש: Gugel (גוגעל), Kogel (קאגעל), אדער Kappe (קאפע)[155]. אזא קליידשטיק האבן אין מיטלאלטער געטראגן גייסטליכע און אנדערע אויך צו קירך־פייערן. בעת דעם מסדר־קידושין זיין פלעגט דער חתן מוזן פארדעקן דעם קאפ מיטן קאפישאן, אזוי ווי דער מנהג איז געווען ביי אבלים[156]. די כלה פלעגט טראגן א תכרוכים־קלייד[157] אויבן מיט א מאנטל, אדער „קירסען"[158], אזוי ווי אין אבלות. אין אנדערע געגנטן, דערהויפט אין רהיין־געגנט, איז ווי נאר דער חתן פלעגט זיך באווייזן אין שול מיט דער כלה, פלעגט מען אים באשיטן דעם קאפ מיט שטויב אדער מיט אש[159]. ס'האט אויך געהערט צו די טרויער מנהגים, אז דער חתן זאל נעמען דעם גלעזערנעם כוס נאך די קידושין און זאל אים א ווארף טון צו דער וואנט, ער זאל צעבראכן ווערן, דאס זאל דערמאנען חורבן ירושלים, און זאל איינהאלטן די שמחה. פון דער גמרא ווייסן מיר שוין, אז איינער א חכם האט ביי זיין טאכטער אויף דער חתונה צעבראכן א טייער געפעס, כדי איינצושטילן די רעש'יגע פריילעכקייט[160]. לויט אן אנדער מיינונג זאל דאס צעברעכן די גלאז זיין ניט מער ווי א סימ־באל, אז די קידושין זיינען רעכט, אזוי ווי אין דער דייטשער יורידישער פראקטיק איז געווען אנגענומען צעברעכן א שטעקן, דאס זאל באטייטן, אז דער פסק איז א פסק[161]. ביי דעם קנס־מאל איז נאכדעם אויך איינגעפירט געווארן ברעכן טעפ, די געסט פלעגן צונעמען די שערבלאך פאר אן אנדענק. ביי א מיידל אויף דער חתונה פלעגט מען נוצן א ברכה־כוס מיט א שמאל העלזל, „גוטעראלף"[162] האט דאס געהייסן, ביי אן אלמנה — איז דאס געווען

אברייט אפענער כוס, „קרויז"[163], דאס איז געווען א סימן, וואס מ'דארף ווען אים ניט מאריך זיין. דעם קידושין־רינג פלעגט דער חתן אנטון דער כלה אויף דעם טייט־פינגער פון דער רעכטער האנט. מ'וואלט דעם רינג באדארפט אייגנטליך אנטון אויף דעם גראבן פינגער, אבער מ'טאר דאס ניט, ווייל אזוי פלעגן מענער טראגן רינגען. די כלה פלעגט שטיין בעת די קידושין נעבן חתן רעכטס. נאך די קידושין פלעגט מען זיי אפגעבן „מזל טוב". נאכדעם פלעגט מען גיין צו דער סעודה. חתן־כלה פלעגן ערשט שטילן זייער הונגער, ווארום דער מנהג איז געווען, זיי זאלן פאסטן: ס'זאל הייסן, דער חופה־טאג זאל זיין ביי זיי אזוי ווי יום־כפור, זיי זאלן אויסבעטן א מחילה אויף זייערע זינד, אדער דאס פאסטן זאל פארהיטן „זיי זאלן ניט טרינקען איבעריגס און איבער דעם זאלן זיי ניט האבן קיין קלארע דעה ביי די קידושין"[164].

די חתונה־מנהגים, וואס זיינען דא באשריבן נאך מהר"ם מינץ נאך, זיינען געווען איינגעפירט אין באמבערג דאס 15־טע יארהונדערט[165]. ווען מינץ איז געקומען קיין פויזן האט ער דארט געטראפן אייניגע שנויים, וואס זיינען מסתמא געווען גילטיג פאר דעם גאנצן מזרח־געגנט. די חופה פלעגט דארט געוויינטליך פארקומען פרייטאג פארנאכט. פון דעם „מייען" האט מען דארט ניט געוואוסט, נאר חתן־כלה פלעגט מען פירן צו דער שול מיט כלי־זמר. כוסגלעזער פלעגט מען נוצן ברייט־אפענע אפילו ביי א מיידל אויף דער חתונה אויך. דא האט עפעס געשטעקט אן אבערגלויבן. דער מחבר פון „לקט יושר" דערציילט, אז איסרלין האט ניט געראטן, ניט צו טרינקען פון דעם „גוטעראלף", ווייל דאס איז אומגעזונט פאר דעם זעהן און הערן[166]. ווייטער איז אין פויזן געווען א מנהג, אז דער מסדר קידושין פלעגט באלד נאך דער ערשטער ברכה און נאכדעם, ווי ער האט אויסגעגאסן דעם רעשט ווייך, געבן דעם כוס דעם חתן, דער חתן זאל אים צעברעכן מיט דעם פוס. נאך די קידושין פלעגט מען ארויסלאזן איבער דער חופה א האן און א הון, א סימן דאס פארפאלק זאל זיך מערן.

מהרי"לס א תלמיד באשרייבט א חתונה אין מאינץ אזוי[167]: דאנערשטאג פלעגט זיין א גאסטמאל ביי דער כלה אין „שטוב", זומער — נאך מיטאג, ווינטער אין — אוונט, ווי ס'זעהט אויס, פלעגט מען דא אויך ברייינגען דער כלה דעם חתנס כלה־מתנות, ווי מהר"ם מינץ באשרייבט עס פון באמבערג. פרייטאג פארטאג, ווען דער שמש קלאפט אין שול ארייין צום דאווענען, פלעג ער זיי רופן צום „מייען" אויך. דאמאלס נעמט דער רב דעם חתן און פירט אים מיט א גרויסן עולם מיט כלי־זמר און מיט ברענענדיגע הבדלות צום שולהויף. דער חתן גייט פריהער פאר דעם רב, צו דער תורה רופט מען אים אויך אויף פאר דעם רב[168], דער חתן בלייבט אין שולהויף, דער עולם גייט צו דער כלה און ברייינגט זי אהער מיט דער זעלבער צערעמאניע. ווי די כלה קומט צום טויער פון שול־הויף, נעמט דער רב און חשובע בעלי־בתים דעם חתן און גייען מיט אים דער כלה אקעגן, דער חתן נעמט אן די כלה ביי דער

האנט׳ דער עולם באשיט חתן־כלה מיט ווייץ און זאגט דריי מאל: „פרוכ־
פערט זיך און מערט זיך״ [169])׳ חתן־כלה גייט צו צו דער טיר פון דער שול׳
און זיי זעצן זיך א ביסל צו (מסתמא אונטער א חופה׳ ווי מיר זעהען דאס ביי
מהר״ם מינץ)׳ דאמאלס פירט מען די כלה צוריק אהיים׳ מ׳טוט איר אן אויף
די קליידער תכרוכים׳ מ׳פארדעקט איר דאס פנים מיט א שלייער׳ און מ׳טוט
איר אן „קירסען״ אנשטאט א מאנטל׳ דעם חתן׳ אנגעטאן שבתדיג נאר מיט
א קאפישאן אויפן קאפ (א טרויער צייכן)׳ פירט מען דערווייל אריין אין שול
אריין און מ׳באזעצט אים נעבן ארון־קודש׳ צפון־מזרח־זייט׳ מ׳הויבט אן
דאווענען שחרית׳ בשעת מ׳זאגט דא תהלים׳ „פלעכט״ [170]) מען דארט דער
כלה די האר און מ׳שיינקט איר רינגען׳ נאכדעם פירט מען זי ווידער מיט
דעם אייגענעם פאראד ביז צום טויער פון דער שול׳ דא וואַרט זי ביז ס׳ענ־
דיגט זיך שחרית׳ און דער רבי אנגעטאן שבתדיג׳ ווי דער גאנצער עולם בכלל׳
פירט ארויף דעם חתן אויף דעם באלעמער און באשיט דעם חתנס קאפ
מיט אש אויף דעם ארט׳ וואו מ׳לייגט תפילין׳ נאכדעם גייט דער רב ארויס
מיט חשובע בעלי בתים אקעגן דער כלה׳ ער נעמט זי אן ביים קלייד [171])׳
פירט זי אריין אין שול און שטעלט זי אוועק נעבן חתן רעכטס (אזוי ווי אין
תהלים שטייט: „שגל לימינך״ קאפיטל מ״ה׳ פסוק 10)׳ חתן־כלה שטייען
מיטן פנים צו דרום זייט׳ ארום זיי — מוטערס און קרובים׳ מ׳נעמט די עקן
פון דעם חתנס קאפישאן׳ און מ׳לייגט זיי ארויף דער כלה איבערן קאפ׳
מהרי״ל האט אויף זיין טאכטערס חתונה ארויפגעלעגט דעם עק (קוטעס׳ פראנז) [172])
פון איר שלייער דעם חתן אויפן קאפ׳ ער האט געזאגט׳ אז אזוי איז אייגנט־
ליך שטענדיג געווען דער מנהג׳ נאר ער איז פארגעסן געוואָרן׳ דער רב
זאגט די ברכות אויף פארשיידענע כוסות׳ געווענדט אן דעם׳ צי איז די כלה
א מיידל אדער אן אלמנה׳ אגב פלעגן די קידושין ביי אן אלמנה פארקומען
ניט אין שול׳ נאר אין פירהויף׳ דוקא נאר דאנערשטאג און מ׳פלעגט נוצן
ערדענע „קרויזן״ פאר דעם קידושין־כוס׳ בעת די קידושין שטייט דער רב
מיטן פנים צו מזרח־זייט׳ נאר ווען ער קומט צו דער שטעלע: „גאט זאל
דערפרייען די געליבטע פריינט״ (שמח תשמח רעים אהובים)׳ קערט
ער זיך אויס צו חתן־כלה׳ ער דערלאנגט חתן־כלה דעם בעכער׳ וואס ער
האלט אין האנט׳ צו טרינקען׳ נאכדעם גיט ער אפ דעם בעכער דעם חתן׳
יענער דרייט זיך אויס קיין צפון־זייט און גיט אים א ווארף צו דער וואנט
צו און צעברעכט׳ אלע געבן אפ דעם חתן מזל־טוב און פירן אים אוועק אין
דערגיך אין דער חתונה־שטוב׳ ס׳איז געווען איינגעפירט׳אז חתן־כלה בא־
זעצט מען נאכדעם אין א באזונדער חדר׳ מ׳גיט זיי צו עסן א איי און א הון׳
און נאר איין פרוי דערלאנגט זיי׳ אין א ווייַלע ארום קומען אויף די איבעריגע
געסט און מ׳זעצט זיך צו דער חופה־סעודה׳ צו מהרי״ל׳ס צייטן איז שוין גע־
ווארן אויס מנהג׳ חתן־כלה זאלן זייער ערשטן מאלצייט געניסן אפגעזונדערט׳
די חתונה האט געדויערט זיבן טעג׳ פרייטאג־צונאכטס׳ ד׳ ה׳ דעם אוונט פון

דער חתונה פלעגט דאס יונגע פאר פאלק ניט גיין אין שול אריין׳ יונגעלייט פלעגן קומען צו חתן־כלה און מאכן דארט א מנין׳ שבת אין דערפריה פלעגן חשובע בעלי־בתים פירן דעם חתן אין שול אריין׳ ער פלעגט שוין דאמאלס טראגן א הוט׳ ניט דעם קאפישאן׳ אין שול איז זיין פלאץ געווען ביי דעם ארון־קודש אין מזרח־צפון זייט צווישן צוויי אונטערפירער׳ וואס חתן־כלהס עלטערן האבן פארבעטן׳ ביים דאווענען פלעגט מען זאגן ספעציעלע תפלות און פיוטים לכבוד חתן־כלה׳ אזוי האט די גאנצע קהלה זיך פייערליך באטייליגט אין דער שמחה [173]). לסוף זאל נאך באמערקט ווערן׳ אז מהרי״ל האט געהאלטן פאר זעהר וויכטיג׳ די חתונה זאל זיין מיט כלי־זמר׳ ווארום דאס איז ״דער עיקר פרייד ביי חתן־כלה״. ס׳האט זיך אמאל פארלאפן׳ ס׳איז געשטארבן די פירשטין אין לאנד און ס׳איז דעריבער פארווערט געווען יענק יאר מוזיק אין גארן לאנד׳ האט מען געפרעגט ביי מהר״יל׳ וואס טוט מען מיט א חתונה׳ האט ער געראטן ארויספירן ד חתונה אין אן אנדער שטאט׳ ווארום מ׳טאר ניט מאכן קיין חתונה אהן כלי־זמר [174]). ער האט אפילו מתיר געמאכט הייסן גויים שפילן אום שבת [175])׳ ווייל די מצוה פון משמח זיין חתן־כלה איז העכער.

מיר האבן דא איינינגע מאל געהאט פירגעבראכט׳ אז די גאנצע קהלה אדער ״דער גאנצער עולם״ ווי מ׳יר געפינען דאס אין די קוועלן׳ האט זיך באטייליגט אין א חתונה׳ איז דא א געלעגנה״ט צו שטעלן זיך די פראגע׳ ווי גרויס אין צאל זיינען געווען קהלות אין מיטלאלטער? מ׳דארף וויסן׳ אז גרויסע קהלות׳ ווי מיר האבן דאס היינט׳ איז דאמאלס בכלל ניט געווען׳ ווארום קיין גרויסע שטעט מיט א גרויסער בירגערשאפט איז אויך ניט געווען׳ ווי היינט׳ איינער פון די נייעסטע פארשער שאצט די איינוואוינער אין פראַנקפורט א/מ דאס יאר 1440 אזוי גרויס ווי 9000 נפשות [176]). מ׳קאן זיך פירשטעלן׳ אז די אידיש׳ קהלה איז דארט געווען זעהר א קליינע׳ לויט אונזערע היינטיגע השגות׳ כאטש זי האט געהאט א גרויסע השפעה אויף אנדערע קהלות׳ אין מאינץ האט די גאנצע קהלה געוואוינט סוף 13־טן יארהונדערט אין 54 הייזער [177]). לויט א פארצייכעניש פון יאר 1546 האט אין פראג געלעבט סך הכל 976 אידישע נפשות׳ מענער׳ פרויען׳ קינדער און דינערשאפט׳ וואס זיי האבן געהאט ״געלייטבריף״׳ ד׳ ה׳ רעכט צו וואוינען אין פראג׳ אהן ״געלייטבריף״ האבן זיך דאמאלס אויפגעהאלטן אין פראג — 80־100 נפשות [178])׳ סך־הכל׳ הייסט עס׳ האט צו יענער צייט באדארפט זיין אין פראג — אז גוט גערעכנט — בערך 1200 אידישע נפשות׳ ווי קליין ס׳זיינען דאמאלס געווען אידישע קהלות׳ באווייזן די אלטע שולן׳ וואס זיינען געבליבן אין פראג און אין וואָרמס׳ אין מאינץ האט די שול אויך ניט באדארפט זיין גרויס׳ ווען מיר דערמאנען זיך׳ וואס מיר האבן שוין פריהער געזעהן׳ אז דער חתן האט פון דעם באלעמער אין מיטן דער שול געקאנט ווארפן און צעברעכן א כוס אין דער וואנט׳ געוויס זיינען געווען נאך שולעכלאַך אויך אין די גרעסערע

קהלות, אבער אזוינע זיינען געווײנטליך געווען נאך קלענער פאר דער גרויסער שול. בכלל אבער בנוגע צו אידישע באפעלקערונג־סטאטיסטיק אין מיטלאלטער, דארף מען געדענקען, אז אידן האבן געלעבט אין זעהר א סך ערטער. אידן זיינען געווען פיל אין נידערזאקסן, אין שטייערמארק, קערנטן א. אזו. וו." וואס היינט גיט עס דארט כמעט קיין אידן ניט. לוטער זאגט: "איז דאך ביי אונז קיין שטאט, קיין דארף ניט פאראן, וואס זאל ניט האבן קיין גאסן מיט אידישע נעמען" [179]. אידן, הייסט דאס, זיינען געווען צעזייט און צעשפרייט און האבן ניט געהאט קיין גרויסע צענטערס. אין קליינע קהלות האט מען זיך געטוליעט איינס צום אנדערן, און אלע זיינען געווען ביי יעדן אויף א שמחה. אין דעם פרט זיינען געווען געוויסע רעליגיעזע תקנות אויך, למשל, אין איין טאג זאלן ניט זיין קיין סך חופות [180], און נאך וויכטיגערע תקנות, וואס מ'האט זיי געקאנט אויספירן נאָר ביי יענע אומשטאנדן.

נאך מער, ווי אין פריידן, פלעגט זיך די קהלה באטייליגן אין יענעמס לייד, דערהויפט ביי א מת. א איד האט בכלל געהאט גענוג אויסצושטיין אין מיטלאלטער, און דאס לעבן איז אים שטענדיג געווען פאראומערט, ווער שמועסט שוין, אז מ'איז געזעסן שבעה. א שטיקל טרייסט איז געווען, וואס לייטן האבן זיך אריינגעלעגט אין דעם אומגליק, אלע פלעגן זיך מתעסק זיין ביי דער מיטה, זיין ביי דער לויה, קומען מנחם־אבל־זיין. אין רהיין־געגנט פלעגט די קהלה פירן דעם אבל שבת פון שבעה אין שול אריין, אין עסטרייך פלעגט די קהלה אפווארטן דעם אבל אין שול־הויף און אים טרייסטן [181]. די לויה און די קבורה פלעגט צוגיין זעהר איינפאך [182], חוץ איניגע פרעמדע איינפירן און אבערגלויבן. וועגן דעם איז שוין ברייט גערעדט געווען ביי אונז אין 1־טן באנד (ז. 199 א. וו.), מיר וועלן דא דערמאנען נאר איניגע פרטים פון די קוועלן יענע צייט און נאהענט צו יענער צייט. ס'איז געווען אנגענומען ניט צו פארטרייבן קיין פליגן און מוקן פון דעם גוסס, מ'פלעגט זיך היטן צו קוקן אויף א ליכט, וואס האלט ביי אויסגיין. ר' יאיר חיים בכרך האלט ביידע זאכן פאר וויבערשע איינריידענישן [183]. בכרך האלט אויך ניט פון שטעלן א ליכט צו יאר־צייט, פונדעסטוועגן דארף מען ניט שפעטן דערפון [184]. איסרלינס תלמיד דערציילט, אז זיין רבין פלעגן זיך חלומען חלומות, וואס זיינען געווארן וואר [185]. אויך דערציילט ער פון איסרלינס נאמען וועגן א גרויל־געשיכטע מיט א שד. א סופר האט אמאל שבת־צו־נאכטס געשריבן א ספר, האט זיך באוויזן צו אים נאך איינער און האט געשריבן ווייטער. ווי נאר אבער דער פארמעט איז געווארן אויס, האט ער אפגעשינדן ביים סופר א שטיק הויט און האט געשריבן דערויף דעם ספר ביז צום סוף. דעריבער זאל מען שבת־צו־נאכטס ניט שרייבן [186]. דאס יאר 1456 האט זיך באוויזן א קאמעט, א שטיק צייט האט אים איסרלין ניט געוואלט אנקוקן. לסוף, אז ער האט אים שוין געזעהן פון א טורעם אדער פון א הויך ארט אין דער אידנגאס אין ניישטאט, האט ער געזאגט: "דער

עק ווייזט אויף חיך״. דאס יאר׳ דערציילט דער תלמיד׳ האט מען אין פראג גע׳סמ׳ט דעם ״קיניג״ פון ווין׳ זיין פאטער האט גע׳רודפ׳ט ווינער אידן׳ דער אונגארישער קיניג איז אויך געטויט געווארן אין זיין הויפטשטאט [187]. דעם ערשטן מיינט ער לאדיסלויס פּאָסטומוס׳ דעם אנדערן – לאדיסלויס קאָרווינוס. דעם ערשטן זאל געארג פאן פּאָדיבראַד האבן גע׳סמ׳ט׳ דער אנדערער זאל זיין געטויט אויפן באפעל פון זיין שווער אין אפען [188]. איסרלין פלעגט פאר דעם טרינקען שטענדיג אפגיסן א ביסל פון דער גלאז׳ קעגן כּאדאגרע פלעגט ער ניט נוצן קיין שום רעצעפּטן׳ ער פלעגט נאר ווישן דאס קרענק־ליכע ארט מיט אורינע [189]. מ׳האט געמיינט יענע צייטן׳ אז גענז און פליגן וואקסן אויף בוימער [190], מ׳האט אויך געהאלטן׳ אז ס׳זיינען פאראן אזוינע רוחות ״אַלריינכין״ וואס דינען דעם מענשן [191]. מ׳פלעגט זעהן שיצן געטראנקען׳ זיי זאלן ניט מזיק זיין׳ איבער דעם בלוט אדער סם׳ וואס פאלט פון הימל׳ און מ׳פלעגט צוליב דעם ארײנטון אייזן אין די געטראנקען [192]. מ׳פלעגט זיך היטן אריינקוקן אין א כלי אזוי לאנג׳ ווי דארט איז פאראן ווייך [193], אדער טרינקען פון א כוס מיט א שפּעלטל [194], מ׳פלעגט אויסמיידן טרינקען פון א גלעזל מיט א שמאל העלזל [195], לאזן ליגן א מעסער מיט דעם שארף ארויף [196]. מנחם ציוני דערציילט וועגן מזיקים׳ וואס מ׳רופט זיי ״מרא״ (מאַרע) און ״שטריאה״ (שטריאַ) [197], ער מיינט אויך׳ אז מכשפות פארלירן זייער כוח׳ ווי באלד זיי הערן אויף אנצורירן די ערד [198]. ער דערציילט פון שווארצקונסט (כשוף־מאכעריי) אדער ״ניגראמאנטיע״ און פרובט זיך אויס־טייטשן דאס לעצטע פרעמדווארט אויף דעם שטייגער פון יענער צייט [199].

ער ווייסט צו זאגן פון בילדער־כשוף און לופטמענשן [200], וועגן דער ״תקופה״ זאגט ער׳ אז אויף דייטש הייסט עס אין אייניגע געגנטן: וואסער־קאלב [201]. שדים׳ זאגט ער׳ זיינען אין נארוועגן [202]. אין דעם גלאקן־קלינגען זעהט ער א שטיק כשוף [203]. מיט אזוינע און ענליכע פירשטעלונגען פארוועבט ער זיין פרוש אויף תורה. אזוינע מין פירשטעלונגען האבן דאמאלס געגאלטן אומעטום׳ אלערליי טרעפערי אלכימיקער און סגולות־מאכער האבן אזוינס שטארק געשטיצט. סעבאסטיאן בראנט קלאגט זיך דערויף: ס׳איז איצט פול מיט אבערגלויבן׳ וואס מיט דעם זוכט מען געהיילט צו ווערן׳ ווען איך זאל דאס אלץ צוזאמענגעמען׳ וואלט דאס געווען א גאנץ בוך מיט אפיקורסות מיט נביאות־זאגעריי און מיט פויגלגעשריי׳ מיט אפשפּרעכן און פרעפלען און פותר־חלומות זיין׳ מ׳זוכט ביי דעם שיין פון דער לבנה׳ מ׳יאגט זיך נאך כשוף אלערליי׳ נישטא אזא זאך׳ וואס ס׳זאל ניט זיין דערויף קיין נאכפרעג [204].

גיילער פאן קייזערספערג קלאגט זיך אויף די אויפטועץ פון די נביאות־זאגער און דעם צוטרוי׳ וואס מ׳האט צו זיי: ״ס׳איז נאך פאראן אן איינריי־דעניש צו דערגיין וועגן א גנבה און דערוויסן זיך זאכן אין אזוינע ערטער׳ וואס מ׳טאר ניט׳ ווי למשל׳ גיין צו טרעפער׳ וואס מ׳רופט געאָמאַנטיקי

(geomantici)· ס׳זיינען פאראן אזוינע· וואס קוקן אויף א צוואק· באשיטן אים מיט קרויט· און א יונג אינגל מוז דערין אריינקוקן און זאגן· וואס ער זעהט· ווער איז דער גנב״ [205]·

פון די דייטשע און אנדערע פרעמדווערטער· וואס מיר געפינען אין אידישן אבערגלויבן· איז ארויסצוזעהן· אז אידן האבן די אלע גלויבענישן און סגולות גענומען פון דער ארומיגער סביבה· מ׳מוז אבער זאגן· אז אין דעם פרט האבן קריסטן גענאשט ביי אידן אויך [206]· אזא קעגנזייטיגע ווירקונג באווייזט זיך אין רעליגיעזע מנהגים· דערהויפט ווי׳ חייט ס׳האנדלט זיך פון טויטע· אידן האבן געהאלטן· אז מ׳טאר ניט באגראבן אין אן ארון· טיילווייז זעהען מיר אזוינס נאך איצט אויך· מ׳פאררופט זיך אויף א פסוק ״וואָרום שטויב ביסטו און צו שטויב זאלסטו צוריקקערן״ (בראשית· ג׳ יט׳)· דער איינפיר באגראבן א מת ניט אין קיין ארון· נאר אין תכריכים איז אין מיטל־אלטער געווען אנגענומען ביי קריסטן אויך און האט זיך געהאלטן ביז מיטן דעם 16־טן יארהונדערט [207]· פעטער זוכענווירט· וואס האט געלעבט אין 14־טן יארהונדערט זאגט וועגן דעם פארמעגן פון א געלטגייציגן מענשן· וואס ער קאן דאס ניט מיטנעמען מיט זיך אין קבר אריין: מער וועט ער ניט האבן· אז א ליינען־טוך און זיבן טריט ערד פאר א קאמער [208]·

בכן איז פון אן ארון אפגערעדט· ווער האט דאס ביי וועמען אפגעלערנט: קריסטן ביי אידן אדער פארקערט? דאס יארצייטליכט לזכר דעם פארשטארבענעם מוז שטאמען פון קריסטן· ווי בכלל דער אויסדרוק ״יארצייט״ איז גענומען פון דער קירך [209]· אקעגן אבער האט די קירך גענאשט ביי אידן (אויב צו ריידן נאר פון טויט־מנהגים) שבעה און שלושים· סעבאסטיאן פראנק· וואס איז אומצופרידן מיט די טרויער מנהגים פון זיין צייט· מאלט זיי אזוי: ״באלד גייט דורך דער זיבעטער (טאג)· דערנאך דער דרייסיגטער· און מיט דער קלאג איז אויס״ [210]· נישט אומזיסט איז ער אומצופרידן וואָרום ״דער דרייסיגטער״ (dies tricesimus depositionis) פלעגט אפט צוגיין ביי קריסטן זעהר רעש׳יג מיט פרעסן און זויפן און מיט מאסקעס שפיל· און די מאכט פלעגט זיך מוזן אריינמישן [211]· אזא שטיק האט שוין ניט געקאנט שטאמען פון אידישע מנהגים·

כדי צו ענדיגן מיט גוטס· לויט דעם אידישן שטייגער· קערן מיר זיך נאך אמאל אום צו די חתונה־מנהגים און מיר ווילן ריידן וועגן שפייז און געטראנק אויף חתונות· וועגן פרייזן אויף געברויכמיטלען· וועגן קליידונג· פוץ און אונטערהאלטונג ביי דייטשע אידן·

אין די פאליציי־ארדענונגען אין פארשיידענע דייטשע שטעט צו יענער צייט זעהען מיר תקנות איינצוצאמען דעם לוקסוס (אין איטאליע זיינען אזוינע תקנות געווען זעהר אפט צו יענער צייט און פריהער) [212]· אין איינער אזא פאראָרדענונג פון מיונכען דאס יאר 1405 הייסט דאס· למשל· אז מענער און פרויען זאלן ניט טראגן קיין מאנטל אדער קיין ראק· וואס זאל זיך שלעפן

אויף דער ערד מער, ווי אויף צוויי פינגער די ברייט, אויף א חתונה זאלן ניט זיין מער פאר צוויי סעודות, אין אוונט און אין דערפריה, מער פאר פיר און צוואנציג פרויען זאלן ניט פארבעטן ווערן פוןביידע צדדים [213]. שפעטער טרעפן מיר אזוינע תקנות גאנץ אפט ביי אידן אויך [214], אבער צו אונזער צייט, לויט ווי אונז איז באקאנט, איז קיין איינע אזא תקנה ניט פאראן; דאס באווייזט, אז אידן איז דאמאלס צו גרויסער לוקסוס געווען פרעמד. פונדעסטוועגן האט מען געהאלטן פון א גוטן צום טיש דערלאנגען. דערהויפט אויף א שמחה. אין ווין האלט מען נאך עד היום שטארק פון א „אידן־גאנז". דאס זעלבע באשטעטיגט אויך האנס ווילהעלם קירכאף, בורגגראף פון שפאנענבערג, וואס האט באשריבן, בערך דאס יאר 1562, זיין צייט און זיין לאנד. ער שרייבט: „מ'זאגט, אז אידן האבן גוטע פעטע גענז" [215]. ס'ווייזט אבער אויס, אז אידן האבן שוין לאנג געהאלטן פון א געבראטענער גאנז, דערהויפט אבער פון געגנזענע לעבערלאך. פון גריבן האט מען גאר געהאלטן [216], אגב, וואס דאס האט געקאסט: אין ניישטאט האט מען אין 15־טן יאר־הונדערט געצאלט פאר א לעבער א פערטל אונגארישן גולדן, פאר א גאנז — א צוואנציגסטל גולדן [217]. מסתמא איז דאס געווען א פרייז פאר א מאגערער גאנז און פאר א לעבער פון א פעטער גאנז, ווארום מ'פלעגט שטאפן גענז און הינער, אדער „שאפען", ווי מ'זאגט אין עסטרייך [218]. שבת האט מען דאס אין עסטרייך ניט געטארט טון [219]. געוויינטליך האט אויף א שמחה, אדער ביי פארמעגליכע מענשן אפילו אין דער וואכן, ניט געפעלט קיין אנדערע געבראטנס אויך. דערהויפט האט מען געהאלטן פון געבעקס, אין די קוועלן טרעפן מיר אזוינס מיט איטאליענישע און דייטשע נעמען: פאשטעטן, פלאדן, גרימזעלן [220], ברעצלען [221], פיינקוכן, קיכלאך, לעבקוכן אדער לעקיך (Leckerli — האניג־לעקיך [222], שטיינקוכן, אבלאטן [223], קראפען [224], נויט [225]) און דעסגלייכן. שבועות פלעגט מצן אין מאינץ באקן א קוכן „סיני" [226]. אין קעלן פלעגט מען מאכן א האניג־קוכן, וואס ער האט געהייסן „בורגערקוכן" [227].

פורים, דער אידישער קארנאוואל, פלעגט מען זיך פרייליך מאכן מיט פורים־שפילן, מיט דער סעודה. די גמרא־גוזמא, אז פורים מוז מען אזויפיל טרינקען, מ'זאל ניט וויסן דעם חלוק פון „ארור המן" (פארשאלטן זאל זיין המן) ביז „ברוך מרדכי" (געבענטשט זאל זיין מרדכי) האט מען אין 14־טן יארהונדערט געטייטשט אזוי: די אותיות פון ביידע זאצן באטרעפן דיזעלבע צאל, און מ'דארף אזוי פיל טרינקען, אז מ'זאל דאס ניט קאנען צונויפרעכענען. קיין סך טרינקען האט מען דערויף ניט באדארפט [228]. דערפון איז צו זעהן, ווי ווייט מ'האט געזוכט צו פארהיטן דאס פאלק פאר שכרות, און מ'האט רעכט געטאן, ווארום דייטשן האבן יענע צייט שטארק געטרינקען. יעדער צעך, יעדער פאר־באנד האט זיך געהאט זיין „טרינקשטוב", וואס האט געצויגן צו זיך דעם עולם [229]. (די מאכט האט אפט געמוזט פארווערן אזויפיל טרינקשטיבער). דאס שכרות

האט דערלאנגט זעהר חייס און האט געבראכט צו די ערגסטע רעזולטאטן.

מער פאר אלעמען האבן גע׳שכר׳ט גייסטליכע. זאגט דאך גיילער, אז א ווייצלינג האט אמאל געזאגט א סופראגאן־בישאף (Weihbischof): „דיין נאמען איז פאר דיר אנגעמאסטן, סופראגאן; נעמט זיך פון זויפן, דו ביסט א וויינבישאף.״ גיילער זאגט ארויס דערביי דעם וואונש, אז דער וויין זאל זיין ניט מער ווי א וויין, ער באמערקט אבער, אז דאס איז שוין געווארן א שפּריכווארט [230]. וועגן דעם קארנאוואל האט סעבאַסטיאַן בראַנט געזאגט: „איך קאן דאס זאגן וואר, אז קיין אידן, היידן, טאָטערן פארשוועכן ניט אזוי זייער גלויבן, ווי מיר קריסטן טוען דאס. ווארום איידער מ׳קומט נאך צו תפלה טון, קלערט מען שוין דריי פיר מאל אזוי פיל פון דעם קארנאוואל, און מ׳פארלירט דעם פארשטאנד גאר און גאר און דאס געדויערט א גאנץ יאר״ [231]).

נאך שארפער רעדט טאָמאַס מורנער: וואס דער דייטש זאל ניט אנהויבן, דערמאנט מען זיך באלד אין פלעשל. מיר זיינען צו שפּאט געווארן פאר גאט און לייט. די גאנצע וועלט זאגט וועגן אונז, אז יעדער דייטש טראגט א פלעשל. מיר נויטן איינס דאס אנדערע צו טרינקען און טויטן זיך אליין מיט שכר׳ן, כאטש די מאכט האט עס פארבאטן [232]).

אמשטארקסטן בייטשט סעבאַסטיאַן פראַנק דאס שכרות פון זיין צייט דערצו זויפט דאס דייטשע פאלק אומקריסטליך וויין, ביר און וואס ס׳האט, שפּילט, מאכט זיך משוגע. ס׳איז א פאלק, וואס זוכט זיך נוקם זיין, באפאלט שטענדיג, זוכט זיך קעגן פיינט. קיין חרטה איז אים ניט גענוג, נאר קריגן זיך, דאס פאלק שטייט אויף איין מדרגה מיט די טערקן. ביי קיין פאלק איז נאך די גאט־לעסטערונג ניט אזא געוויינטליכע זאך, פון דעם קינד ביז דעם אלטן, ווי ביי דייטשן. דאס דאזיגע פאלק, וואס פרעסט מער פאר אלע פעלקער מוז האבן צו טרינקען, אנדערש קריכט דאס פון דער הויט ארויס און איז גארניט ווערט, זיי זיינען אבער גוטע קריגסלייט [233]).

די דאזיגע מיינונגען באווייזן גענוג, ווי גרויס איז געווען דאס שכרות יענע צייט. ס׳איז דעריבער צו פארשטיין, פארוואס רבנים האבן אזוי אויס־געטייטשט די גמרא וועגן טרינקען אום פורים. אקעגן זעהען מיר, ווי מ׳האט זיך געמיהט צו זיין אום פורים פריינטליך און טון צדקה. מ׳פלעגט שיקן שלח־מנות פריינט און געפאלענע, קריסטן אויך, ווי מיר געפינען דאס בפירוש געשריבן. איסרלינס תלמיד האט פאר דעם צוועק געקויפט פירערליי צוקער־ווארג, נעמליך: געבאקענעם אינגבער, געצוקערטע מאנדלען, רעגליזע און קאריאנדער. סך־הכל האט דאס אנגעטראפן דריי ווינער (פעניג [234]). דאס מאכט אויס אונזערע היינטיגע אנדערהאלבן קרייצער [235]).

פון דעם שבתדיגן טשאלנט האבן מיר שוין געהאט גערעדט (ב. I, ז. 280). ער איז געווען באקאנט קריסטן אויך מיט דעם נאמען Schallatt (שאלאט). דער מאלצייט פאר מיטאג האט געהייסן מיט א פראנצויזיש ווארט Surtabel (סיורטאבל), געוויינטליך איז דאס געווען געבראטן פלייש [236]). ווי ווייט דער אידישער

דין האט ניט געשטערט, האבן אידן בכלל געגעסן, לויט דער צייט און צו־ריכטונג נאך, אזוי ווי זייערע קריסטליכע מיטבירגער[237]. דער אוונטמאלצייט האט געהייסן „מעראטע" אדער „מערענדע"[238]. אין מארבורג פלעגן מייסטן אידן מאכן אויף שבת א פאשטעט, וואס האט געהייסן „ברייטלינג"[239]. איסרלין, בעת ער האט דארט געהאט געוואוינט, פלעגט שוין פרייטאג פארזוכן דערפון א שטיק, „ווייל אין מארבורג איז קיין פיש ניט געווען", אזוי דערציילט זיין תלמיד[240]. פיש אויף שבת איז געווען א מצוה, אין ניישטאט פלעגט איסרלין שוין פרייטאג עסן פון די שבת׳דיגע פיש מיט א בריה פון ווייסקרויט[241]. מ׳פלעגט קאכן פיש אויף וויין, עסיג, אדער מיט א פעפערסאָאוס[242]. דערהויפט האט מען געהאלטן פון העכט[243]. ראש השנה פלעגט איסרלין זיך נוהג זיין מ׳זאל דערלאנגען צום טיש „בארבען", ווייל דאס דערמאנט דאס ווארט „דערבארמען"[244].
פון משקאות ווערן דערמאנט: וויין, ביר[245], מעד[246], געקאכטער וויין[247], לוטערטראנק[248] און מאָראַס, א מישונג פון וויין, מוילבערסיראפּ און אנדערע זאכן[249]. ווייטער האט מען געהאלטן פון אויבסן און געפרעגלטע פרוכטן, לימענעס אבער, זעהט אויס, זיינען געווען זעלטן, איסרלין באמערקט, אז לימענעס זיינען פאראן אין ווענעציע, זיין תלמיד, וואס איז שפעטער געקומען קיין איטאליע, האלט פאר כדאי צו דערציילן, אז ער האט זיי געגעסן[250]. ער דער־מאנט אויך פארשיידענע סארטן ברויט[251].
וועגן דער קליידונג זאל דאס באמערקט ווערן: איסרלינס תלמיד בא־שרייבט זיין רבינס מאנטל און דערציילט, אז אזוינע מאנטלען פלעגן טראגן נאר די אלטע רבנים אין עסטרייך און אייניגע אלטע לייט. דאס האט געהייסן „געריפעלטע מאנטלען"[252]. זיי זיינען געווען ענליך אויף פרויענמאנטלען, מיט „גערען"[253] ארום האלז, פון אויבן שפיציג, פון אונטן ברייט. נאר פון דער רעכטער זייט איז געווען אן עפנונג ארויסצושטעקן א האנט. ביים האלז פלעגט זיך אזא מאנטל פארשפיליען אויף א קנאפ[254]. אזוינע מאנטלען פלעגט מען אויך אונטערשלאגן מיט פוטער[255]. חוץ די דאזיגע בגדים און די קליידווארג און שטאָפן, וואס זיינען דערמאנט געווען ביי אונז אין ערשטן באנד, טרעפן מיר צו יענער צייט: וואַמס, יופע[256], ראָק אדער סיורדעט, פעלער, א זיידנצייג, טאַפאַרט, א מין מאנטל, קאָלער, באָטשוך, אונטערשוך, פאנטאפל, באַרעט אדער בארעטל[257].
ס׳ווערט דערמאנט א קליידערשטאף „בוראַט"[258]. פון צירונג ווערט דער־מאנט „לענדעניער" (א פאס אויף די לענדען), „ארמבוק" (ארמרינג), „לאנע" (א קייט), „העפטעלין" (אן אגראפקע), „פירשפאן" (אשנאל), „זענקעל" (א שנור) און דעסגלייכן[259].
וועגן מלבושים מיט א סך פאלדן (אזא מין מאנטל האט געטראגן איסרלין, ווי דאס איז שוין פריהער דערמאנט געווען), באמערקט סעבאסטיאן בראנט אומצופרידן: „אלע קליידער זייגען פול מיט פאלדן: רעק, מאנטלען, העמדער, ברוסטטיכער, פאנטאפל, שטיוול, הויזן, שיך, ווילדע קאפלען,

פארברעמטע מאנטלען, אזוי איז דער אידישער זיט (איינפיר). דער ראק איז קורץ און שענדליך אונטערגעשניטן, קוים ער באדעקט דעם נאפל, פוי, ס׳איז א שאנד פאר דער דייטשער נאציע״ [260]). וואס זאל דא באטייטן „דער אידישער זיט״? זאל דאס הייסן, אז די רבנישע מאנטלען מיט פאלדן זיינען געווארן א מאדע? [261]) ס׳וואלט מסתמא געווען דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע, אז רבנים זאלן זיין די מאדע־ווייזער. פון דער אנדערער זייט ווייסן מיר, אז אידן האבן בכלל ניט געקאנט טראגן אזוינע מלבושים, ווארום געפראנזטע זאכן און א מלבוש פון פארשיידענע צייגן האט געשמעקט מיט שעטנז, און ס׳איז געווען פארבאטן לויטן דין. איסרלין זאגט אפילו, אז קריסטן האבן געוואוסט, ווי ווייט אידן איז דערווידער אזא טראכט [262]).

פון אונטערהאלטונג האבן אידן יענע צייט געהאט ווייניג וואס אויסצו־קלייבן, ווי אין מיטלאלטער בכלל. ווען מיר געפינען אין די קוועלן, אז אייניגע קהלות האבן פארמאגט א „טאנצהויז״, דארף מען ניט מיינען פון דעם נאמען, אז דאס הויז איז געווען באשטימט פאר דעם דאזיגן צוועק. דאס איז אייגנט־ליך געווען א חתונה־זאל, מ׳פלעגט דארט מאכן חתונות, ווארום ניט יעדער האט געהאט גענוג גרויסע חדרים, געוויינטליך פלעגט מען שוין דערביי טאנצן אויך, דעם נאמען „טאנצהויז״ האבן דעם געגעבן קריסטן, און אידן האבן דאס ביי זיי איבערגענומען, ווי מיר האבן דאס געזעהן ביי אנדערע ווערטער [263]). יום־טוב פלעגן אידן לאזן שפילן ביי זיך קריסטליכע כלי־זמר און טאנצן, אבער רבנים זיינען דערמיט געווען שטארק אומצופרידן [264]). זיי האבן אויך ניט געהאלטן פון שפאסטרייבער (מארשאליקס) אויף א חתונה, דאס איז געווען א פוילישער איינ־פיר, פון דארט האט מען דאס איבערגענומען אין דייטשלאנד [265]). רבנים זיינען אויך געווען קעגן דעם איינפיר, וואס רייכע לייט פלעגן אויף זייערע אונטער־האלטן טרינקען גרויסע בעכער וויין צום געזונט פון זייערע געסט און נאכדעם צעברעכן די בעכער, און זיי האבן געראטן ניט צו גיין אויף אזוינע אונטער־האלטן [266]). דאס גופא באווייזט, אז אזא איינפיר איז געווען. די גלעזער און בעכער, וואס מ׳האט גענוצט דערביי, זיינען מסתמא געווען אזוינע ווי מהר״יל באשרייבט [267]). מ׳פלעגט שפילן אין געלט, כאטש רבנים האבן דאס ניט געוואלט ליידן, און ס׳פלעגט אמאל דערלאנגען אזוי ווייט, אז קהלות האבן געמוזט מאכן תקנות קעגן שפילן [268]). וועטן זיך האבן רבנים אויך ניט געהאלטן פאר רעכט [269]). חוץ שפילן זיינען נאך געווען אנדערע באליבטע פארוויילונגען, ווי למשל, ווארפן גורל, עפענען א ספר, וואס פאר א פסוק ס׳וועט טרעפן, וכדומה אזוינע טרעפע־נישן, וואס רבנים האבן דאס ניט געוואלט ליידן [270]). אקעגן האט מען געהאלטן פאר רעכט אזא פארוויילונג, ווי מוזיק, פרומע לייט האבן אויך ניט געהאט אקעגן [271]), ווי אויך צונויפקומען זיך אלע שבת נאכן שול און „דערציילן שמועות׳ן (שמועסן) פון קיניגן, פירשטן, מלחמות וכדומה״ [272]). אַ אונטער־האלט, וואס דערמאנט אונז דאס באליבטע באשעפטיגונג ביי בירגער אין „פויסט״.

„נישט בעסערס ווייס איך מיר אום זון־און־פייערטאגן,
אלס א געשפרעך פון קריג און קריגגעשריי,
ווען הינטן, ווייט אין דער טערקיי,
די פעלקער אויף אנאנדער שלאגן".

בכלל אבער פלעגן אידן יענע צייט האלטן שבתים און ימים־טובים ערנסט און שטריינג אידישליך. סעבאסטיאן בראנט לויבט זיי דערפאר אויף זיין שטייגער און מוסרט דערמיט קריסטן: „אידן שפעטן פון אונז זעהר, וואס מיר שעצן אזוי א יום־טוב (איראניש געזאגט), בעת זיי האלטן אים הייליג; איך וואלט זיי ניט אריינגעזעצט אין נארנשיף, ווען זיסט זאלן זיי זיך ניט פירן שטענדיג, ווי א משגענער הונט" [273].

# קאפיטל V.

אידן און קריסטן און זייער קעגנזייטיגע באנעמונג. שמד־פראבן. די פארהאלטונג פון דער יוסטיק צו אידן. אידישע גוטע־פריינט צווישן פירשטן און בירגער. קריסטליכע אבער־גלויבן וועגן אידישע צערעמאניעס. אידישקייט ביי די הוסיטן און רוסן. געארג וויצעל. סאמסאן פינע. יאהאן פאאולי. אידן־ריטער. האנס זייבאלט וועגן דער אידישער פרונקפרא־צעסיע אויף מאטיאס קארווינוס קרוינונג און חתונה. אי־דישע באשעפטיגונגען. בעטלער ביי קריסטן און די בעטלער־שפראך. אידישע צדקה. דער וואכער ביי אידן און קריסטן. דער אידן־שפיז. אידישע דאקטוירים. סעבאסטיאן לאצער. רענער. פעטער זוכענווירט. סעבאסטיאן בראנט. גיילער פאן קייזערספערג. בורקהארד וואלדיס. האנס ווילהעלם קירכהאף. זויסע און טוילער. פאבלמישונג. אידישע גלייכווערטלאך. פאלצס און ראזענבלוטס פאסטנאכטשפילן.

אין רופרעכט פאן פרייזינגס שטאטרעכט־בוך, אין דער רעדאקציע פון יאר 1473, געפינען מיר אונטער א קעפל „פון דעם אידן־לעבן” געזעצן וועגן אידן: „קיינער זאל ניט צווינגען אידן, זיי זאלן ווערן קריסטן, מיט גוטן קאן מען זיי איינריידן, אזוינס זאל מען טון, ווערט אבער א איד א קריסט און דערנאך שטייט ער אפ פון דעם גלויבן, איז זאל אים דער גייסטליכער און וועלטליכער געריכט צווינגען, ער זאל בלייבן ביי דעם גלויבן. וויל ער דאס ניט טון, איז דארף מען אים פארברענען אזוי ווי א גאטלעסטערער. קריסטן איז פארבאטן צו עסן מיט אידן, דעריבער זאל קיינער ניט בעטן (אידן) צו קיין מאלצייט. קיין קריסט זאל זיך ניט באדן מיט קיין אידן [1].

אום גרינדאנערשטאג anntlas tag זאלן אידן פארשפארן טיר און פענ־סטער, קריסטן זאלן צו זיי ניט גיין און זיי ניט אנקוקן. אידן זאלן זיך ניט בא־ווייזן אין גאס ביז איבער די הייליגע טעג. אידן זאלן טראגן זייערע באזונדערע היטלען, מ׳זאל זיי אפשיידן פון קריסטן. אידן זאלן ניט האלטן ביי זיך קיין

קריסטן, וואס דינען ביי זיי אין עסן זייער ברויט און שפייז" 2). אין די דאזיגע געזעצן זיינען צונויפגעפאסט די וויכטיגסטע עיקרים, וואס די קריסטליכע קירך האט אויפגעטאָן פון לאנג אן, און די וועלטליכע מאכט האט דאס אנגענומען, צו רעגולירן די באציהונגען פון אידן צו דער אייסנוועלט. דאס הייסט אפצוזונדערן אידן פון דער וועלט 3). אומזיסט וועט איר זוכן אזוינע הארטע תקנות אין אידישע שריפטן. דא איז אידן ניט פארבאטן צו באדן זיך מיט קריסטן, עסן און טרינקען מיט זיי, ווי ווייט דאס עסן איז געווען כשר. ס'איז אויך ניטא קיין סימן פון קיין איסור, אידן זאלן יום־טוב גיין צו קריסטן און זיך זעהן מיט זיי. אויב מיר געפינען, אז רבנים האבן געראטן אידן זיך האלטן מיט קריסטן פון דערוווייטנס, איז דאס שוין א פועל יוצא פון דעם, ווי קריסטן האבן זיך פאר־האלטן צו אידן, און פון דער מורא, וואס האט זיך גענומען ביי אידן פון צרות און גזרות, וואס זיי זיינען אויסגעשטאנען. פאר דעם מיטלאלטער שטייט דעריבער פעסט דער כלל: ניט אידן האבן זיך דערוווייטערט, נאר קריסטן. דאס אלץ איז אבער בכלל געווען מער אויף פאפיר, אין דער פראקטיק האט מען זיך ניט גע־קאנט אזוי אפזונדערן, ווי דאס גייסטליכע און וועלטליכע רעכט האבן דאס גע־וואלט האבן; ניט מ'האט דאס געקאנט אויספירן, ניט מענשן מיט א פשוטן שכל האבן דאס געוואלט. פון צייט צו צייט האט מען געקאנט אונטערוואַרמען דעם פאנאטיזם און אויפרייצן דעם המון אויף אידן, צווישן קריסטן און אידן זיינען די באציהונגען געווארן זעהר פארשארפט. בכלל אבער האט מען זיך יענע צייט צונויפגעלעבט, ווי מיר האבן דאס שוין צוגעזעהן פריהערדיגע תקופות, דער בעסטער סימן איז: די קעגנזייטיגע ווירקונג איינס אויף דאס אנדערע, דאס באווייזט, אז מענשן האבן זיך באגעגנט, אפט געטראפן זיך. אידן האבן געוואוסט, וואס ס'טוט זיך אין לאנד, אין דער געזעלשאפט, האבן זיך בא־טייליגט אין בילדונגשטרעבן פון זייער סביבה, זיי האבן געוואוסט צו שעצן דאס גוטע, וואס איז פאראן ביי קריסטן, און אין אומגאנג מיט קריסטן האבן זיי געלעבט ווי בירגער מיט בירגער, קריסטן ווידער האבן ניט שטענדיג געזעהן אין דעם אידן דעם פרעמדן, וואס האט געקרייצט ישוע הנוצרי, ניט דעם אפ־געשטויסענעם און דעם דערנידעריגטן, זיי האבן באוויזן אידן פריינטליכקייט אויך, און האבן אזוינס גערן געזעהן פון אידן, האבן זיך פארלאזט אויף אידישע גע־שעפטקענטעניש, האבן געטרויט אידישער ערליכקייט, פלעגן זיך טרעפן מיט אידן און האבן מיט זיי פארבינדונגען, אין די פאסטנאכטשפילן (קארנאוואל־שפילן) פון דעם 15־טן יארהונדערט געפינען מיר אזויפיל וועגן אידישע מנהגים און אינסטי־טוציעס, אז ווען מיר זאלן אננעמען, און אזוי מוזן מיר אננעמען, אז מ'האט זיי פארשטאנען, איז דערפון אליין געדרונגען ניט אנדערש, אז קריסטן פלעגן זיך זעהר אפט באגעגענען מיט אידן. מן הצד ווערט דאס באשטעטיגט אויך פון די כללים פון רופרעכטס רעכטבוך. דאס קאפיטל הייסט: „פון אידישן לעבן", די כללים זיינען נוגע מייסטנס די באנעמונג פון קריסטן, און דער צוועק איז, קריסטן זאלן זיך דערוווייטערן פון אידן. אבער אז מ'האט שוין

באדארפט אנקומען צו׳ן אזוינע כללים, איז דאך דאס דער בעסטער סימן, אז „דאס אידישע לעבן״ איז צופיל געווען געקניפט און געבונדן מיט „דעם קריסטליכן לעבן״, ס׳איז ניט געווען קיין פארשיידן לעבן און ס׳האט ניט געקאנט זיין, ווארום אידן און קריסטן האבן געהאט איין־און דאסזעלבע פאטערלאנד, שפראך, עפנטליכע לייד און פרייד.

קריסטליכע און אידישע קוועלן באשטעטיגן, אז דאס צושטיין צו אידן, זיי זאלן זיך שמד׳ן איז נאך פאר אידן געווען יענע צייט אפט געפערליך, ווייניגסטנס איז דאס זיי געווען צו לאסט. דאס נעמט זיך פון דעם וועזן פון קריסטנטום, ברעכן די אידישע עקשנות האט דא געהייסן אזוי גוט, ווי זיך אליין איבערצייגן אין זיין גערעכטיגקייט, און די רעליגיע איז נאך דאמאלס געווען זעהר שטארק און האט געהאט די ממשלה אויף אלע פארהעלטענישן, מיט אזוינע מיסיאנערישע צוועקן האבן זיך אבער ארומגעטראגן נאר די גייסטליכע, דאס פאלק (מיר האלטן נאך פאר רעפארמאציע) האט זיך אין רעליגיע־זאכן נישט געמישט, א וועלטליכן מענשן איז אפילו פארווערט געווען זיך אריינצולאזן אין רעליגיעזע חקירות מיט אידן; נאך דאס יאר 1523, ווען וועלטליכע מענשן האבן שוין געזאגט א דעה אין אמונה־זאכן, קלאגט זיך סעבאסטיאן לאצער: „אונזערע סכאלאסטיקער האבן ביז אהער געהאט געזאגט, אז וועלטליכע מענשן זאלן זיך ניט אריינלאזן אין קיין וכוח מיט אידן, ווארום זיי זיינען געלערנט אין זייער געזעץ און קאנען איינעם מנצח זיין, יא, געוויס זיינען זיי געלערנט, זיי לערנען זייערע קינדער פון יוגנט אן צו פארשטיין זייער געזעץ, אבער פארוואס איז דאס אונז פארווערט געווען? איז דען דאס ניט געווען קלאגעדיג, אז מיר האבן ניט געקאנט באקענען יעזוס און זיין הייליג ווארט פאר אידן און אומגלויבער [4], עם־הארצים אין אמונה־זאכן זיינען אבער געווען ניט בלויז וועלטליכע מענשן אליין, דער אייגענער לאצער זאגט וועגן די קלויסטער־פרויען: „די קלויסטער־פרויען ווייסן אזוי ווייניג, ווי די גענז, דאס וואס זיי דאווענען אויף לאטיין, ווארום זיי פארשטייען דאס ניט״ [5], ניט בעסער געבילדעט איז געווען דער רוב גייסטליכע, פרעדיגער, וואס האבן זיך געוואלט פארגינען זאגן לאטיינישע דרשות, האבן געמאכט די ערגסטע פעלער אין דער שפראך, ס׳איז לוסטיג צו לייענען, ווי גיילער דערציילט, ער האט אליין געהערט, ווי איינער אזא דרשן האט זיך צעלאזט אין תהלים (קאפיטל 91, פסוק 3) וועגן „פארגיפטעטע שטריק״ (a laqueo venantium) אנשטאט שטריק פון יעגער, ער האט פארביטן venantium מיט venenantium [6].
ווען אזא מין גייסטליכע האבן זיך גענומען איבעררעדן אידן, האבן זיי געווינטליך, ווייניג וואס געהאט אויסצושטעלן אויף באווייזן, מייסטנס האט מען פשוט גענומען רייצן דעם המון, כדי דערמיט איבערצושרעקן אידן. ס׳פלעגט אויך פארקומען, אז אזא פרעדיגער האט זיך געמאכט פאר א בעל־נסאיסרלינס תלמיד דערציילט, איינמאל איז קיין ניישטאט געקומען א גייסטליכער,

וואס האט צוגעזאגט, ער וועט באווייזן מופתים. דאס האט דערלאנגט צו איסרלינען, און ער האט געזאגט, אז ווען דער גייסטליכער וועט זיך אהן קונצן און אהן שווינדל ווארפן אין פייער אריין, טוט ער אים נאך, נאר בתנאי, דער קייזער זאל פארזיכערן, אז קריסטן וועלן דערביי ניט באגיין קיין שום עולה און פאלשקייט. דערווייל אבער איז „גאט צו דאנקען" ווי דער תלמיד זאגט, פון דער גאנצער זאך געווארן גאר נישט און דער גייסט־ליכער איז אוועק זיין וועג [7]. ס'וועט ניט זיין קיין פעלער צו זאגן, אז מסתמא איז דאס געווען דער בארימטער תשובה־פרעדיגער יאהאנעס קאפיסטראנוס, וואס האט גע'רודפ'ט אפיקורסים און האט זיך געהאלטן פאר א בעל מופת. דאס יאר 1455, א יאר פאר זיין טויט, איז ער געווען אין ניישטאט — ביי ווין. לויט אידישע ידיעות האבן זיינע העצריידעס ניט געשאדט אידן, אקעגן אבער אין אנדערע שטעט, דערהויפט אין ברעסלוי האבן זיינע גיפטיגע דרשות פארשאפט אידן א סך צרות [8]. אז שרעק, איבערריידונג, האפענונג אדער ליבע האבן א סך אידן געמאכט פאר קריסטן, דאס איז זעלבסטפארשטאנדיג. שמואל אלגאזי זאגט אין זיין כראניק [9], אז די יארן 1411 - 1412 האבן איבער 200.000 אידן „געביטן זייער אמונה". וויפיל זיינען צווישן זיי געווען דייטשע אידן זאגט ער ניט, יעדנפאל ווערט אין אלע שאלות־ותשובות פון יענער צייט גערעדט פון משומדים. א סך אזוינע זיינען געבליבן קריסטן און האבן אידן געזאגט אין די אויגן, אז זייער אמונה איז „כפירה" [10]. דאס האט אפילו די קירך קיינמאל ניט געזאגט און ניט געקאנט זאגן. אזוינע משומדים האבן מיט זייער איבערפלייס און האס צו אידן איבערגעשטיגן געבוירענע קריסטן און אידנפיינט" [11]. א סך געטויפטע האבן חרטה געהאט, זיך אומגעקערט צו אידישקייט און זיינען אויסגעשטאנען די ערגסטע שטראפן, וואס ס'קומט פאר אפטרעטן פון קריסטנטום, אפילו דעם טויט אויף דעם שייטערהויפן אויך. בעת דער ווינער גזרה דאס יאר 1421 איז איין אידיש אינגל נישט געקוקט, וואס הערצאג אלברעכט האט אים געהאלטן ביי זיך אין הויף און אים מקרב געווען, אפגעפאלן פון קריסטנטום מחמת חרטה און אומגעקערט זיך צו אידישקייט. וויפיל מ'האט ניט גערעדט מיט אים איז געווען אומזיסט. מ'האט אים פאר'משפט צו פארברענען, האט ער זיך גע־ווארפן אין כלאמפייער מיט א תפילה אין מויל [12]. וועגן דעם רוב משומדים איז געוויס ריכטיג, וואס ר' מאיר פון ראטענבורג האט שוין געזאגט אויף זיי: „זיי האבן ניט געוואלט בלייבן קיין אידן נאר דערפאר, זיי זאלן האבן צו עסן, זיי זאלן קאנען גנבענען און צופרידנשטעלן זייערע תאוות". זייער צוריקקומען צו אידן איז געווען אזוי פאלש ווי זייער ווערן קריסטן [13]. אגב, פארשטאנדיגע קריסטן האבן אויך אזוי געקוקט אויף משמדים. אין די פאסטנאכטשפילן לאכט מען אפ פון דעם אידן און פון דעם געטויפטן אידן גלייך [14]. אין די שפרוך־ביכער און משלים־ביכער פון יענער צייט קומען פאר קאמישע און ערנסטע מעשיות, וואס זיי באווייזן, אז דער

קריסטליכער מיסיאנערישער ברען האט געבראכט א סך צביעות און מאוסע זאכן. די קירך האט דערפון גאר ניט געווינען. האנס ווילהעלם קירכאף דערציילט. למשל. פון א אידן. וואס איז געקומען צו׳ן א גלח. ער וויל זיך טויפן. דעם אוונט ערב דעם טויף האט דער גלח געמאכט א גרויסן מאלצייט. אבער ווי נאר מ׳האט זיך געלעגט שלאפן. האט דער איד פארנומען דאס גאנצע זילבער און איז ניט געבליבן. דער מוסר־השכל פון דער געשיכטע איז: „א איד פלייסט זיך זעהר שלעכטס טון א קריסט און באריםט זיך נאך אפן. ער האט אפגענארט די גויים"[15].

ערנסטער איז אן אנדער טויפגעשיכטע: „מ׳האט געכאפט א אידן פאר א גנבה. האט מען דעם אידן געוואלט טון א חסד. איז געבליבן אים אויפ־היינגען ביים האלז. ניט ביי די פיס. ווי מ׳טוט דאס בכלל מיט אידן. אדער אים אפלאזן פריי. אויב ער וועט ווערן א קריסט. ווארום ס׳איז ניט רעכט אזוי אכזריות׳דיג צו באגיין זיך"[16]. לסוף האט מען געגומען „היינגען דעם אידן אויף א באזונדער תליה. נעבן אן אנדער תליה. ביים האלז. ווארום ער האט ניט געהאט קיין הערנער" (צו היינגען אים ביי זיי). ער האט אפגעווארפן דעם פרוב צו לאזן זיך מאכן פאר א קריסט און „צוויי אנדערע אידן האבן אים באלייט ביז צו דער תליה". דער מוסר־השכל איז: „אין בעהמער־וואלד וואנדערן אהן געפאר. אן אפיקורס. וואס זאל ניט זיין פארגלויבט אין זיין טעות. א איד. וואס זאל ניט זיין קיין עקשן. דאס אלץ איז אזוי גרינג צו געפינען. ווי ווייסע ראבען. שווארצע שוואנען"[17]. וואס פאר א געפילן צו קריסטן האבן אזעלכע מעשים פון דער יוסטיץ געקאנט דערוועקן ביי אידן אין הארצן? ווען מ׳לייענט די קריסטליכע ליטע אטור פון יענער צייט. קאן מען מיינען. אז אידן זיינען הוילע האס קעגן קריסטן און זוכן נאר זיי צו רודפן. קריסטן אבער זיינען גאט די נשמה שולדיג. לאמיר אויסהערן נאך קירכאפס א געשיכטע. וואס מיר געפינען זי אין לוטערס טישריידעס אויך. א איד האט זיך געטויפט און איז געווארן א גייסטליכער (canonicus) און נאכדעם אפילו א דעקאן (Dechant) אין קעלן. אויף דעם טויטנבעט האט ער געהייסן. מ׳זאל אויסקריצן אויף דער קירך־טיר זיין בילד. ווי אין איין האנט האלט ער א קאץ. אין דער אנדערער — א מויז. „דערמיט האט ער געוואלט ווייזן. אז א איד קאן אזוי ליב זיין א קריסט. ווי דער מויז א קאץ"[18]. דא הייסט דאס. זאל דער איד זיין די קאץ. און דער קריסט די מויז. א זאך. וואס ס׳האט מיט דערווירקליכקייט כלל נישט צו טון.

ווענדן מיר זיך צו אידישע קוועלן. געפינען מיר קלאגן איבער עוולות. וואס מ׳טוט אידן. אבער ניט קיין האס. מהר"י איסרלין קלאגט זיך: „פאר א אידן איז א סכנה זיך אנצונעמען פאר אן אנדער אידן. ווען מ׳איז יענעם אין עפיס חושד. ווארום קריסטן זאגן אזוי אויך. אידן האלטן איינס מיטן אנדערן און וועלן ניט לאזן פאלן זייער איינעם"[19]. אין אן אנדער ארט זאגט ער:

„אין אונזער צייט איז דער קריסטליכער האס אויף אונז נאך גרעסער געוואָרן זיי פאראכטן אונז, און מיר זיינען זיי ווי א דארן אין אויג" [20]. אזוינע רייד זיינען דער בעסטער סימן, אז זיי נעמען זיך פון א געוויסער צייט אונטער דעם איינדרוק פון א גזרה. ווי דאס קריסטליכע רעכט האט באהאנדלט אידן זעהען מיר פון מהר"ם מינצס ווערטער: „ס'איז זעהר גרינג איבערשרעקן דעם אידן און אים שלעכטס טון" [21]. אן אנדער מאל קלאגט ער זיך: „פון וועגן אונזער ערליך גלויבן ווערן מיר פארברענט און דערווארגן" [22]. ליפמאן מיהלהויזען — רעדט אויך זעהר שארף וועגן דער קריסטליכער יוסטיץ. ער באווייזט א גלח פון די הייליגע שריפטן, אז קריסטן טוען ניט רעכט ארויסלאזן פריי א אידן, וואס איז פארמשפט צו טויט, ווען ער זאגט צו צו טויפן זיך, און זאגט דערביי אזוי: „דאס גלויבן איז געווענדט אין הארץ, ניט אין דער טויף [23]. לאמיר נאך דא ברייננגען א מיינונג פון א קריסט וועגן דער קריסטליכער יוסטיץ בנוגע צו אידן — דער קאַפּלאַן יאָהאַנעס קנעבעל פון באַזעל דערציילט אין זיין כראניק וועגן שענדליכע זאכן, וואס מ'באגייט קעגן אידן און לאזט אויס זיין מעשה אזוי: „דאס איז ניט קיין גערעכטיגקייט" [24]. בכן האבן אידן געהאט גענוג געלעגנהייט צו באקלאגן זיך און צו קלאגן. דארף מען נאך מער באוואונדערן אידישע אומפארטייאישקייט, זיי האבן נאך געקאנט שעצן דאס, וואס ביי קריסטן איז לויט זייער מיינונג ווערט צו שעצן. איסרלין זאגט: קריסטן אין דייטשלאנד שוינען אין זייערע געריכטן אידישע פרויען און באמיהען זיך צו רעטן זיי פון טויט; דערבייט גיט ער צו: „פאר געלט", און ער האט רעכט אזוי צו זאגן, ווארום אזא הוצאה איז געווען א שטענדיג ארטיקל אין דעם ביודזשעט ביי אידישע קהלות: באפרייען אומשולדיג־פארפאלגטע אדער פאר'משפטע [25]. אז אזוינע אומשולדיגע קרבנות זיינען געווען ניט ווייניג, קאן מען זעהן פון קייזער פרידריך דעם דריטנס א בריף (דאטירט דעם 31. מאי 1469) צום פויפסט פויל II; ער שרייבט: א סך ריכטער איז זעהר שווער אויפן געוויסן, ווען זיי מוזן געבן גערעכט א אידן קעגן א קריסט; דער פויפסט האט ערשט געמוזט דערקלערן, אז דאס איז קיין זינד ניט [26]. בכן האבן אידן געהאט גרינדן נישט צו געטרויען קריסטליכע ריכטער, און ס'איז נאך מער חדוש, וואס זיי האבן זיך דאך ניט געלאזט באהערשן פון דער דאזיגער ביטערער דערפארונג און מעסטן אלע קריסטליכע ריכטער מיט איין מאס. ריכטער און מאגיסטראט־לייט, וואס האבן ניט גע'שם'ט אלס אפענע שונאי־ישראל, האט מען געהאלטן פאר ערליכע מענשן, וואס זיי וועלן זיך ניט לאזן אונטערקויפן [27]. מ'פלעגט אויספאלגן זייער א פסק, רבנים פלעגן באשטעטיגן אזא פסק. באזונדערס דארף דא דערמאנט ווערן איינער א בירגערמייסטער אין אולם; מהר"י ווייל זאגט וועגן אים: „ער איז באקאנט פאר א מאן, וואס איז גערעכט קעגן אידן און קריסטן, אזא שם האט ער אין גאנץ שוואבען, אין די רייכסשטעט און ביי די פירשטן אין לאנד" [28]. פאר דעם דאזיגן בירגערמייסטער האט א איד א מוסר אמאל פארקלאגט אידן, אז זיי האבן אים געוואלט הרגענען, האט ער

אים געענטפערט: „אזוינס האב איך נאך ניט געהערט, און ווען איך זאל איבערגעבן דיין מסירה מיינע איבעריגע קאלעגן אין שטאטראט, ווייס איך ניט, וואס וואלט געווען אייער סוף״ [29]. דער דאזיגער קריסט איז נישט דער איינציגער, וואס אידן האבן אים דערמאנט צום גוטן און אים איבערגעלאזט א זכרון אין זייערע שריפטן. דער „הערצאג פון היידעלבערג״ (ער ווערט ניט געבראכט ביים נאמען) ווערט אויך דערמאנט בפירוש פאר א אידנפריינט. ווען ביי דעם הערצאג איז געשטארבן א זון, האט איינער געזאגט פאר מהרי״לן: א שאד, וואס ער איז געשטארבן. האט אים מהרי״ל געענטפערט: ווען ער זאל אפילו געווען זיין א פרומער איד און א גרויסער תלמיד־חכם טאר מען אזוי ניט זאגן, ווארום ס׳קומט אויס פונקט ווי דו האסט טענות צו גאט. מ׳דארף זאגן: ס׳איז א גרויסער אנווער, וואס דער גרויסער הערצאג איז געשטארבן [30]. געוויס מיינט מען דא דעם קורפירשט רופרעכט I. פון פפאלץ (געשטארבן דאס יאר 1390), וואס האט באשיצט ביי זיך אין היידעלבערג אידן, פארטריבענע פון ווארמס און שפייער, און נישט געקוקט, וואס די בירגער האבן געמורמלט קעגן דעם. דאס אייגענע האט געטאן דער ריטער ענגעלהארט פאן הירשהארן אויך, א פפאלצישער וואסאל אין זינצהיים [31]. א שפעטערדיגער קורפירשט פון פפאלץ, קארל לודוויג (1640—1680) א „חכם מופלג״, ווי יאיר חיים בכרך האלט אים, איז אויך גוט געווען צו אידן. ער האט איינינגע מאל פארבראכט מיט ר׳ יצחקן, דעם אויבער רב פון מאנהיים אין פפאלץ. מיר וועלן דא ברענגען דעם אינהאלט פון איינעם אזא שמועס זיינעם מיטן רב, ווארום דא האנדלט זיך פון א זאך, וואס מיר באטראכטן איצט, נעמליך, ווי אידן פלעגן באהאנדלט ווערן אין קריסטליכן געריכט. דער קורפירשט האט זיך געקלאגט פאר דעם רב, אז דער געריכט האט א סך צו טון מיט אידן און אז זיי קויפן אונטער די ריכטער, דאס איז קעגן גאט און לייט, דער רב זאל זיך באמיהען אזוינס צו פארריכטן. דערויף האט דער רב געענטפערט: געוויס איז דאס זעהר שלעכט, אבער דאס איז א זאך, וואס ווערט געטאן אין דער שטיל, און חלילה ער זאל חושד זיין די קריסטליכע ריכטער אין שוחד נעמען. אין דעם ווייטער־דיגן שמועס האט אים דער רב געזאגט א שארפזיניגע סברה, וואס זי ווערט באשטעטיגט מיט דער פריהער דערמאנטער שטעל פון קייזער פרידריך דעם דריטנס בריף צום פויפסט: א איד, וואס פירט א פראצעס מיט א קריסט, איז חושד דעם ריכטער, אז ער וועט איבער רעליגיעזע סימפאטיעס איבער־וואויגן די וואגשאל אויף דעם קריסטס זייט, און דעריבער ווען ער קויפט אונטער דעם ריכטער, איז ער אויסן נאר אויסצוגלייכן די וואגשאלן פון גערעכטיגקייט, דעם ריכטערס רעליגיעזע סימפאטיעס זאלן ניט איבערוואויגן. געוויינטליך איז דאס ניט קיין קיין פארענטפערונג פאר דעם, וואס קויפט אונטער דעם ריכטער, אבער פארשטיין לאזט זיך דאס. דער קורפירשט האט זיך צע־לאכט און געזאגט צום רב: „דו ביסט גערעכט, כאטש ס׳לאזט זיך נאך אפ־ווענדן, וואר אדער אומוואר״ [32]. אין די רבנישע חבורים ווערן דערמאנט

צום גוטן נאך אנדערע הויכגעשטעלטע פערזאנען און געוויינטליכע בירגער אויך. איסרלין דערמאנט, למשל, פון זיין יוגנט, אז איינער א גליד פון א ריטער־ארדן פון פרייסן, וואס האט געוואוינט אין ווין און פון דארט האט ער השגחה געהאט אויף די פרייסישע גיטער פון דעם ארדן, פלעגט פארדעקן דעם קרייץ אויף זיין מאנטל אין די פאלדן, בעת ער פלעגט אויפנעמען אידן געשעפטליך, כדי זיי זאלן קאנען מאכן פאר אים דעם פארבויג און זיי זאלן זיך ניט פילן געקריינקט אין זייערע רעליגיעזע געפילן[33]. מהר"י ברונא דער־ציילט פון איינעם א קריסט, אז ער האט געשענקט א מענטעלע פאר דער תורה, און ער האט געהייסן דאס נעמען ביי דעם קריסט[34]. שפעטער זעהען מיר א בירגערמייסטער אויף א ברית[35]. ער אדער אן אנדער בירגערמייסטער האט געשיקט א קארפ אויף שבת א אידישן פרנס, וואס ער האט אויף אים געלעגט כבוד[36]. היות ווי אין די קוועלן ווערן אלע אזוינע פאלן דערמאנט פאר זיך, און ניט מיט דעם צוועק, וואס מיר ברייננגען זיי דא, מוז מען זאגן, אז דאס זיינען געווען געוויינטליכע זאכן. אין אידישע קוועלן, למשל, ווערט גאר ניט דערמאנט אפילו, אז הערצאג היינריך פון לאנדסהוט האט זיך זעהר גוט פארהאלטן צו אידן, מיר ווייסן דאס נאר פון קריסטליכע באריכטן. אווענטין (Turmair) זאגט וועגן אים: „ער איז געווען א עניו א פירשט, א גוטער בעל־הבית, דאך זאגט מען אויף אים, אז ער האט צו פיל ליב געהאט אידן און ציגיינער"[37]. אווענטין דערציילט ווייטער וועגן דעם דאזיגן הערצאג, ער האט באפוילען „קיינער זאל ניט ציהען פון זיין לאנד קיין רוים צו דעם גנאד־יאר, גאטס גנאד איז אומעטום"[38]. דא רעדט זיך פון דעם יובל־יאר 1450, און מיר האבן שוין געהאט באמערקט, אז איסרלין האט דעמאלט גוזר־תענית געווען. איסרלינס תלמיד דערציילט, אז אידן זיינען דאמאלס אויסגעשטאנען גרויסע צרות, ווארום די גייסטליכע, דערהויפט קאַפּיסטראַנאָ, האבן געהייצט דעם המון אויף אידן. אין איניגע ערטער האט מען קאסירט די חובות, וואס ס'איז געקומען אידן, אבער צו שלאגן אידן איז ניט געקומען[39]. ס'איז ניט אויסגעשלאסן, אז הערצאג היינריך האט פארבאטן זיינע אונטערטאנען דאס ציהען קיין רוים, כדי ביי גרויסע אויפגעזאמלטע מאסן זאל ניט קומען צו קיין אנפאלן אויף אידן. אידן האבן טאקע דערפאר שטארק מורא געהאט. הערצאג היינריך איז אבער דאס יאר געשטארבן און זיין נאכקומער האט זיך פארהאלטן צו אידן פונקט פארקערט. אווענטין דערציילט וועגן אים: „און אז הערצאג לודוויג האט איבערגענומען די ממשלה, האט ער פארטריבן די אידן (וואס זיין פאטער זיינען זיי געווען זעהר ליב) פון אלע זיינע פערציג שטעט און ישובים אין איין שעה, אין איין טאג דעם 4־טן טאג אין ווין־חודש (אקטאבער)"[40]. אויף דער דאזיגער גזרה האט איסרלין אויך גוזר־תענית געווען[41].

פון דעם, וואס דא איז געזאגט געווארן, איז צו זעהן, אז נישט געקוקט אויף אלע פלאג, וואס אידן האבן געהאט אויסצושטיין יענע צייט, ווי בכלל

אין מיטלאלטער, האט עס דאך אין אלע קרייזן נישט געפעלט אזוינע מענער, וואס זיינען זיך באגאנגען מיט אידן מיט חסד, ד. ה. מיט גערעכטיגקייט און מענשליכקייט. גראד וועגן שרייבער און גייסטליכע לאזט זיך דאס ניט זאגן, חוי מיר וועלן דאס נאך זעהן. אבער מיט די ברייטע שיכטן פאלק פלעגט א איד זיך טרעפן פרידליך, ווי נאר זיי זיינען ניט געווען אויפגערייצט פון העצער. ס׳פלעגט זיך ניט זעלטן טרעפן, אז שטעט האבן זיך אנגענומען פאר אידן קעגן די לאנדהארן, וואס האבן געוואלט פארטרייבן אידן [42]. אידן האבן געפינען שוץ צווישן בישאפן אויך. געוויינטליך האבן בישאפן דערצו ניט דערלייגט, אבער אגב האט זיך דא ארויסגעוויזן א געפיל פאר מענשליכ־קייט און גערעכטיגקייט אויך.

אויף די פארהעלטענישן צווישן אידן און קריסטן האט געהאט א געוויסע השפעה, אמאל צום גוטן, אמאל צום שלעכטן, די זאך, וואס דער גרויסער המון האט ניט געקענט אידן מיט זייערע צערעמאניעס, אדער ער האט זיי ניט פאר־שטאנען. יענע אבערגלויבישע צייט איז ניט געווען גרינגער ווי פארצושטעלן די דאזיגע פשוטסטע פון אלע רעליגיעס אלס א סודותדיגע כשוף־זאך. טאמער האט זיך געטראפן א שרפה ביי א אידן, איז ער געווען א פארפאלענער: מ׳פלעגט אים ארייננווארפן אין פייער, ער האט געגאלטן פאר א כשוף־מאכער, וואס וויל חרוב מאכן די קריסטליכע וועלט און ווי א כשוף־מאכער מוז ער פאברענט ווערן. דערפון נעמט זיך, וואס רבנים פלעגן יענע צייט פארקוקן דעם איסור פון לעשן פייער אום שבת און יום־כפור. ביי דער מינדסטער געפאר האבי זיי געלאזט עובר זיין אויף דעם איסור „ווארום דאס איז א סכנת־נפשות, ווארום זיי (די קריסטן) מאכן אונז שולדיג״ [43]. אידן פלעגן זיך מוזן באמיהען טון יעדן מינדסטן מנהג אין דער שטיל, כדי אויסצומיידן דעם חשד, אז זיי טוען כשוף [44]. אין מאינץ האט מען איינגעפירט ראש השנה בלאזן שופר פארפריה, ווארום ס׳האט זיך געטראפן, קריסטן האבן געמיינט, אז אידן ווילן מאכן א רעוואלוציע און אנפאלן אויף זיי [45]. אין אנדערע פרטים איז מען אויך זעהר געהיט געווען, קריסטן זאלן ניט ווארפן קיין חשד.

מהר״יל האט מתקן געווען, אז אידן זאלן ביי א שבועה אין געריכט ארויפלייגן די האנט אויפן חומש, ווייל „קריסטן מיינען, אז ביי אידן גילט נאר אזא שבועה ביי דעם חומש״ [46]. אזוי האבן אידן דערלענגערט די שענדליכע אידישע שבועה איבער מורא פאר פרעמדן אומפארשטאנד. אן אנדערס מאל האט מהר״יל געפסקעט א שאלה וועגן א חתונה־פראגע אזוי, אז „די קלוגע צווישן די פעלקער זאלן ניט האבן צו ריידן״ [47].

פון דער אנדערער זייט האט גראד דאס אומפארשטאנדליכע און פרעמדע אין דער אידישער אמונה געצויגן צו זיך קריסטן. איין זאלצבורגער ערצבישאף, וואס האט געלעבט אין מהרי״לס צייטן, האט געוואלט דוקא האבן א מזוזה, ער זאל זי צושלאגן צו זיין פאלאץ. דעם אידן, וואס צו אים האט ער זיך געווענדט מיט דער דאזיגער בקשה, האט ער צוגעזאגט טון א סך גוטס און באווייזן אים

גנאד לעבנלאנג. דער אידי מהרי״לס תלמידס א קרוב, האט געשיקט צו אים א שליח פון זאלצבורג, וואס זאל ער טון, ווארום אויב ער וועט דעם ערצבישאף ניט צוליב־טון, איז ער אויסגעשטעלט. מהרי״ל האט פארהוערט אזוינס צו טון, פארוואס, ווייסן מיר ניט [48]. א שפעטערדיקן זאלצבורגער בישאף, לעאנארד, וואלט שוין גרינגער געווען אויסצופירן צו האבן א מזוזה אין זיין פאלאץ: ער האט פארטריבן פון זאלצבורג אלע אידן (דאס יאר 1498), האט ער געקאנט האבן אלע אידישע מזוזות, ווען אידן זאל ניט געווען איינפאלן מיטצונעמען זיי מיט זיך [49]. ס'איז קלאר, אז דער ערצבישאף האט אזוי געגארט צו א מזוזה דערפאר, וואס ער האט דאס געהאלטן פאר א כשוף־מיטל. יענע צייט, און דערנאך אויך, פלעגט מען שטארק נוצן פאלש פארשטאנענע אידישע צערעמאניעס און אידישע מיסטיק און טרייבן דערמיט אלכימיע, באשווערן און מאכן כשוף־שטיק. אלע שריפטן וועגן מאגיע, וואס געהערן אהער, וואס טיילווייז זיינען זיי כמו א אנזאג אויף דער פויסט ליטעראטור, טיילווייז זיינען זיי א טייל פון דער דאזיגער ליטעראטור, אלע זיינען זיי פול מיט נעמען פון אידישע מלאכים און מיט אנדערע העברעאישע אויסדרוקן, און דערפון האט מען געמאכט א ווילדע ברייע פאר די אלע, וואס מיט כשוף האבן זיי געוואלט געווינען געלט, ליבע, כבוד, אדער זיי האבן בכלל געוואלט עפיס דערלאנגען [50]. ווען די דאזיגע ברייע איז געמאכט געווארן מיט קריסטליכע הענט און איז פארפעפערט געווארן מיט א היידנישן צוגאב, פלעגט דאס ווידער זיך אומקערן צו אידן; וואס ווייניגער מ'האט פארשטאנען דעם פרעמדן צוגאב, אלץ מער פלעגט דאס אויסנעמען ביי אידישע בעלנים אויף סגולות [51].

אבער ניט די אידישע מיסטיק אליין האט געצויגן צו זיך קריסטן. די פשוטע פארשטעלונג וועגן גאט אין דער אידישער אמונה איז א סך קריסטן געווען מער צום הארצן, איידער די עיקרים פון דער קירך. און ווען באטראכטע טיפערע מענשן האבן גענומען פארגלייכן אידישע מדות און די אויפפירונג פון קריסט־ליכע גייסטליכע, טיילווייז פון קריסטליכע בירגער אויך [52], איז אידן דערפון צוגעקומען פריינט. אין 13־טן און 14־טן יארהונדערט האבן די אלביגענזער גענומען ווערן נעהענטער צו דער אידישער אמונה [53], אין 15־טן יארהונדערט האט די הוסיטישע באוועגונג איבערגענומען דעם דאזיגן גאנג און איז געווארן נאהענט צו אידן. ס'איז פאראן ידיעות, אז די הוסיטן אין פראג זאלן האבן געזינגען הימנען וועגן דער איינהייט פון גאט, וואס דער פראגער רב, אביגדור קאַראָ (געשטארבן דאס יאר 1439) האט זיי פארפאסט אויף העברעאיש און דייטש (אגב זאל אביגדור קארא געווען זיין אין גנאד ביי קיניג ווענצעל אויך) [54]. מ'דארף ניט מיינען, אז אידן זיינען אויסן געווען צו מאכן גרים. אידן האבן מורא געהאט צולאזן צו זיך אפילו משומדים, וואס האבן געוואלט תשובה טון מיטן גאנצן הארצן, דאס איז געווען פאר אידן א גרויסע סכנה, ווער שמועסט שוין גרים; מ'פלעגט ראטן מסרן פאר דער מאכט אזוינע, וואס ווילן אפפאלן פון קריסטנטום, „כדי צו ראטעווען זיך אוי דעם גאנצן כלל פון סכנה" [55]. א סך

מער האט זיך די אידישע אמונה אליין געפינען א וועג צו קריסטן, אין 15־טן יארהונדערט, למשל, זעהען מיר אזא באוועגונג צו אידישקייט אין רוסלאנד. א איד זכריה, פארשמ׳ט פאר אן אלכימיקער און א בעל־קבלה, וואס איז געקומען דאס יאר 1470 קיין נאָווגאָראָד מיט דעם קיעווער פירשט מיכאאיל, האט באשאפן אַ אידיש־קריסטליכע סעקטע. פאר זיך האט די סעקטע געלייקנט גאר אין קריסטנטום און זיך אויסגעטאָן פון אלע קריסטליכע מנהגים, פאר דער וועלט האט זי זיך געהאלטן פאר ברענענדיגע קריסטן. זיי פלעגן טענהען צו קריסטן: „אויב קריסטוס איז אייער משיח, פארוואס קומט ער ניט אין זיין הערליכקייט?"[56] די עיקר־לערע פון דער דאזיגער סעקטע איז געווען אזוי: זיי האבן געלייקנט, אז יעזוס איז געווען א מענש און אז ער איז לעבעדיג געווארן נאָך דעם קרייץ, זיי האבן אפגעווארפן דעם קולט פון הייליגע און נישט געאכט די הייליגע בילדער, זיי האבן געהאלטן נאר פון דער תורה, און זיי האבן זי געטייטשט אויף זייער שטייגער, זיי האבן געהאלטן דעם אידישן פסח און ניט געהיט דעם קריסטליכן „פאסט" (פאסטן) מיטוואך און פרייטאג[57]. אונטער דעם מיטראפאליט געראנטי (1473־1489) האט זיך די סעקטע פארשפרייט אין מאסקווע און מ׳האט קעגן איר ניט געקאנט טון: דער מיטראפאליט זאָסימאַ אליין (1490־1494) האט געהאלטן מיט דער דאזיגער סעקטע. דער מיסיאנער און דער פירער פון דער סעקטע איז אייגנטליך געווען א גלח אלעקסי. דאס יאר 1480 האט אים דער גרויס־פירשט יאהאן אראפגעבראכט קיין מאָסקווע און אים געמאכט פאר דעם עלטסטן גייסטליכן אין „סאבאר". איבער זיין פרומקייט איז ער געווען זעהר אנגענומען ביים גרויספירשט און ער האט דאס אויסגענוצט, כדי דורכצופירן זיין חבר זאסימא פאר מיטראפאליט. דער „באהאלטענער איד" האט זיך געהאלטן אויף זיין שטעל איניגע יאר. אינגיכן אבער האט מען די סעקטע גענומען שטארק רודפן, און זי איז בטל געווארן[58]. שפורן האט אבער די סעקטע געלאזט, ווארום אין הונדערט יאר ארום איז אויפגעשטאנען אן אנדער „פארפירער", קאָסאָס. ער איז אנטלאפן פון א קלויסטער און האט חתונה געהאט אין ליטע פאר א אידישער טאכטער[59].

מיט דעם דאזיגן ציהען צו אידישקייט זיינען אויך פארבונדן די רעליגיעזע וכוחים צווישן גייסטליכע און רבנים אין 15־טן יארהונדערט. משומדים פלעגן דא אפט זיין אויף דער שטעל, זייער עובדא איז געווען צו שטיצן די קריסטליכע עיקרים מיט פסוקים. ליפמאן מילהויזען דערציילט אין זיין „נצחון" פון א סך אזוינע וכוחים, די קריסטליכע גייסטליכע זיינען געווען אומבאהאלפן. די משומדים אבער האבן פארשאפט אידישע קהלות גרויסע אומגליקן. רעגענסבורגער לומדים האבן אויך געמוזט זיבן מאל פירן וכוחים מיט דעם דאמיניקאנער שווארץ, יע־דער אזא וכוח זאל האבן געדויערט איבער דריי שעה[60].

ווען סוף 15־טן יארהונדערט איז די הומאניסטישע באוועגונג שטארק געווארן און דאס בילדונגסשטרעבן האט טיילווייז געשעפט פון אידישע קוואלן, און די

בילדונג גופא האט באקומען אַ אידישע פארבונג; דאן איז געוואָרן זעהר אַ לעבע־דיגער פארקער צווישן קריסטליכע און אידישע וואָרעוויקענער, וכוחים פלעגן אויך אפטער פארקומען. מיר ווילן דאַ ניט כאפּן פאָרויס, דאך זאלן דאַ געבראכט ווערן אייניגע באמערקונגען וועגן גערג וויצעל, אַ טוער אין דער צייט רעפאָר־מאציע, און וועגן זיינע וכוחים, ווארום דער מאן שטייט אזוי נאָהענט צו יענער צייט, אז ער קאן דינען פאר אן עדות וועגן די געשעהענישן פון יענער צייט. ער דערציילט צווישן אנדערע זאכן, ווי ער האט אמאל געפירט אַ וכוח מיט אַ רב יוסף אין דאבריש (אין בעהמען) און ווי ער האט זיך געאמפּערט מיט „דעם הויכ־בארימטן" רב ר' אברהם [61]) אין פראג איבער אַ קאפּיטל תהלים [62]). ווייטער דער־ציילט וויצעל: „האט ער מיר געהייסן גיין אין שול אריין, דארטן וועלן מיר ווי־טער ריידן". דאַ אין שול, — וואס פאר אַ מענגע דרייסטע אידן! איך האב זיך אבער זיי אקעגנגעשטעלט, ווי זיי האבן ניט געקעמפט! קיין געלערנטערע אידן האָב איך אויף מיין לעבן ניט געזעהן, קיין קליגערע אויך ניט" [63]). דאַ האבן מיר אַ בילד פון אַ וכוח, ווי ער פלעגט דאמאלס פארקומען, אַ בילד געמאלט פון אַ קריסט, וואס ער האט אליין וכוחים געפירט און איז גוט געשטימט געווען צו אידן. ער אליין פלעגט זיך שארף אקעגנשטעלן אקעגן אידנפיינט, וואס לויט זיינע ווערטער „קאנען זיי העצן קעגן אידן, אבער ניט שרייבן קעגן זיי", און פלעגט זיי אויסוואָרפן זייער אומדאנקבארקייט. „ווארום ווער פון די, וואס פארנעמען זיך מיט העבראַאיש, וועט לייקענען, אז ער האט דאס געלערנט ביי אידן, דערהויפּט ביי יענע, וואס צוליב זיי האבן מיר ווייטער דערקענט די הע־בראַאישע שפראך?".

אויב צו יענער צייט האבן אידן געווירקט אויף דער קולטורלעבן, זיינען זיי ווידער צוריק באאיינפלוסט געווארן פון דעם לעבן און טרייבן פון דער קריסטלי־כער וועלט: מיר האבן דאַ פריהער געוויזן, אז דאס לעבן אין די קהלות איז געווען שטיל און אין זיך פארשלאסן, אזוי איז דאס געווען בכלל. אבער דאס שליסט ניט אויס, אז אויף אייניגע אידן האבן געווירקט די געשעהענישן און דערשיינונגען אין דער ארומיגער קריסטליכער וועלט. קליידונג און שפראך זיינען ביי אידן און קריסטן געווען די זעלבע. וועגן קליידונג האבן מיר אַ באווייז רופּרעכט פון פרייזינגס באמערקונג, אז אידן זאלן טראגן באזונדערע היטלען, כדי „ס'זאל זיין אַ חלוק צווישן זיי און קריסטן". אזא מין טעם קאן אונז אויך דינען פאר אַ באווייז, אז לויט דער שפראך האט מען אידן אויך ניט געקאנט דערקענען. וועגן דעם וועלן מיר נאך ריידן באזונדער. אבער אַ איד איז געווען אַ זון פון זיין פאטערלאנד ניט בלויז אין שפראך און קליידונג, נאר ער פלעגט זיך באטייליגן אין דעם פאטערלאנדס ליטעראטור אויך. כמעט אלע מאטיוון, וואס זיינען באהאנדלט געווען אין דער מיטלאלטערישער ליטעראטור, זיינען באארבעט געוואָרן אין אידיש־דייטשע (אידישע) חבורים אויך, למשל, די לעגענדע וועגן קיניג אַרטוס, שמיד ווילאַנד, טריסטאַן און איזאָלדע, די Gesta Romanorum, איינלענשפּיגעל און

דעסגלייכן [64]. אלע אזוינע ביכער זיינען געשריבן געווען פון אידן, פאר אידן, און היות ווי יעדער איד האט געקאנט לייענען אידיש, אבער גאר ניט יעדער קריסט האט געקאנט לייענען דייטש, קאן מען זיכער זאגן, אז די דייטשע נאציאנאלליטעראטור אין מיטלאלטער האט געהאט בערך א סך מער לייענער און שעצער צווישן אידן, איידער צווישן קריסטן, צווישן די באשאפער פון דער דייטשער נאציאנאל־ליטע־ראטור זיינען געווען אידן אויך. אין ערשטן באנד איז שוין דערמאנט געווען דער מי־נעזינגער זיסקינד פאן טרימבערג, ער געהערט צו דער עלטערער צייט. אין א מאנוסקריפט אויף פארמעט פון דעם 14־טן יארהונדערט, וואס האלט אין זיך די פאעמע Parzival מיט א המשך און א צוגאב פון Claus Wysse (קלויס ווייס) און פיליפ קאָלין פון שטראסבורג לויט א פראנצויזיש געדיכט פון Manessier דאנקען זיי א אידן שמשון פינע, וואס ער האט זיי געהאלפן איבערזעצן פון פראנצויזיש אהן יעדער לוין [65]. אזוי ווי שמשון פינע, וואס ווערט בפירוש דערמאנט פאר א אידן, אזוי האט אויך וואָלפיין פאָן לאָכאַמען, וואס מ׳האלט אים פאר א אידן, פארבונדן זיין נאמען מיט דער מיטלאלטערישער דייטשער ליטעראטור, ער האט געזאמלט דאס לאָביימער לידערבוך (בערך דאס יאר 1450) [66].

א גרעסערן אנטייל אין דער דייטשער נאציאנאלליטעראטור האט דער געטויפטער איד, שפעטער א פראנצ׳יסקאנער מאָנאַך, יאָהאַנעס פאַאולי, געבוירן בערך דאס יאר 1455, געשטארבן נאך 1530. ער האט אנגעשריבן א געשיכט־זאמלונג „Schimpf und Ernst“ (שפאס און ערנסט), איינס פון די באַ־ליבטעסטע פאלקסביכער דאס 16־טע און 17־טע יארהונדערט. חוץ דעם האט ער, אלס גייִלערס א פלייסיגער צוהערער, פארשריבן אלע זיינע דרשות און ארויסגעגעבן אין שטראסבורג אין 4 טייל די יארן 1515 — 1520:
das Ewangelienbuch, die Emeis, die Brösamlin, das Narrenschiff.

ער קומט אויך פאר מיט דעם נאמען פוילוס פעדערסהיימער, דערפון איז צו זעהן, אז ער שטאמט פון פעדערסהיים, אזוי הייסט איצט דאס ארט נאהענט צו ווארמס. מיר האבן שוין געהאט דערמאנט, אז ביי מהר״ם מינץ קומט פאר איי־נער ר׳ יואל פעדערסהיים [67]. דאס הייסט, אז דארט אין פעדערסהיים זיינען גע־זעסן אידן, א רמז אויף יאהאנעס פּאַאוליס נאמען און אפשטאם. געטויפט האט ער זיך אין מאינץ. דעם הומאניסט קאָנראַד פעליקאנוס האט ער דערציילט, אז ער האט געלאזט אין מאינץ אייניגע העברעאישע כתבים, וואס ער האט פארנומען ביי זיין פאטער, ווען ער איז געווארן א קריסט. ער האט זיי געוואלט שיקן פעליקאנוס׳ן, ווארום יענער האט זעהר געגארט צו לערנען העברעאיש [68]. היות ווי צו דער צייט פון זיין טויף האט ער שוין געהאט פארשטאנען העברעאישע כתבים און ס׳איז אים געפעלן אייניגע צוצונעמען ביי זיין פאטער, הייסט דאס, אז „פריהגעטויפט“ [69] האט ער זיך ניט. דאס איז אויך צו זעהן פון אזא זאך: פעטער וויקראַם, גייִלערס א קרוב און ארויסגעבער פון אייניגע זיינע ריידעס, וואס איז געווען זעהר אויפגעבראכט אויף פּאַאולין דערפאר, וואס יענער האט „צוגעמישט זיינע אייגענע נארישקייטן און שטות הויפנווייז צו גייִלערס ריידעס“ [70], דער

פעטער וויקראם באהאנדלט פאאולי׳ן ווי א אידן. פאאולי איז ביי אים „א הינקענ־דיגער איד, אפגעצוואגן מיט טויפוואסער״, א „שפראצל פון א עקשן״ [71]. ער וואלט פון פאאולין אזוי ניט גערעדט, ווען יענער זאל געווען זיין געטויפט גאר יונגערהייט. א ס׳מן איז אויך זיין אויסערגעוויינטלעכע פיינטשאפט צו אידן. ער האט זיך ניט געשעמט צו פויקן די בבא־מעשה, אז אידן שטעכן האסטיעס [72]. צו אזא אפענעם ליגן האט ער געמוזט אנקומען נאר פאר מורא פאר זיך אליין, אזא בלבול אין זיין מויל האט געזאלט איבערצייגן קריסטן, אז ער איז א געטרייער קריסט. ער וואלט כלל ניט באדארפט אנקומען דערצו, ווען ער זאל געווען זיין גע׳שמד׳ט גאר יונגערהייט און ממילא וואלט זיין געוועזענע אידישקייט ניט געווען אזוי ניכר. ס׳איז דעריבער קיין „חדוש״ ניט, וואס ער, „א געטויפטער איד פארצייכנט און גיט איבער ערליך גיילערס גיפטיגע ריידעס קעגן אידן״ [73]. ער טוט דאס זעהר אויסגערעכנט און נאך מער שיט ער גיפט אויף אידן אין זיין אייגן ווערק „שימף און ערנסט״, כדי זיך ריינוואשן פון דעם חשד, אז ס׳איז נאך געבליבן ביי אים א פונק אידישקייט. דאס באווייזט אגב, וואס פאר א מערכה משומדים האבן געהאט ביי קריסטן. ווען אזא מאן האט אין זיינע שריפטן פארשטאנען צו כאפן דעם טאן, וואס האט צוויי הונדערט יאר דורכאנאנד געקאנט אויסנעמען ביים דייטשן פאלק, איז דאס דער בעסטער באווייז, אז דער דייטשער איד איז געווען אזוי פארוואקסן מיט דעם דייטשן פאלקסגייסט, אזוי ווי זיין קריסטליכער מיטבירגער.

פון די העברעאישע חבורים יענע צייט זעהען מיר, ווי אידן האבן געקענט דאס דייטשע עפנטליכע לעבן. מיר געפינען טעכנישע אויסדריקן פון דער געריכטשפראך, ווי למשל: טיידינג (פראצעס), אינסטרומענט („אשטרמינט — א צייגניש״), דינגען (מאכן א קאנטראקט) [74], אורפעדע („אורוידה״ — urfehde — א התחיבות) [75]; אויסדריקן פון דער האנדלוועלט, ווי ליינקויף (לייקויף), וינקויף (וויינקויף) אורקונדא (אורקונדע — עדות) [76], דרבולן־בריף (דערפילונגבריף) [77]; אזוינע אויסדריקן, וואס געהערן צו שטאטישע אינסטיטוציעס, ווי למשל: פּאָטעסטאַט (בירגערמייסטער) [78], שטאטבוך, האנדפעסט [79], אדער אזוינע אויסדריקן, וואס באציהען זיך אויף דאמאלסדיגע פארהעלטענישן, ווי למשל: לייסטונג [80], פאכט [81], וויזירער [82], (דאס איז געמיינט די, וואס האבן באדארפט אנמערקן, אז אזא פאס דארף מען שוין פארצאפּן), וואס זיי הייסן אויך „אונגעלט״ [83], און דעסגלייכן. רבנים פלעגן באהאנדלען יורידיש האנדלס־רעכטליכע געוואיינהייטן, אזוי למשל, ווערט באהאנדלט די פראגע, צי לויט דעם קריסטליכן רעכט באטייט דער וויינקויף, אז די קניה איז שוין אן אפגעמאכטע זאך, אדער דאס זאל בלויז באטייטן, אז דערמיט איז די פאר־ענדיגטע קניה פארעפנטליכט געווארן, היות ווי אידן האבן מחמת זייער האנדל און פארקער זיך פארשאפט א גרויסע געניטקייט אין דעם עפנטליכן רעכט און געריכט־ענינים, און גמרא־קעפּ האבן דערלאנגט אין דעם פרט גרויסע הריפות, פלעגן קריסטן נעמען אידן פאר אדוואקאטן [84]. צו די דערמאנטע

טעכנישע אויסדריקן קומען נאָך צו אַ סך אַנדערע פּאָר שטובזאַכן און אַרבעט־געצייג און אַנדערע פּרטים, וואָס אידן האָבן דאָס געקאָנט דערגיין נאָר אין עפנטליכן פאַרקער מיט קריסטן [85], ווי ווייט דייטשע אידן זיינען זיך צונויפֿ־געוואַקסן מיט דעם דייטשן פאָלקסגייסט, זעהט מען אַרויס פון זייערע ניי־באַשאַפענע העברעאישע ווערטער, וואָס מ׳קאָן זיי פאַרשטיין נאָר פון דייטש [86].

אידן פלעגן אפילו נאָכטון ריטערליכע געוואוינשאַפטן, ליבהאָבעריי און שפּילן אויך. מהר״ם מינץ דערמאָנט אַ אידן אַ פייערדיגן ספּאָרטסמען (אַ רייטער) [87], און אַז אידן פלעגן גערן צוזעהן טורנירן און קאַמפשפּילן ווייזן מיר פון מוסר־ספרים, וואָס וואָרענען שטאַרק אידן קעגן דעם [88]. ס׳זיינען געווען אידן, וואָס האָבן געקאָנט האַלטן אַ שווערד; דאָס איז אַגב קיין חידוש ניט, ווען מ׳דערמאָנט זיך, אַז אידן אין מיטלאַלטער האָבן אָפט געמוזט אָנקומען צו געווער פשוט, כדי צו פאַרהיטן דאָס לעבן, און דערצו האָט מען באַדאַרפט האָבן מער מוט און פלינקייט, איידער אַ ריטער האָט דאָס פאַרמאָגט. אין די אָנקלאָגן קעגן אידן זעהט מען ניט, אַז מ׳זאָל האַלטן אידן פאַר פּחדנים, פאַרקערט, האַנס ווילהעלם קירכאָף ווייסט צו דערציילן פון אַ טיכטיגן אידישן פעכטער, וואָס אַלע האָבן אים גערימט, ווער ס׳האָט זיך נאָר מיט אים אַנגעהויבן [89], ס׳מעג דאָ נאָך דערמאָנט ווערן אַ קוריאָז, ווי אַ איד האָט דערקלערט קריג אַ גאַנצער שטאָט [90], אָבער דאָס באַווייזט אויך, אַז צו אידן האָבן זיך צוגעקלעפּט אַרומיגע זייטן, גוטע ווי שלעכטע. אַ גרעסערן שבח האָט פאַרדינט אַ אידישער שיסער, ער האָט פאַרטיידיגט זיין שטעטל טינגען אין באַדען, דאָרט אַגב איז געווען איינע פון די עלטסטע אידישע דרוקן [91], ווען דאָס שטעטל איז געווען באַלאַגערט דאָס יאָר 1499. אין איינעם אַ מאַנוסקריפט שטייט וועגן אים געשריבן, אַז ער האָט דערשטאָכן זעהר פיל פיינט און האָט דערשאָסן דעם אָפיציר פון סורסען און דעם ביקסמייסטער פון פרייבורג, דער לעצטער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער שיסער, די פרייבורגער האָבן געוואָלט נקמה נעמען פאַר דעם טויט פון זייער מייסטער, און זיי האָבן ניט גערוהט ביז זיי האָבן באַקומען דעם אידן אין די הענט אַריין, מ׳האָט זיי דעם אידן אַרויסגעגעבן, זיי האָבן אים אויפגעהאַנגען פאַר די פיס, האָבן אים געלאָזט זיך אַזוי פיינגען אַ טאָג מיט אַ נאַכט און נאָכדעם האָבן זיי אים אָפגעהאַקט דעם קאָפּ [92]. לייטישער איז זיך באַגאַנגען דער ראַט פון דער שטאָט הילדעסהיים מיט אַ אידן אַ העלד, וואָס מ׳האָט אים גערופן: דער גרויסער מיכאל. ווייל ער איז געווען אַ גוטער סאָלדאַט, האָט מען אים געלאָזט זיך באַזעצן אין הילדעסהיים, און דערמיט איז געמאַכט געוואָרן אָן אָנהויב ווידער אַריינצולאָזן אידן, נאָכדעם ווי מ׳האָט זיי פאַרטריבן פון דאָרט [93].

אין עפנטליכע פּראָצעסיעס האָבן אידן, לויט די זיטן פון יענער צייט, פאַרשטאַנען צו באַווייזן זיך מיט גרויס פּאַראַד, אַזוי ווי די קריסטן, און מ׳פלעגט דאָס באַמערקן; דאָס באַווייזט אונז אַ באַשרייבונג פון דעם אונגאַרישן

קיניגס מאטיאס קארווינוס קרוינונג און חתונה (דאס יאר 1476). די באַ־
שרייבונג געהער צו האנס זייבאָלט פאן האָכשטעטען. ער איז געווען ביי דער
צערעמאניע און האט פארשריבן, ווי אידן אין דער שטאט אפען האבן זיך
באטייליגט אין דעם פאראד. ער דערציילט, ווי זונטאג האט זיך א גרויסע
פראצעסיע מיט א סך בישאפן, לאנדהערן און בירגער פון דער שטאט אפען
געלאזט רייטנדיג פון דער שטאט ארויס אקעגן דעם קיניג, וואס איז
געצויגן קיין שטול־ווייסענבורג צו דער קרוינונג; נאכדעם זאגט ער בזה
הלשון: „דעסגלייכן זיינען ארויס די אידן אויך, דא האט דער קיניג געשיקט
זאגן, אידן זאלן אויך מיטרייטן. בכן איז דער איד מענדל [94] געריטן
מיט 16 קעסטליכע פערד, פריהער איז געריטן א אינגל, וואס האט
געקאנט זעהר שיין טרומייטן, מיט א פאן אויף דעם טרומייט. דערנאך
זיינען געריטן צוויי אינגלאך מיט זילבערנע גארטלען, מיט גרויסע שנורן,
מיט הויכע שנאלן, ווי א זילבערנער בעכער, ביי די זייטן האבן
זיי געטראגן זילבערנע שווערדן מיט הילצערנע הענטלאך און שיידלען,
דערנאך איז געריטן דער איד מענדל אין גרויען אנגעטאָן, מיט א זיידענעם
קאפישאן מיט אן אויסגעהעפטן הוט, מיט א לאנגער זילבערנער שווערד ביי
דער זייט. דערנאך זיינען געריטן פארוויז אנגעטאָן אין פרעכטיגע קליידער
פון מעכעלן־טוך, מיט צוויי ווייסע שטרויספעדערן אויף דעם הוט . . .

ארום א שעה האבן זיי געווארט אין דער פעסטונג. נאכדעם איז גע־
קומען דער קיניג און האט זיך געזעצט אויף זיין פערד און הערצאג קריסטאף
מיט אים, און זיי זיינען אלע געריטן נאך די אידן פון דער פעסטונג
קיין שטולווייסענבורג, און אידן זיינען געריטן מיט אן אנדער וועג."

פרעכטיג איז אויך געווען די אידישע פראצעסיע בעת מ'האט באגעגנט
די קיניגליכע פאר. אונזער עדות, וואס איז געווען דערביי, שרייבט וועגן דעם
אזוי: „איך האב שיער ניט פארגעסן נאך א פראצעסיע. איך מיין די אידן,
זיי זיינען אויך געריטן פון דער שטאט אפען מקבל פנים זיין די קיניגין.
פריהער זיינען געריטן 32 אידן אין פרעכטיגע קליידער פון מעכלען־טוך
מיט זילבער געפוצט, ווי זיי זיינען שוין דערמאנט געווען, בעת זיי זיינען
געריטן צו דער קרוינונג. דאמאלס האבן זיי געטראגן א קעסטליכע פאָן,
דערויף איז געווען אנגעשריבן מיט גאלדענע אותיות: „שמע ישראל", מיט
א שילד: א מגן דוד און אויבן דריי גאלדענע שטערן, אויף דעם שילד
א אידנהוט, אלץ באדעקט מיט גאלד. נאך דער פאן זיינען געגאנגען יונג און
אלט פארוויז אין א פראצעסיע אריבער אנדערהאלבן הונדערט מאן און האבן
געטראגן קאפישאנעס פון זייד און דאמאסק. זיי האבן געזינגען הילכיג
א געזאנג, וואס איך האב ניט פארשטאנען, אבער אלע האבן געזאגט, אז
דאס איז געווען אויף העברעאיש. אויך האבן זיי געטראגן א חופה, און אן
אלטער איד האט אונטער דער חופה געטראגן א ספר־תורה מיט א גאלדענעם
בלעך אויף דעם ספר, און צוויי אידן האבן אים געפירט, און זיי האבן געמאכט

א רעדל פאר דער קיניגין. דא איז געקומען צו רייטן דער קיניג און די קיניגין; ווי זיי זיינען צוגעקומען צו דער חופה האבן זיי אויפגעמאכט די ספר תורה און האבן זי געוואלט דערלאנגען דער קיניגין א קוש טון, די קיניגין האט אבער ניט געוואלט" [95].

דער דאזיגער גענויער באריכט פון א אומפארטייאישן צוזעהער באַ־ווייזט, אז אידן האט ניט געפעלט קיין חשק און קיין טאלענט צו באווייזן זיך אין דער עפנטליכקייט מיט גלאנץ און געשמאק, ווען מ׳האט זיי נאר געלאזט. ווי ווייט די פראצעסיע פון אפענער אידן האט דערוועקט באוואונ־דערונג, באווייזט א באמערקונג פון אן אנדער באשרייבער, שוין נישט אזוי אומפארטייאיש; יענער זאגט ארויס גיפטיג זיין השערה, וואס אידן זיינען דערמיט אויסן געווען: "מסתמא האבן זיי ארויסגעקוקט, אז דערפון וועלן זיי האבן עפיס רעכטס" [96].

מיר האבן ביז אהער באטראכט פארשיידענע פרטים פון די באציהונגען צווישן אידן און קריסטן. מיר האבן געזעהן, אז זיי האבן קעגנזייטיג געווירקט איינס אויף דאס אנדערע. פירן מיר אונטער א סך הכל, איז מוזן מיר זאגן, אז די געזעצליכע באציהונגען צווישן אידן און קריסטן, ווי זיי האבן באדארפט זיין לויט די דערמאנטע תקנות פון רופרעכט פאן פרייזינג, שטימען כלל ניט מיט דעם, וואס ס׳איז באמת געווען אין דער פראקטיק. אידן האבן זיך ניט אויסגעטיילט פון קריסטן נישט מיט דער שפראך, נישט מיט זייער האלטונג, נישט מיט זייער קליידונג, — חוץ די ספעציעלע צייכנס, וואס אויך ניט אומעטום זיינען זיי געווען איינגעפירט [97], זיי האבן געלעבט צווישן קריסטן בירגער צו בירגער גלייך, אין די אורקונדן ווערט אויך ניט געמאכט קיין חילוק, אידן ווערן דארט דערמאנט פאר בירגער [98].

נישט דער צווישנשייד, וואס דער מלוכה־געזעץ האט געוואלט מאכן, ניט דער תהום פון פארשיידענע רעליגיעס, ביידע זיינען ניט געווען אזוי גרויס, אז דאס לעבן און איינע און דיזעלבע לעבנסאינטערעסן זאלן דאס ניט גובר זיין און ניט דערנעהנטערן אידן און קריסטן. אידן האבן געהאלטן ביי זיך קריסטליכע דינער, קיין פארבאט האט ניט געהאלפן, די פאנאטישסטע מאנאכן האבן דאס ניט געקאנט איבערמאכן. אין פּאַדואַ האבן אידן געהאט אפילו א הומאריסטישן וכוח וועגן דעם מיט א גייסטליכן, וואס האט זיי געוואלט פארווערן צו האלטן קריסטליכע דינערשאפט, ער האט דאס אבער ניט געקאנט אויספירן [99]. קריסטן האבן זיך געגריסט מיט אידן, ווי דער שטייגער איז געווען אין לאנד, און רבנים פלעגן דערמאנען אידן, זיי זאלן אפענטפערן אויף דעם גרוס, ווי דער שטייגער איז, און זאלן אפילו זיך גריסן די ערשטע [100]. מהרי״ל פלעגט זיך נוהג זיין שבת נאכן דאווענען א ביסל אפווארטן ביי דער שול און זאגן דעם עולם „גוט שבת" און זיך גריסן מיט קריסטן [101]. מיר האבן שוין געזעהן, אז הויכגעשטעלטע פערזאנען זיינען געווען גוט צו אידן, און געוויס האט זיך געדארפט פאַרקניפן נאהענטע באקאנטשאפט און פריינטשאפט צווישן אידן און

קריסטן, וואס זיי פלעגן זיך אלע טאג באגעגענען, דינען און טון טובות איינס דעם אנדערן[102]. לאנג האט זיך אזא פריינטשאפט ניט געקאנט האלטן, אזוי ווי פלאנצונגן אין א וואולקאנישער געגנט, וואס ביי דעם ערשטן אויסבראך פון דעם פייערבארג ווערן זיי פארשיט אין זייער בעסטן בליהען. אזוינע ווילדע אויסבראכן פון די קריסטליכע מאסן קעגן אידן האבן זיך אפט איבער־געחזר'ט און זיי האבן צעשטערט די פריינטליכע פארבינדונגען, דערפאר האבן שוין געזארגט די מאכטהאבער, וואס זיי איז געגאנגען אין אידיש געלט, און די גייסטליכע, וואס זיי האבן געלאָקערט אויף אידישע נשמות אדער אויף ביידע זאכן.

אידן זיינען נאך געווען געשעפטליך פארבונדן מיט קריסטן. און דא זעהען מיר אויך, ווי דער געזעץ בלייבט אויפן פאפיר און דאס לעבן איז שטארקער.

לאמיר אנהויבן פון אידישער מלאכה. ביי די מיטלאלטערישע פאר־העלטעניש איז אידן שווער געווען צו נעמען זיך פאר א מלאכה. חוץ דעם זיינען נאך געווען באזונדערע פאראָרדענונגען, אז קריסטן זאלן ניט נוצן קיין אידישע בעלי־מלאכות[103]. פונדעסטוועגן זיינען געווען בעלי־מלאכות געגנוג צווישן אידן. אידן האבן געמוזט האבן אייגענע שניידער איבער רעליגיעזע טעמים (מ'זאל ניט געשטרויכלט ווערן אין שעטנז), דאס נעמליכע אויך—בעקער; מיר ווייסן שוין, אז קהלות האבן געהאט אייגענע בעקעריייען. דעסגלייכן האבן אידן באדארפט האבן אייגענע קצבים און שערער. אידן האבן זיך אבער בא־שעפטיגט מיט אנדערע מלאכות אויך, וואס אידישקייט האט דא ניט צו שטעקן. אין א פארצייכעניש פון פראָגער אידן דאס יאר 1546 ווערן דערמאנט אזוינע מין בעלי־מלאכות: גלעזער, שלייפער, טאָקערס, גאלדשמידן, פודעלמאכער, קוטנמאכער, שטייגענמאכער (פאר מייזכאפן)[104]. אין אן אנדער ארט ווערן דערמאנט: מוליאַרעס, גאַרבער, שמידן, שיפנבויער, אייגבינדער, קאַרטעסמאלער, סקולפטאָרן, שווערדשלייפער, מינצארבעטער, שטעמפלמאכער[105]. אין דער דערמאנטער פארצייכעניש שטייט וועגן איינעם, וואס איז ניט געווען ביי דער „באשרייבונג", אזוי: „היקל, דער איד, אן ארבעטער, האט זיך ניט געפונען"[106]. ביי אנדערע געפינט זיך אויך באמערקט: „ער ארבעט דא". זעהר לעבעדיג האבן זיך אידן גענומען צווישן די ערשטע פאר דרוקארבעט, אלס זעצער און דרוקער, אידישע פרויען אויך. אבער וועגן דעם דארף גערעדט ווערן באזונדער. קריסטן האבן נישט געקוקט אויפן פארבאט און פלעגן נעמען אידישע בעלי־מלאכות. איסרלינס תלמיד דערמאנט וועגן פרויען, וואס פלעגן וואשן שלייערס פון קריסטליכע דאמעס[107]. נאך א סימן האבן מיר, אז אידישע בעלי־מלאכות האבן געארבעט ביי קריסטן, וואס גראד געוויסע צעכן פלעגן אפטער אנפאלן אויף אידן, ווי למשל, שניידער און לעקעכמאכער אין פראנקפורט ביי מיין און שוסטער אין ווין[108]. ס'איז שווער זיך פארצושטעלן, אז גראד די דאזיגע מינים בעלי־מלאכות זיינען געווען פאנאטיש אויפגעבראכט אויף אידישער אמונה

מער׳ איידער אנדערע׳ בלייבט נאר איין סבה: דאס געקריינקטע קאנ־קורענץ־געפיל׳

איידער מיר וועלן איבערגיין צו אידישע געשעפטן׳ ווילן מיר דא דער־מאנען אייניגע מלאכות׳ וואס מייסטנס זיינען דאס געווען נאר אידישע׳

א סך האבן זיך געמאכט א פרנסה פון דרשענען׳ זיי פלעגן ארומפארן פון איין קהלה צו דער אנדערער׳ בעטן רשות צו זאגן און נאכדעם פלעגן זיי באקומען געצאלט פון דער קהלה־קאסע׳ אדער נדבות׳ דעסגלייכן זיינען געוען וואנדער חזנים׳ וואס פלעגן דאוונען ערגיץ א שבת׳ פארדינגען זיך אויף איבער יום־טוב און זיך לאזן ווייטער [109]׳ נאך מער זיינען געווען וואנדער־מלמדים [110]׳ אין דעם דערמאנטן צעטל פון פראגער אידן איז ביי איינעם אנ־געמערקט: א דרדקי מלמד, ביי אן אנדערן —: לערנט ארעמע קינדער אין לייטמעריץ׳ ווידער ביי אנדערע שטייט ניט מער׳ ווי: מלמד׳ בעל־דרשן׳ חזן׳ ביי איין פרוי שטייט: איר מאן איז א מלמד אין פוילן׳ ביי איינעם אהרון פון מעהרן שטייט: לערנט מיט צוויי אינגלאך, ביי אן אנדערן שטייט: א חזן אין רוסלאנד׳ מ׳קאן זיך פארשטעלן׳ אז אזא אומזיכערע פרנסה איז געווען פונקט אזוי שווער ווי קלאגעדיג׳ יארנלאנג פלעגן די וואנדערער ניט זיין אין דער היים׳ מיטנעמען מיט זיך אויף דער רייזע ווייב און קינדער האבן זיי אודאי ניט געקאנט׳ ווי קלאגעדיג דאס איז צוגעגאנגען אזוינע פאמיליעס׳ קאן מען ארויסזעהן פון אזא באמערקונג׳ וואס שטייט ביי איינער א פרוי אין דעם דערמאנטן פראגער צעטל: „קיילע קאפמאנס ווייב א געווינערין ליגט אין קימפעט אין דייטשלאנד״ ד׳ ה׳ דער מאן האט געמוזט איבערלאזן זיין קימפעטפרוי און זיך לאזן אויף דער וועלט פארדינען ברויט פאר דער פאמיליע׳ דעסגלייכן איז דאס געוויינטליך צוגעגאנגען אידן סוחרים אויך׳ אין דעם דערמאנטן פראגער צעטל שטייט ביי אייניגע: ער איז אוועק קיין ווענעציע׳ געצויגן קיין איטאליע׳ אפגעפארן קיין פוילן האנדלען און דעסגלייכן׳ אידישע כלי־זמר [111]) פלעגן אויך ארומוואנדערן׳ זוכן ברויט׳ צעשיידט מיט דער פאמיליע יארנלאנג׳

מיר האבן זיך א ביסל לענגער אפגעשטעלט אויף אידישע וואנדערער און זייערע צרות׳ ווארום אין דייטשלאנד זיינען דאמאלס געווען א סך אנדערע וואנ־דערער׳ זייער עובדא איז אבער געווען בעטלעריי׳ ניט ארבעט׳ לערעריי אדער האנדלי די דאזיגע לייט האבן געמאכט גאנצע חברות׳ און דאס איז געווען אן אמתע פלאג׳ אין די דייטשע שריפטן פון יענער צייט קלאגט מען זיך שטארק אויף זיי׳ קיין איינגעשטעלטע באזארגונג פאר ארעמע איז דאמאלס אין דייטש־לאנד ניט געווען׳ בעטלער האבן דעריבער קיין אנדער ברירה ניט געהאט׳ נאר זיך ארומשלעפן אויף דער וועלט׳ צו די ארעמעלייט האבן זיך אבער צוגעשארט פארשיידענע אנשיקענישן, אזוי׳ אז לסוף זיינען בעטלער׳ רויבער׳ מערדער גע־שטאנען אין איין צעטל׳ ביי סעבאסטיאן פראנק געפינען מיר א בילד פון די דא־זיגע בעטלער און זייערע אויפטועז׳ „די בעטלער האבן זיך געמאכט צו יעדער

צייט אזא בייזן שם, אז פון זיי איז געשריבן געווארן א ראטוועלש־גראמאטיק (א גראמאטיק פון דער בעטלערשפראך), א גאנצער בוך איז געמאכט געווארן פון זייערע חפצות, און ס'איז אויפגעקומען א סך בייזע שפריכווערטער וועגן זיי. מ'האט זיך אפט פירגענומען לערנען א מלאכה די בעטלערס קינדער, אבער ווי נאר זיי האבן אנגעווארעמט די הענט אין בעטלערשטעקן, קאן שוין פון זיי קיין גוטס ניט ארויסקומען: די מעשה איז, וואס זיי האבן זיך פריה צוגעוויינט צו ליידיג גיין, צו בעטלען און זיי ווייסן, אז מיט בעטלען קאן מען גאנץ גוט אויס־קומען. דעריבער קאן מען זיי שוין אין יאך ניט איינשפאנען, זיי האלטן מער פון זייער גאלדענער פוילער מלאכה. זעקס טאג אין וואך טוען זיי גארניט, דעם זיבעטן טאג זעצן זיי זיך פאר דער קירך, זיי זיינען מיט קיין זאך ניט פארבונדן: פרייע פויגל... וועגן זייערע שמד־שטיק און קונצן פרעג ביי לייטן און לייען זייער אייגן בוך וועגן דער בעטלער כנופיה. פון זייער כנופיה, פון זייערע גנב'שע שטיק קאן מען זיך ניט גענוג אנדערציילן" א. אזי. וו.[112]. סעבא־סטיאן בראנט האט זיך אויך באשעפטיגט מיט דער דאזיגער חברה אין זיין „נארענשיף" און געמאכט פון זיי א גאנץ קאפיטל: „פון בעטלער"[113].

דאס בעטלער־ראטוועלש (בעטלער־שפראך), היינט הייסט דאס—Gauner sprache, וואס ס'ווערט דערמאנט פריהער ביי סעבאסטיאן פראנק, איז צום ערשטן מאל צוזאמענגעשטעלט אין דעם בוך Liber vagatorum, דארט ווערט אויך דערציילט פון דעם עצם בעטלערוועזן. וועגן דער דאזיגער בעטלער־שפראך באמערקט לוטער אין דער פאררייידע צו דעם דערמאנטן בוך: „די ראטוועלש־שפראך שטאמט טאקע פון אידן, ווארום אין דער שפראך איז פאראן א סך העברעאישע ווערטער, דאס קאן זעהן יעדער, וואס פארשטייט העברעאיש"[114]. דאס איז ריכטיג. אין דעם פריהערדערמאנטן סעבאסטיאן בראנטס ליד, וואס דארט רעדט זיך צום ערשטן מאל וועגן „בעטלער" און זייער שפראך, קומען פאר אזוינע בעטלער־אויסדריקן, וואס שטאמען פון העברעאיש אדער פון אידיש־דייטש, ווי למשל: Predger (בעטלער)[115], johem, (ווייז)[116], Schöchelbosz (א שענק)[117], beseuelet (אפגענארט)[118], veralchend (אוועקגעגאנגען)[119] און דעסגלייכן. מ'דארף אבער געדיינקען, אז בראנט דער־מאנט אידן מיט קיין איין ווארט ניט. דערפון אליין איז צו זעהן, ווי פאלש ס'איז די השערה, אז אידן האבן אויסגעמאכט אן אנגעזעהענעם טייל בעטלער און שלעפער און דעריבער האבן זיי אריינגעבראכט א סך העברעאישע און אידישע אויסדריקן אין דער בעטלערשפראך[120]. בעטלער האבן געגאשט העברעאישע ווערטער ביי אידישע הענדלער און טענדלער און האבן זיי אריינגעבראכט אין זייער שפראך. דא באווייזט זיך אויך אין זעהר א טונקל ווינקל די אידישע ווירקונג. וואס אידן זיינען דאס גאר ניט אויסן געווען. אויב מיר געפינען אין קריסטליכע שריפטן פון יענער צייט ידיעות וועגן געהאנגענע אידן־גנבים (אזוינע פאלן האבן מיר שוין פריהער געבראכט), איז נאך א ספק, לויט ווי די יוסטיץ האט באהאנדלט אידן, צי די געהאנגענע זיינען באמת געווען די שולדיגע. אין

אידישע קוועלן געפינען מיר קיין סימן ניט, אז אידן זאלן זיך חברן מיט יענע בעטלער און פארברעכער, און זיי וואלטן דאס ניט פארשוויגן, א סימן האבן מיר פון שפעטערדיגע אידישע שריפטן, וואס זיי דערמאנען יא אזוינע פאלן[121]. בכלל וועלן מיר נאך זעהן, אז אין די קריסטליכע שריפטן פון יענער צייט באשולדיגט מען אידן אין וואכער, אבער קיינמאל ניט אין גנבות און ענליכע פאר־ברעכנס.

ווען מיר קוקן זיך צו צו דער פלאג פון בעטלער־כנופיות, הויבן מיר ערשטן אן רעכט צו שאצן אידישע וואנדערער און זייערע פרנסות. גיילער קלאגט זיך, אז די מאגיסטראטן ווילן ניט זארגן פאר ארעמעלייט, ניט אזוי, וואס ס׳פעלט די נדבה, ווי ס׳איז ניטא, ווער ס׳זאל זי רעכט פארטיילן[122]. וועגן אידישע קהלות קאן מען אזוינס ניט זאגן. דאס איז שוין צו זעהן דערפון, וואס מיר האבן שוין פריהער געבראכט, אז מהר״ם מינץ איז געווען שטארק אומצופרידן מיט די צדקה ענינים אין באמבערג, ווי ער האט זיי געטראפן, בעת ער איז דארט געווארן רב (1469): אין דער צדקה פושקע איז קיין געלט ניט געוועזן, דאס הייסט, אז ס׳האט פאסירט א זאך, וואס טרעפט זיך זעלטן. אזוי האט מען עס דאמאלס פארשטאנען, פון מהר״ם מינצס רייד ווייסן מיר אויך, אז פון דער ליידיגער צדקה־קאסע האבן געליטן נאר פרעמדע ארעמעלייט. דאס הייסט, אז אין באמבערג זיינען קיין היגע ארעמעלייט ניט געוועזן, אדער זיי זיינען געוועזן פארזארגט: בעלי־בתים פלעגן זיך אומקוקן אויף זיי אדער זיי האבן געהאט פענסיע פון דער קהלה־קאסע. אין דעם צעטל פראגער אידן, וואס איז שוין א סך מאל דערמאנט געוועזן ביי אונז, שטייט סך־הכל ביי איין פרוי, ביי אן אלמנה לאה, אז זי גייט ארום אין די הייזער[123]. וועגן דעם פונקט מוז מען ריידן א ביסל ברייטער. אין די קהלות איז ניט געוועזן קיין אייגענע ארעמעלייט, אדער ס׳איז געוועזן זעהר ווייניג, ווייל ס׳האט ניט געטארט זיין, ווארום די שטאט־ראטן האבן זיי ניט באדארפט האבן. אידישע קהלות פלעגן דעריבער זארגן פאר זייערע ארעמע, אבער כדי קהלות זאלן קאנען אזוינס אויסהאלטן, האבן זיי געמוזט אכטונג געבן, אז ביי זיי זאלן זיך ניט באזעצן אזוינע מענשן, וואס קאנען פאלן צו לאסט דער קהלה. דעריבער געפינען מיר אין דעם באוואוסטן צעטל פראגער אידן, אז ביי צוויי אידן שטייט: אפ־געפארן, ווייל די קהלה האט אזוי געהייסן[124]. צוגלייך מיט אידישע צדקה זעהען מיר אויך, ווי אידן האבן זיך אפט אומברחמנותדיג פארהאלטן צו זייערע אייגענע ברידער[125]. די פארענטפערונג איז, וואס זיי האבן געהאט זעהר פיל אויסצושטיין פון אלערליי הארן, וואס האבן געהאלטן אין איין רייסן ביי זיי געלט אונטער פארשיידענע אויסריידן, אז אפילו אן איינגעזעסענער איד האט זיך ניט געקאנט פריי א ריר טון. מיר האבן פריהער געבראכט סעבא־סטיאן פראנקס א באשרייבונג, ווי מ׳האט געפרובט „לערנען די בעטלערס קינדער א מלאכה", און פון דעם איז גאר ניט ארויסגעקומען. אבער א אידן האט מען צו קיין מלאכה ניט צוגעלאזט, אפילו דעם איינגעזעסענעם און דעם

ערליכסטן. דא ערשט הויבן מיר אן צו פארשטיין דאס לעבן און דעם מאַ־ ראַלישן צושטאַנד פון יענע וואַנדער־אידן, וואָס האָבן געלאָזט ווייב און קינד אין דערהיים אָדער ערגיץ־וואו, און אַליין האָבן זיי זיך אַרומגעשלעפּט פון קהלה צו קהלה מיט אַ דרשה, מיט חזנות, מיט אַ טייטל, אָדער מיט אַ ביסל סחורה און דערמיט האָבן זיי געשפּייזט זייער הויזגעזינד. דערפון איז אויך צו זעהן, אַז אויב סעבאַסטיאַן בראַנט האָט אין זיין ליד „פון בעטלער" גאָר פאַרשווייגן אידן, איז דאָס פאַר זיי די בעסטע אַטעסטאַציע.

אַ שאַד, וואָס מהר"ם מינץ האָט ניט געלאָזט די תקנות, וואָס ער האָט איינגעפירט אין באַמבערג, ווי צו פאַרזאָרגן אָרעמעלייט דורכגייער[126]. אַזוינע אָרעמעלייט איז יענע צייט געווען זעהר אַ סך איבער די אָפּטע גירושים אויף אידן. מיר וואָלטן דאַמאָלס געהאַט דעם עלטסטן אידישן צדקה־סטאַטוט אין דייטשלאַנד אין אַזאַ צייט, ווען קריסטן האָבן אַפילו ניט געקלערט פון אַזוינע זאַכן. מינץ זאָגט אָבער בקיצור, אַז ער האָט געמאַכט „אַ סך תקנות". ער דערציילט נאָר, ווי מ'פלעגט מאַכן דאָס געלט פאַר אָרעמע, און דאָס אַליין איז אויך געווען מערקווירדיג. אַלע, „מענער, פרויען און קינדער יונג און אַלט", זיינען מחויב צו געבן אין דער פושקע אַ פערטל פון דעם מעשר (מעשר איז אַ צענט חלק פון אַלע פאַרדינסטן, וואָס אידן פלעגן געבן אויף צדקה). יעדער זאָל געבן אויף זיין וואָרט און ערליכקייט פון אַלע פאַרדינסטן: פון פּראַצענט אָדער פון האַנדל אָדער פון וואָס ס'מאַכט זיך. דער פרנס־חודש אָדער דער גבאי זאָל יעדן חודש איינמאָנען ביי אַלעמען, וויפיל איינער האָט זיך געשטעלט[127].

מיר קערן זיך אום צו אידישע געשעפטן און פרנסות און מיר ווילן דאָ באַמערקן, אַז אין אַ סך ערטער האָבן אידן זיך באַשעפטיגט מיט וויינ־גערטנעריי[128]. צי האָבן זיי פאַרמאָגט אייגענע וויינגערטנער, אָדער זיי האָבן אַרענדירט גערטנער, אָדער זיי פלעגן אָפּקויפן די טרויבן נאָך אין די וויינ־שטאָקן, כדי אויסצופירן דאָס רייסן און דאָס טרעטן טרויבן אין די קעלטערס לויט דעם אידישן דין, — דאָס ווייסן מיר ניט. מ'קאָן זיך משער זיין, אַז אידן האָבן יענע צייט קיין סך אייגענע ערד ניט פאַרמאָגט, און כאָטש ס'זיינען פאַראַן ידיעות, אַז אידן האָבן געהאַלטן בהמות און האָבן געהאַט ערד, פונדעסטוועגן דאַרף מען פאַרשטיין, אַז מיט ערדאַקערן האָבן זיך אידן ווייניג באַשעפטיגט, וואָרום די צייטן זיינען געווען פאַר זיי זעהר אומזיכער. דעם גרויסהאַנדל האָט מען שוין לאַנג אַרויסגעריסן פון אידישע הענט. האַנדלען אויף דער וועלט אין די ווייטסטע קאַנטן, ווי אידן פלעגן עס אַמאָל טון און כמעט נאָר אידן[129], האָבן זיי איצט ניט געקאָנט, אָדער טאָמער האָט מען זיך געפּרובט, האָט דאָס לאַנג ניט אויסגעהאַלטן איבער זייער אומזיכערער לאַגע אין לאַנד. איצט האָבן אידן געמוזט זעהן צו מאַכן אַ גיכן אומזאַץ מיט אַ קליינעם קרייז קונדן ניט ווייט אויף אַן אָרט, כדי אין אַ נויטפאַל צו מאַכן אויף דער גיך זייער האָב און גוטס צו געלט. בכן פאַרנעמען זיי זיך מיט קליינהאַנדל: מ'האַנדלט

מיט קליידער, פערד, וויין, בשמים, עופות, דערהויפּט געוואַנט[130]. צו דעם קומט נאָך צו דאָס ארומטראָגן סחורה אין די הייזער, דערפון איז שוין ביי אונז דערמאַנט געוואָרן.

דאָס הויפּטגעשעפט ביי אידן איז געווען דאָס געלט־געשעפט אין אַלע פּרטים. אידן האָבן אויפגעטאָן דאָס, וואָס ס'האָט געפעלט לאַמבאַרדן, און ס'איז ניט געווען דער שטאַנד, וואָס זאָל ניט מוזן אנקומען אויף און אפּ צו אידן צו לייהען געלט אויף א משכון. דאָ אין דעם פּרט זעהען מיר אויך, ווי דער געזעץ בלייבט אויפן פּאַפּיר און דאָס לעבן טוט זיך זיינס. רופּרעכט פאָן פרייזינג זאָגט אין זיין רעכטסבוך: „אויב א איד לייהט געלט אויף א הייליגע זאַך, אויף געבעט־געוואַנט, אָדער אויף געבעטבעכער, מוז ער דעם משכון אומקערן אומזיסט" [131]. פונדעסטוועגן פלעגן גלחים האָבן מיט אידן גרויסע געשעפטן מיט אזוינע משכנות, א סימן האָבן מיר די מענגע פאַרבאָטן, וואָס מ'האָט ארויסגעגעבן, מ'זאָל ניט פאַרמשכנען קיין הייליגע זאַכן, מיר ווייסן דאָס פון א סך פאַקטן אויך. דאָס יאָר 1377 האָט דער מאַינצער קלויסטער געליהען זיין בישאָף די טייערע חפצים, ער זאָל פאַר'משכונען ביי א אידן. דער סינאָד אין גאַטעסצעל האָט אנהויב 15־טן יאָרהונדערט פאַרמשכונט דעם אויבערשטן טייל פון דעם בישאָפס שטעקן פאַר צען פונט רעגענס־בורגער פעניג. מ'האָט געהאַט פאַרמשכונט ביי רעגענסבורגער אידן אפילו א צלם, וואָס אין אים זאָל האָבן געשטעקט א שטיק פון יעזוס קריסטוס צלם [132].

ווידער ווייסן מיר, אז אידן האָבן פאַרזאָרגט די פינאַנסן ביי קירך־פירשטן. אין טריער האָט א איד מוסקין געפירט די פינאַנסן ביים דאָרטיגן ערצבישאָף די יאָרן 1323—1336, נאָך אים, די יאָרן 1336—1341, האָט די שטעל פאַרנומען א איד יעקב דניאלס, און נאָך יענעם, די יאָרן 1341—1349, האָט דאָס געטאָן זיין איידעם. די ביכער פלעגן זיי פירן טיילווייז אויף העברעאיש, טיילווייז אויף לאַטיין [133]. די שטאָט־ראַטן האָבן אויך געהאַט זייערע אידישע באַנקירן. אזא אידישער באַנקיר איז באוואוסט שאלתיאל אין ראָסטאָק, דער שטאָטראַט פלעגט ביי אים מאַכן אפּט הלוואות, און דערפאַר פאַרמשכונען די שטייערן און נעמען אונטער זיין שוץ און געבן פרייהייטן דעם אידן און זיין הויזגעזינד [134]. אין אולם אין 14־טן יאָרהונדערט איז דער שטאָט־באַנקיר געווען דער רייכער יעקלין [135]. א סך מאָל האָט מען אידן געמאַכט פאַר שטייערן־איינמאַנער הן ביי אידן, הן ביי קריסטן [136]. ווער ס'האָט ניט פאַרמאָגט צו מאַכן גרויסע געלטגעשעפטן, פלעגט געבן קליינע הלוואות אויף פּראָצענט, אָדער אויף וואָכער, ווי מ'פלעגט זאָגן אין מיטלאַלטער. קיין פעסטער פּראָצענט איז ניט געווען, מ'פלעגט אמאָל אין איניגע ערטער צייטווייליג פעסטשטעלן דאָס פּראָצענט, אָבער לאַנג האָט זיך דאָס ניט געהאַלטן, אָדער מ'האָט זיך בכלל ניט־וויסנדיג געמאַכט דערפון. ס'זיינען געווען צייטנווייז כשרע געזעצליכע 40 0/0 און 166 0/0, אפילו 260 0/0, בנוגע צו פרעמדע איז בפירוש געווען אויסגערעדט, אז אידן מעגן נעמען וויפיל זיי ווילן [137]. אָבער גרויסע פּראָצענטן

זיינען געוויינטליך געווען אן אויסנאם. אפילו ביי קלענערע סומעס פלעגט מען נעמען א מעסיגן פראצענט. יעדנפאל האבן אידן גענומען אסך ביליגער, איידער קריסטן, ווארום אידן זיינען אפט געווען ביי הלוואות ניט מער ווי סרסורים און פלעגן באקומען א קליינע קאמיסיע. בעת קריסטן, אנגעהויבן פון דעם העכסטן אַדל און ביז צו געוויינליכע בירגער, פלעגן געוויינטליך פארלייהען דאס געלט און גראָב פארדינען. מיר וועלן דא אויסהערן זיכערע עדות.

דער וואָכער גיט אונז די געלעגנהייט אנצוטאפן דעם דופק פון יענער צייט און צו זעהן איר גארע פאלשקייט און שווינדל [138]. פון דעם 14־טן יאר־הונדערט אן זעהען מיר, ווי פירער און טאנגעבער שטרעבן דורך אלערליי פאראָרדענונגען און מיטלען צו פארהיטן דעם געמיינעם מאן פאר דעם נאטירליכן היזק, וואס דער האנדל פארשאפט אים. מ׳דארף גאר ניט זיין קיין סוחר און קיין פינאנסיסט צו פארשטיין, ווי נאריש ס׳זיינען אזוינע פאראָרדענונגען, וואס ווילן איינצוימען דעם נאטירליכן גאנג פון געשעפטן. מ׳וואלט אבער געקאנט שעצן דעם מיין, וואס שטעקט דא אין אזוינע בא־מיהונגען, ווען מ׳זאל דא באמת אויסן זיין דעם צוועק צו שיצן דעם געמיינעם מאן און מ׳זאל דערצו אנווענדן די נויטיגע מיטלען. אבער באמת איז ניט דאס דער צוועק געווען און ניט דאס זיינען די מיטלען געווען: די געזעצגעבער האבן זיך אליין גענארט, ווארום זיי האבן פארמאכט די אויגן אויף דער אמתער סבה פון דעם שלעכטס, און זיי האבן דאס פאלק גענארט, מ׳האט דעם געהייסן קוקן גאר ניט אהין, וואוהין מ׳דארף. פאר ביידע זאכן: זיך אליין נארן און דאס פאלק נארן, זיינען אידן געווען ווי אנגעמאסטן.

לאמיר פריהער ריידן פון דעם זייטיגן וואָכער, פון דעם „Fürkouff", ווי מ׳פלעגט דאס רופן, ד. ה. פון דער ספעקולאציע, פון אפקויפן לעבנסמיטל, דערהויפט ברויט און וויין, כדי אויפצושרויפן די פרייזן. צאַרנקע באמערקט וועגן דעם אין זיין „Narrenschiff": „דאס פלעגן טון ניט בלויז איינצלנע רייכע מענשן, נאר גאנצע חברות, וואס האבן זיך אויסגעבילדעט זייט דעם 14־טן יארהונדערט, כדי צונויפשלאגן דעם נויטיגן קאפיטאל. די דאזיגע ספעקולאציע איז דער ווייגעשריי פון דעם 14־טן און 15־טן יארהונדערט, די מאכט הערט ניט אויף צו טון מיטלען קעגן דעם" [139]. היות ווי ביי אַידן האט מען שוין געהאט ארויסגעריסן דעם גרויסן האנדל פון די הענט, איז קלאר ווי דער טאג, אז זיי האבן אין דער ספעקולאציע קיין שום חלק נישט. און באמת זעהען מיר ניט, אז די שרייבער פון יענער צייט זאלן זיך קלאגן אויף אידן אין דעם פרט [140]. ווארום מ׳האט גאנץ גוט געוואוסט, ווי מיר וועלן דאס ווייטער זעהן, אז אפילו די העכסטע שטאנדן האבן זיך ניט געשעמט צו מאכן געשעפטן, וואו נאר ס׳האט זיך געלאזט, זאל זיין, אז אפילו אויפן חשבון פון געמיינעם מאַן, און פארדינען אויף ספעקולאציע. פונדעסטוועגן האבן מאגיסטראטן געמאכט אידן פאר דעם

שעיר לעזאזל פאר יענעמס זינד׳ דאס פאלק האט מען גערייצט אויף אידן׳ כדי ס׳זאל ניט זוכן די אמת׳ע סבה ערגיץ אנדערשוואו׳ און דאס׳ וואס מ׳האט פירגענומען קעגן אידן אין דעם פרט׳ פאלט אריין אין חוזק׳ פון א באפעל׳ וואס קייזער מאַטיאַס האט ארויסגעגעבן אין לינץ׳ דעם 27־טן יולי 1614׳ „צו דער שטאט ווארמס וועגן אויפהערן רודפן אידן דארט״ זעהען מיר׳ אז דער מאגיסטראט האט פארזאגט׳ „אז קיין איד טאר ניט קויפן אויף דעם מארק פריהער פאר 9 א זייגער אין דער פריה עפיס עסנווארג וואס ס׳איז ניט׳ אדער פוטער פאר זיין בהמה׳ ער טאר אפילו ניט קויפן קיין מילך פאר א קינד אין וויג״ [141]׳ מיט אזוינע מיטלען׳ אז א איד זאל ניט טארן קויפן קיין עסנווארג פאר זיך׳ קיין מילך פאר א זויג־קינד׳ ביז קריסטן וועלן ניט האבן אלץ איינגעקויפט׳ מיט אזוינע מיטלען האט מען געוואלט פטור ווערן פון ספעקולאציע און פון יקרות׳ גראד אזוינע מיטלען האבן אבער פיר־גענומען די מאגיסטראטן כמעט אומעטום׳ אין ניורענבערג איז געווען פארזאגט׳ אז א איד זאל אין קריסטליכע פאסטטעג ניט טארן קויפן קיין פיש ביז נאך האלבן טאג״ [142]׳ אין שטראסבורג זאל געווען זיין א מין איד־ישער גלאק׳ אין דעם גלאק האט מען געקלינגען צו־וויסן געבן אידן אין דער סביבה׳ ווען זיי מעגן שוין קומען פרייטאג אין שטאט אריין אויף דעם פישמארק איינקויפן׳ און ווען זיי דארפן פאסירן די שטאט [143]׳ דערצו זיינען נאך צוגעקומען קליינליכע נגישות. אין דער אולמער מארקארדענונג פון יאר 1421 איז פאראן א פונקט׳ אז „א איד טאר ניט האנדלען אויף דעם מארק קיין שום עסנווארג׳ טאר זיך ניט ווייזן אויף דעם מארק״ [144]׳ אין די מיונכענער פאליציי־ארדענונגען פון די יארן 1400 און 1427 פארביטערט מען אידן דאס לעבן ביים איינקויפן שפייז׳ אזוי ווי מיר האבן שוין ענליכעס געזעהן פריהער׳ אידן טארן ניט איינקויפן פריהער פאר א באשטימטער צייט׳ אידן טארן ניט אנרירן קיין פיש׳ איידער זיי האבן זיי געקויפט [145]׳ אין זייערע יאטקעס טארן זיי ניט פארקויפן קיין פלייש קריסטן׳ נאר „טרפה פלייש מעגן זיי פארקויפן ביליג״ [146]׳ זיי מוזן אליין אויף זיך נעמען ניט צו קויפן, סיידן נאר דאס׳ וואס זיי מוזן האבן צו דערהאלטן דאס לעבן א׳ אזו׳ וו׳ [147]׳

נעמען מיר דעם געלט־וואָכער׳ איז דא באוויזט זיך נאר קלארער ארויס די זעלבסטנארעריי׳ ווי אידן זיינען געווען אן אויסרייד׳ כדי צו פארמאכן די אויגן דערויף׳ ווער ס׳איז באמת שולדיג׳ בעת מיר האבן באהאנדלט דאס דרייצענטע יארהונדערט׳ וואס זייט דאמאלס האבן אידן בכלל אנגעהויבן צו מאכן געלטגעשעפטן׳ האבן מיר געוויזן׳ אז די גייסטליכע׳ ווען זיי האבן גע׳מוסר׳ט קעגן וואכער, האבן זיי ניט געמאכט קיין חלוק צווישן אידישע און קריסטליכע וואכערניקעס׳ זיי האבן אפילו אפן געזאגט׳ אז קריסטן האבן דאס געטאן ערגער פאר אידן [148]׳ דער איד איז דא ווייניגסטנס ניט געווען דער שעיר לעזאזל פאר דעם קריסטס זינד׳ ניט אזוי איז דאס 14־טע און 15־טע יארהונדערט׳ דער בעסטער סימן איז די האנדלונג פון אזא מאן ווי

גיילער, וואס בכלל האט ער מוט ארייַנצושטעקן דעם פינגער אין דער וואונד אריין. ניקאָלאַאוס העניגער האט איבערגעזעצט זיינע דרשות אויף בראַנטס „Narrenschiff", אין א דרשה וועגן וואָכער לאזט ער אויס צו די קריסטליכע וואכערניקעס אזוי: „פארוואָר, אזוינע הויטשינדער און וואָכערהעלזער, וואס זיי האבן ניט קיין גאט אין הארצן, וואלט מען ניט דארפן פארטראָגן אין קיין געזע שאפט, מ׳וואלט זיי באדארפט האלטן ערגער, איידער אידן. ווארום א איד טוט דאס אפן און שעמט זיך ניט, אבער די דאזיגע וואָכערניקעס טוען דאס אלץ מיט א פרומער קריסטליכער מינע" [149]. ווער ס׳וועט אבער מיינען, אז דער דאזיגער טעם, וואס וויל פארענטפערן אידן, געפינט זיך ביי גיילערן אין אריגינאל, דער לעבט אין טעות. ביי גייל ערן איז פון דעם טעם קיין איין ווארט ניט פאראן [150]. דער מאן האט קיין מוט ניט געהאט אדער קיין ערליכקייט צו ריידן אזוי, ווי בערנהאַרד פון קלערוואָ האט אפן גערעדט פיר הונדערט יאר פריהער [151]. דער איבערזעצער האט דאס ניט געקאנט ליידן, האט ער אויס־געבעסערט גיילערן. ער האט געפעלשט גיילערס ווערטער, ער האט אבער אויפגעריכט דעם אמת.

מ׳קאן זיכער זאגן, און יעדער זאכקענער און אומפארטייאישער וועט דאס מודה זיין, אז דייטשן האבן אין 14־טן און 15־טן יאהרהונדערט ממש דערצויגן אידן, זיי זאלן זיין וואכערניקעס. מהר״י איסרלין זאגט וועגן דעם א שארף ווארט: „מיר שפייזן זיך פון וואכער, אבער אלץ, וואס די מאכטהאבער מאנען ביי אונז, מאנען זיי, וויל זיי ווייסן און זיי זיינען מסכים אויף אונזער וואכער" [152]. און וועלן ווילן זיי פון אונז זעהר א סך! „אייגנטליך, שרייבט איסרלין, ווילן זיי אלץ" [153]. אבער פארלאנגען ווייניגער האט דא מער געלוינט. ווארום דער חשבון האט געטראָגן, מ׳זאל אידן לאזן אזוי פיל פון פארמעגן, אז נאך יעדער לאזן זיי צום אדער, זאלן זיי דאך קאנען קומען צו זיך, מ׳זאל זיי קאנען ווייטער צאפן. אין נייַשטאט און אין שטייערמארק האבן אידן דאס יאר 1416 געמוזט אפגעבן א פיפטל פון זייער פארמעגן, און דערביי „האבן איי־ניגע רייכע לייט געהאט גרויסע חובות ביי פירשטן און גרויסע גייסטליכע, עטליכע יאר זיינען זיי געווען אין פארלעגנהייט און האבן ניט געוואוסט, וואס ס׳וועט זיין דער סוף פון די חובות" [154]. קייזער מאקסימיליאן דער ערשטער האט זיך געוויצלט, אז אידן דארף מען האלטן ווי הינער, וואס לייגן גאלדענע אייער [155]. ביי אזוינע אומשטאנדן האבן אידן בכלל ניט געקאנט קומען צו זיך, ממילא איז ביי זיי אפגעשוואכט געווארן דאס מאראלישע געפיל קעגן וואכער. דערפון נאר נעמט זיך, וואס גראד פרויען פלעגן אפט מאכן וואכערגעשעפטן, אדער וואס מהר״י איסרלין אליין האט געלאזט זיין שנור געבן געלט אויף וואכער [156]. אויף דעם וועג וועלן מיר אויך קאנען פארשטיין, פארוואס אזא מאן, ווי ר׳ שלום, וואס מהרי״ל איסרלין און אנדערע גדולי הדור האבן אים געהאלטן פאר זייער רבין, האט געקאנט ריידן פון וואכער אהן מאראלישן פארדרוס, ווי מיר וועלן דאס

באלד זעהן. דער מחבר פון „לקט יושר" דערציילט אין איסרלינס נאמען, אז ר' שלום האט אמאל געזאגט: „אויב די תורה האלט זיך בעסער אין דייטשלאנד, איידער אין אנדערע לענדער, איז נעמט זיך דאס דערפון, וואס זיי (אידן) נעמען פראצענט ביי גוים און זיי דארפן ניט ארבעטן, דעריבער האבן זיי צייט צו לערנען תורה. ווער ס'לערנט אליין ניט, העלפט דעם אנדערן פון זיינע רווחים, יענער זאל לערנען". ווייטער זאגט ער אזוי: „דאס וואס די גוים ווילן איצט מאכן אויס פראצענט, קומט דאס אונז דערפאר, ווייל מ'העלפט ניט די תורה לערנער. ס'איז א נס איבער א נס, ווארום די גוים אליין ווילן נעמען פראצענט, נאר מסתמא וויל גאט אזוי" [157]. דאס, וואס ר' שלום זעהט אין דעם גאטס ווילן, ד. ה. דער פארבאט אויף וואכער, מיינט ער פארשיידענע סינאדן (צונויפפארן פון גייסט־ליכע), וואס האבן געווארנט, אז זיי וועלן מחרים זיין די דארפגעמיינדעס, וואס זיי וועלן דערלאזן אידישן וואכער, למשל, דער סינאד אין פרייזינג (דאס יאר 1440), אין באמבערג (1451). אבער די פארבאטן האבן ניט געהאלפן. דאס, וואס ר' שלום האלט פאר א נס איבער א נס, ד. ה. אז קריסטן ווילן פארלויפן דעם וועג אידן מיט זייער וואכער, דאס ווערט באשטעטיגט דורך אזא עדות ווי הע־ניגער פון טויבער־קעניגסהאפן און אנדערע. אבער דאס וויכטיגסטע אין ר' שלום'ס מיינונג איז דאס פארדעמפטע מאראלישע געפיל, ער פארבינדט תורה מיט וואכער, וואס מער וואכער, אלץ מער תורה; וואכער, הייסט דאס, איז גאר אן אנגעלעגטע זאך. ווי גרויס דער פראצענט איז — דאס איז דא ניט וויכטיג, ווארום א פרומען אידן איז צינזנעמען בכלל פארווערט, אזוי ווי וואכער, דעריבער איז ר' שלום'ס האלטונג צו דעם וואכער נאך קשה'דיגער. ליפמאן מילהויזן האט אויך ניט אויס־געמיטן צו ברייגנען ראיות פון דער תורה, אז אידן מעגן נעמען פראצענט, דערמיט האט ער געוואלט אפענטפערן קריסטן, וואס זיי „באשעמען" אידן פאר זייער וואכער, און ער פאררופט זיך אפילו ניט, אז אידן האבן קיין אנדער ברירה ניט געהאט, און דאס וואלט דאך געווען אן אמת [158]. פרעגט זיך, ווי קומט דאס, אז אזוינע רבנים, מיט אזא טיף מאראליש געפיל, זאלן עפנטליך פארדארבן זייער זעל מיט וואכער, ווי העניגער זאגט, און זאלן זיך גאר ניט שעמען? ווי קומט דאס, זיי זאלן ניט פארשטיין, אז וואכער פאר זיך איז העסליך, בעת אין תלמוד איז פאראן א בפירושער איסור צו נעמען פראצענט ביי ניט אידן, ווייל וואכער איז פאר זיך מאוס? [159] דער פאקט, וואס קיניגן און פירשטן האבן ארויפ־געווארפן (אויף אידן) „א משא אהן א שעור" איז נאך ניט גענוג קיין תירוץ, פאר־וואס מ'האט ניט באנומען די העסליכקייט פון וואכער. מיר האבן שוין געגעבן אן ענטפער דערויף. קריסטן האבן פיל געטאָן, כדי אפצעשוואכן ביי אידן דאס מאראלישע פראטעסט־געפיל קעגן וואכער; צו דער שאנד, וואס מ'האט זיי אנגעווארפן, האט מען זיי נאך געגעבן א פייגנבלאט אויך, די שאנד צו פאר־דעקן פאר דעם געוויסן. דאס איז גאר ניט קיין גוזמא. מיר האבן שוין דערמאנט די פאראָרדענונגען פון מיונכענער מאגיסטראט דאס יאר 1400 וועגן דעם, ווען און ווי אזוי אידן מעגן זיך איינקויפן שפייז. דארט שטייט אויך

בפירוש: „און זיי (אידן) וועלן קיין אנדער זאך ניט טון, חוץ געלט לייהען און וואכער, ווי אידן האבן רעכט צו טון"[160]. איז דען א חדוש, וואס אידן האבן זיך צוגעוויינט, אז וואס די מאכט האלט פאר רעכט איז טאקע רעכט? חוץ דעם האבן אידן קיין שום רעכט ניט געהאט, דאס איינציגע אומרעכט, וואס מ'קאן זיי אויסוואָרפן, — דעם וואכער — האט מען זיי איינגערעדט, אז דאס איז רעכט, און זיי האבן זיך דאס געלאזט איינריידן. קריסטן האבן געשווינדלט מיט זיך אליין, און צו אידן איז דאס איבערגע־גאנגען. ווי ווייט אבער מ'האט זיך גענארט, קאן מען ארויסזעהן פון דעם, וואס פאר וואכער האט מען יענע צייט געהאט א ספעציעלן אויסדרוק „אידן־שפיז", גענומען פון א פרעמדן שפראך־געברויך און פון א בילד, וואס האט תחלת זיך גאר ניט אנגעקערט מיט אידן[161].

ווילן מיר האבן א פראבע, צי אונזערע אויספירן זיינען ריכטיג, איז זאלן מיר זיך צוקוקן, ווי האט עס געהאלטן אין עטליכע צענדליג יאר ארום. אויב יענע צייט האט ר' שלום און ליפמאן מילהויזן ניט אייגעזעהן די העסליכקייט פון דעם וואכער, האט זיך שוין שפעטער, צו דער צייט פון רעפארמאציע, געמוזט בייטן ביי אידן דער קוק אויף וואכער. סעבאסטיאן לאָצער זאגט א מאל, מ'זאל פארווערן אידן וואכער, נאר מ'זאל „זיי טרייבן צו ארבעט". „ווען א פירשט לייט ביי זיי געלט און לאזט זיי אריין (אין לאנד) פארדארבן זיי אים זיינע געמיינע לייט". דער וואכער איז אויך „קעגן אלע נאטירליכע געזעצן, איך האב מיט זיי (מיט אידן) גערעדט דערפון, זאגן זיי אליין, אז ס'איז אן עולה". און דאך בלייבן זיי ביי זייערס. „איך פאר־האף אבער צו גאט, ער וועט זיי עפענען די אויגן און זיי וועלן זיך באקערן צום רעכטן גלויבן א. אזוי וו"‚ מ'זעהט דא, ווי צו דער צייט, וואס מ'איז בכלל געווארן אויפגעקלערטער, האבן אידן אויך אנגעהויבן צו פארשטיין זיי־ער שאנד. זיי האבן זיך ניט אויסבאהאלטן מיט זייער מיינונג פאר לאצערן, ווארום ער איז געווען אזוי אומפארטייאיש און ערליך, אז ער האט געהאט מוט צו באמערקן נעבן דער שטעלע וועגן אידישן וואכער: „אבער קריסטן זיי־נען ערגער פאר אידן"[162]. דער וואנגעלישער פאלקספרעדיגער שטייט העכער פאר זיין עלטערן בן־דורי, גיילער, יענער וואלט אזוינע ווערטער ניט גע־קאנט פארן מויל ברייינגען. אמת, לאצער איז אויך געווען א זון פון זיין צייט און פון דעם יארהונדערט פון אלטע פאראורטיילן: קריסטן, זאגט ער, זיי־נען ערגער פאר אידן אין וואכער, פונדעסטוועגן נעמט ער זיך זעהר צום הארצן זיי מאכן פאר קריסטן. ער רעדט אויך פון דעם „אידן־שפיז". אגבי, זיין וואונש, וואס ער האט געוואלט פון אידן, „מ'זאל זיי טרייבן צו ארבעט" וואלט ער געמעגט אנווענדן ערגיץ־אנדערש אויך. ווארום סעבאסטיאן בראַנט זאגט גראד וועגן דייטשן, ניט וועגן אידן: „זיי ווילן קיין רעכטע ארבעט ניט טון"[163].

נאך א בילד פון דעם מיטלאלטערישן וואכער זאל דא געבראכט ווערן,

פון דעם אידישן מינעזינגער זיסקינד פון טרימבערג שטאמט א ליד: דער וואלף, וואס מ׳האלט אים פאר א רויבער, פארענטפערט זיך: גאָט האט אים אזוי באשאפן, אבער ער קלאגט צו אנדערע, יענע האבן אפילו אזא תירוץ אויך ניט און דאך באגייען זיי נאך ערגערע פאלשקייטן, איידער ער, און זיי האלטן זיך נאך פאר גוט און פרום. מיר האבן שוין געהאט ארויסגעזאגט אונזער השערה (זעה ב. I, 134), אז מיט דעם וואלף מיינט ער דעם אידן, וואס איז פארהאסט, איבער וואכער. איצט קאן מען דאס שוין זאגן זיכער. האַנס ווילהעלם קירכאָף, ריידנדיג וועגן וואכער, ברייננט אין זיין בוך ענליכע זאכן: „אין Wendunmuth האלט מען אויך פראצענטניקעס פאר וועלף [164]". מ׳דארף קענען דעם דאזיגן בילדליכן אויסדרוק, כדי צו פארשטיין דעם אמת׳ן זין פון די אלע משלים און מעשיות, וואו ס׳קומט פאר דער וואלף. בורקהארד וואלדיס דערציילט א משל פון א וואלף מיט א פוקס, דער מוסר השכל שטימט מיט זיסקינד פון טרימבערגס געדאנקען: „די אנדערע, וואס מ׳רופט זיי קויפלייט, קליידן זיך אויך אין א וואלפס הויט. מיט זייער באַרייסן און מיט דעם וואכער באשווינדלען זיי איצט כמעט די גארע וועלט. מוסר׳ט מען זיי, זאגן זיי: אזוי פירט זיך צווישן סוחרים. זיי זיינען וועלף און מ׳פארשטעלט זיך פאר פרום" [165].

פון אידן ווערט דא ניט דערמאנט, אין אנדערע שריפטן פון יענער צייט אויך ניט, א סימן, ווי לאָצער זאגט, אז כאטש וואָכער איז געווען די וויכטיגסטע אידישע פרנסה, דאך זיינען „קריסטן געווען נאך ערגער פון אידן" אין דעם פרט. געוויינטליך דער, וואס איז אידן שולדיג געווען געלט, איז ניט אויפגעלעגט געווען צו זאגן א גוט ווארט וועגן אידן. ביי הוגא פאן טרימבערג הערן מיר: „וואויל איז צו דעם, וואס ער דארף ניט אויסהאלטן קיין אידישע קינדער א צוגאב צו זיינע אייגענע קינדער, ווי איך האב דאס 24 יאר געטאן און טו נאך ליידער איצט אויך" [166]. ביי אזוינע אומשטאנדען האט דער דיכטער זיך געקאנט גרינג איינריידן, אז זיין א איד הייסט זיין רייך, און דעריבער זאגט ער: „די ארעמקייט צווינגט אפט א קריסט זיך ראנגלען מיט זיך אליין: צי זאל ער ווערן א איד, אדער לעבן אויף צרות אויף דער וועלט" [167]. אזא איינער, וואס ער איז פארשולדיגט ביי א אידן, איז קיין חדוש ניט, ווען ער מאכט אזא סך־הכל: „מיר האט געזאגט איינער א פארשולדיג־טער, אז בייערישער וויין, אידן און יונגע וועלף זיינען אין דער יוגנט א פרייד, און אויף דער עלטער א לייד" [168]. אין די שפריכווערטער פון יענער צייט פאלט מען שטארק אן דערהויפט אויף אלטע אידן, אפשר דערפאר, וואס ס׳איז שוין קיין האפענונג ניטא, ער זאל ווערן א קריסט. בורקהאַרד וואַלדיס זאגט: „פארוואָר, ווער ס׳רייבט זיך ארום אן אלטן קעסל, דער וועט ריין ניט ארויס. צווישן רויטע פיקסן און אלטע אידן איז זעלטן צו געפינען איינעם, וואס מ׳זאל פון אים ארויס גאנץ" [169].

אבער דער געשעצטער שולמייסטער פון באַמבערג, וואס אליין איז ער

מסתמא קיינמאל ניט אזוי פיל שולדיג געווען אידן, אז מיט דעם אויסצאלן דעם חוב זאל ער מוזן שפייזן דעם אידנס קינדער, חוץ זיינע אייגענע, ווי ער קלאגט זיך. דער דאזיגער הוגאָ פון טרימבערג איז, ביי זיין גאנצן צארן אויף אידן, דאך גענוג אויפריכטיג און קאן זאגן קריסטן אויך דעם אמת אין די אויגן. פון די ווייטערדיגע סטראָפן אין זיין ליד איז צו זעהן, אז קריסטן זיינען יעדנפאל ניט געווען בעסער פאר אידן. קריסטן האבן געגעבן אידן געלט און אזוי ארום האבן זיי מיט פרעמדע הענט געשארט רוחים פון גראבע צינזן. ער זאגט אזוי: „אויב שלעכטע אידן זיינען דעם טייוולס הינט, חעמעס זשע הינט זיינען גע'טובל'טע אידן (קריסטן)? איך באקלאג די גייציגע בייזע קריסטן, וואס האלטן ביי אידן זייער קאסטן און אהין זאמלט מען זייער וואָכער. א שאנדע! אן אייביגע קללה דארט, וואו גאטלעסטערער נעמען דאס (וואָכער), וואס ערליכע אידן שעמען זיך צו נעמען"[170].

בכן איז שוין דאמאלס געווען אידן, וואס האבן זיך געשעמט מיט חאָכער! אן אנדערס מאל זאגט ער אויך דאס אייגענע: „מיר זידלען אידן און היידן, און מיר טראגן אויף זיי צאָרן, וואס פון ביידן האט אונזער אויסלייזער אזוי פיל געליטן. א סך מער דארף מען זידלען אונז, וואס א סך קריסטן פייניגן אים נאך היינט אויך מיט די ערגסטע מעשים און די פאלשסטע רייד, וואס אידן און היידן האבן ווען עס איז געטאָן"[171].

בכלל גילט יענע צייטן פאר דעם וואָכער אזא בילד: „גאט האט דרייערליי קינדער: אידן, קריסטן און היידן; דאס פערטע באשעפעניש, דעם טייוולס א שפיצל, וואס הערשט איבער יענע דריי, דאס איז דער וואָכער, ווי ער ראַבירט לאנד און לייט"[172].

ניט בעסער איז די באציהונג צו סוחרים און גראד צו קריסטן. מ'זאגט זיי אָפן, אז זיי מאכן רוחים א סך מאוסער, איידער אידן. אין א צייט, ווען אין מאראלישן לעבן האבן געהערשט ליגן און שווינדל, האט זיך דאס נאך מער געלאזט פילן אין מסחר. מ'פלעגט פעלשן געווירצן, דערהויפט פעפער, וואס אין מיטלאלטער האט מען דאס געהאלטן גלייך, ווי גאלד און זילבער, און מ'פלעגט דערמיט צאָלן שטייערן, דערהויפט אידן[173]. זאַפראַן פלעגט מען מישן מיט פולווער, נעגעלאך פלעגט מען אויך מישן אויף א דריטל אדער א פערטל מיט אנדערע קערן, די מארקפאליציי האט איבער דעם געמוזט האבן אירע אייגענע קאָנטראָלשטעלן, אויף זאַפראַן און נעגעלאך. אייל, פעטס, וואַקס אפילו זאלץ זיינען געווען געפעלשטע. טוך פלעגט מען מישן מיט האָר און נאך מער פלעגט מען פעלשן ווייך[174]. מ'פלעגט אנווענדן קעגן די פעלשונגען די שטרענגסטע שטראָפן, מ'פלעגט ארויסטרייבן פון דעם לאנד, מ'פלעגט אפילו אויסשטעכן די אויגן, אבער ניכר, אז דאס האט ווייניג געהאלפן, ווארום מ'הערט זיך ניט אויף צו קלאגן פון אלע זייטן אויף סוחרים'ס שווינדל. מיר וועלן דא ברייינגען נאר אייניגע פערזן פון בראַנטס א ליד

„פון פאלשקייט און שווינדל": „מ'האלט א קליינע מאָס און קליין געוויכט, די איילן זיינען קורץ צוגעריכט, די קראם מוז גאר פינסטער זיין, מ'זאל ניט זעהן דעם טוכס שיין, און ווען איינער פארקוקט זיך, וואס אויפן לאָדנטיש טוט זיך, גיט מען די וואָג א דרוק, אז זי טוט זיך צו דער ערד א בוק... דאס אלטע מינץ איז גאר שלעכט, לאנג קאן דאס ניט באשטיין, ווען ס'זאל דעם א צוזאץ ניט געשעהן (ווען מען זאל ניט צומישן קיין סך קופער צו דעם קנאפ זילבער)... פאלש געלט איז איצט אומעטום... א סך וועלף גייען ארום אין א שאָפנפעל" [175].

איסרלין קלאגט זיך אויך אויף פאלש געלט. לויט זיין תלמידס רייד, האט ער געזאגט וועגן דעם: „איצט אין אונזער צייט באשטייען אלע מטבעות, וואס מ'זעהט זיי אממייסטן אין דייטשלאנד, בעהמען און פוילן, צום גרעסטן טייל פון קופער, זילבער האבן זיי ווייניג... אפילו נאך פאר הונדערט יאָרן זיינען די זילבערנע מטבעות געווען זעהר גוט, זיי האבן געהאט דעם גרעסטן טייל זילבער און נאר א קליינעם צומיש קופער" [176].

וועגן די פעלשונגען זאגט סעבאסטיאן בראַנט אין זיין פריהער דערמאנטן ליד: „מ'גיט אויס איצט קופער פאר גאלד, פעפער פ־ישט מען מיט מייזקויט, מ'פארבט איצט אלערליי רויכווארג און מ'גארבט דאס אזוי שלעכט, אז עס בלייבט זעהר ווייניג האר און מ'טראגט דאס קוים א פערטעל יאר... מ'פארמישט פוילע הערינג און מ'גיט זיי אויס פאר פריש... יעדער טראגט זיך ארום מיט שווינדל, קיין סוחריש גוטס שטייט איצט ניט פעסט, יעדער באגייט נאר פאלשקייט, אבי ער זאל אפלייזן פאר זיין קראם".

אזוי מאלט בראַנט דעם האנדל און די הענדלער פון זיין צייט, און ניט בלויז בראַנט אליין. פארשטייט זיך, אז פון אידן ווערט דא קיין ווארט ניט דערמאנט, ווארום אידן האבן ניט געטארט זיין קיין סוחרים, ממילא איז זייער ארט געווען צווישן די באשווינדלטע, ניט צווישן די שווינדלער, דער־פון קאָן מען שוין פארשטיין הוגאָ פאן טרימבערגס קלאָגרייד: „גאָט, הער־פאר דיר וועל איך זיך קלאגן, וואס בייזע קריסטן פארקויפן געווירץ, ברויט אדער וויין, טוך, ניט פון פאדעם געשפינען, און זיינען גייציג צו פארדינען דערויף מער איידער אידן, וואס ביי אונז הייסן זיי דעם טייוולס הינט" [177].

אבער ניט בלויז קריסטליכע סוחרים זיינען שולדיג, שולדיג זיינען די הערן און פירשטן, אויך פירשטן באדריקן דאס פאלק מיט שטייערן און צאָלן. געוויינט־ליך קלאגט מען זיך ביי אזא געלעגנהייט פאר איינוועגס אויף אידן אויך: „אומרעכטע גזלות, שטייערן און אפצאלן זיינען אזוי פיל, אז קיין רייכע לייט זיינען כמעט נישט פאראן, ווער ס'מוז זיין גוטס אפט אוועקגעבן די הערן און אידן, דער מוז שוין לעבן מיט זארגן" [178].

ביים באמבערגער דיכטער געפינען מיר נאך א מאטיוו, פארוואס קריסטן ליידן אזוי שטארק און אידן ווערן כלומרשט רייך: דארף א קריסט געלט, איז העלפן אים ניט זיינע אייגענע, און ער מוז אנקומען צו אידן: „אומערליכע

לייט ברייננען שאדן די ערליכע, וואָרום מ׳גלויבט שוין ניט קיינעם. איבער דעם אומצוטרוי, פילן אידן אָן זייער זאק; וואלטן מיר איינס דאס אנדערע געהאלפן, איז וואלט דער אידישער בייטל געווען ליידיג״ [179].

סעבאַסטיאַן בראַנט האלט אויך, אז דער קריסטליכער וואכער איז ערגער פאר דעם אידישן. ער גיט גאנץ קלאר אנצוהערן, אז מיט די אידישע גירושים, וואס האבן זיך פארמערט ענדע 15־טן יאָרהונדערט (בראַנטן גופא׳ האט מען געבעטן אין אָבערנהיים, ער זאל פועל׳ן ביים קייזער מאקסימיליאן מ׳זאל פון דארטן פארטרייבן אידן) [180] זיינען קריסטן אויסן נאר פטור צו ווערן פון אידישער קאנקורענץ אין וואָכערגעשעפט: ״ס׳איז שווער אויסצושטיין דעם אידישן וואכער, לאזט מען אבער אידן מער ניט בלייבן, קריסטן ־ אידן פאר־טרייבן זיי, זיי ווילן אליין רייסן וואכער״ [181].

דאס אייגענע זאגט אויך מורנער: ״קארג זיינען אידן פאראן אויף דער וועלט, ווילן נאך קריסטן ווערן וואכערניקעס״ [182].

די דיכטער, וואס מיר האבן ביז איצט ציטירט, זיינען געווען פראווינץ־מענשן, האבן זיי אין אויג מער דעם בירגערשטאנד. אזא איינער אבער, ווי פעטער זוכענווירט, וואס האט געלעבט אין ווין אין 14־טן יארהונדערט, ווייסט שוין צו דערציילן, ווי דער אַדל האט זיך אויך ניט געשעמט צו טרייבן וואָכער. ער קלאגט צו דעם אַדל, אז ער פארגעסט זיין שטאנד ״און איז משיג גבול אידן [183], קיין צירונג פאר א ריטער איז דאס ניט, קיין ריטער דארף ניט טרייבן קיין וואכער״ [184].

דער גייסטליכער שטאנד איז אויך ניט געבליבן הינטערשטעליג אין דעם פרט. בראַנט ציכטיגט די גייסטליכע, מאָנאַכן און גלחים [185]; מאָנאַכן פארגלייכט מען צו מייז און מאָטן [186]. דער המון פלעגט זאגן וועגן גלחים: ״ווען אונזער האַר גאט זאל ניט קאנען שווימען און זאל אראפקומען צו אונז, וואלטן אים די גלחים דערטרונקען אין זייער ביר און וויין״ [187].

ווען מ׳זאל נעמען צונויפשטעלן אלץ, וואס איז געזאגט געווארן קעגן דער גייסטליכקייט, וואס גייסטליכע גופא האבן געזאגט קעגן זיי, וואלט מען באדארפט אנשרייבן א גאנץ בוך. טאַאולער זאגט אין א דרשה: ״זייט וויסן, אז די פרעלאַטן, גלחים, בישאפן, אַהאַטן, פריאָרן און די זינד־אויסהערער — די אלע דארפן זיין די היטער פון דער הייליגער קירך. די פרעלאַטן זאלן רעגירן איבער מענשן, זיי זאלן משפט׳ן צו גאטס־לויב און לויט זיין ווילן. ליידער, זיינען זיי אבער אליין בלינד, בכן פירט איין בלינדער דעם אנדערן און איך האב מורא, אז אלע צוזאמען וועלן זיי אריין אין דער שאול־תחתיה אריין״ [188]. וועגן וואכער, וואס גייסטליכע האבן געטריבן, האט מען אין 15־טן יארהונדערט אין נידערזאקסן געהאט געזונגען א לידל, די גייסטליכע שטעלט מען דא אויף איין ברעט מיט אידן און מיט רייכע לייט: ״איז פאראן גוט געלט אין לאנד, איז האבן דאס גלחים און אידן. אלע זיינען אונטערטע־ניג דעם רייכן מאן, וואס רייסט וואכער גלייך מיט דעם אידן״ [189]. אקעגן אבער

מיינט האַנס ווילהעלם קירכהאָף, אז בכלל האט קיינער ניט וואס אויסצעוואַרפן דעם צווייטן, ס'איז פאראן א ווערטל: „זאגט איינער, אז וואכער איז א זינד, איז זיי זיכער, אז ער האט קיין גראשן געלט ניט" [190].

געוויינטליך האט דא ניט געפעלט קיין וויץ אויך. יאהאן פּאַאולי דער-ציילט אזוי: א פרעדיגער האט אמאל שארף גערעדט קעגן וואכערניקעס. איינער א וואכערניק, וואס איז דערביי געווען, גיט אים נאך דער דרשה א גולדן. דער דרשן וואונדערט זיך שטארק, זאגט אים דער וואכערניק: „איך קאן זיך ניט גלייכן צו אנדערע, ווען זיי ווערן אויס וואכערניקעס, וואלט איך ארויף פון אויבן". פּאַולי באמערקט דערביי: „קארג האבן מיר אידן, דארפן נאך קריסטן וואכערן" [191]. דער מחבר פון Simplicissimus אין אנ-דערהאלבן הונדערט יאר ארום זאגט אויך ענליך דערצו: „אויב א וואכערניק האט א גאנצע וואך קיין צייט ניט רעכט צו באטראכטן, ווי ער שינדט די הויט, זיצט ער בעת די תפילות אין דער קירך און מאכט פלענער, ווי טרייבט מען דאס געשעפט" [192]. ער זאגט ווייטער: „האנדלס-לייט און האנטווערקער קאנקורירן איינס מיטן אנדערן אין וואכערנעמען און זויגן אויס פונם פויער זיין ביטערן שווייס" [193].

אקעגן הערן מיר פון האנס ווילהעלם קירכהאָף אזוינע רייד: „מ'זאגט, אז אידן האבן גוטע פעטע גענז, אנדערע איידל-לייט ווייסן דאס וואויל, זיי פארשטייען אבער ניט, אז ווען דער איד שענקט דאס זיי פאר א גולדן, באַרייסט ער זייערע פויערן אויף צען גולדן, זיי קאנען אהן קריסטנבלוט ניט לעבן. דאס איז אמת, ווען זיי זאלן ניט באשווינדלען די קריסטן נעבעך מיט זייער וואכער, איז פון וואס וואלטן זיי געלעבט, אז ארבעטן ווילן זיי ניט? דער געמיינער מאן צאלט אפּ דעם איד מיט וואכער אלץ, וואס ער פאר-ווערבט מיטן ביטערן שווייס, ווארום ווען ניט, בלייבט ער גאר אהן גארניט. אן ארעמער פויער אין א דארף, וואו אידן וואוינען, פארמאגט אפט ניט קיין נאגל אין זיין וואגן, וואס זאל ניט זיין פארזעצט, און ער טראגט וואכער". דערביי דערציילט ער א וויץ: אן איידלמאן איז אמאל שולדיג געווען א אידן 500 פל. אז ס'איז געקומען דער טערמין, און דער איד האט גענומען מאנען, פרעגט אים דער איידלמאן, צי וויל ער אים נאך אזוי לאנג ווארטן, ביז ער וועט זיך אפשערן די בארד. דער איד האט געענטפערט: יא. דער איידלמאן האט זיך דאן געלאזט אפשערן איין העלפט בארד, די אנדערע העלפט איז געבליבן ניט-געשארן. קומט אויס, אז ניט דער איד האט אפּגענארט דעם איידלמאן, ווי מ'האט זיך באדארפט ריכטן, נאר פארקערט, יענער האט דעם אידן אפּגענארט. פונדעסטוועגן איז דער מוסר-השכל דערפון אזוי: „א איד נוצט, וואו ער וואוינט יעדע צייט, גלייך ווי די מאָטן אין א קלייד" [194].

אבער קירכהאף זאגט אפן, ווי האלט עס מיט וואכער ביי קריסטן אויך. אויף א שטיינבילד פון דעם איילבארג אין שפּייער זיינען געווען

אויסגעמאלט אידן מיט קורץ געווער. איינער האט געפרעגט, פארוואס איז דאס אזוי? האט מען געענטפערט: „זיי האבן די שפיזן אנטליהען קריסטן (שפיז, אידן־שפיז איז א בילד פאר וואכער), קריסטן זיינען איצט די וואכער־ניקעס". „מ׳שעלט און מ׳פלוכט דעם אידישן וואכער, זייער שינדעריי און אידנשפיז. וואלט גאט א נס געטאן, אז ביי אידן זאל דאס בלייבן, און ס׳זאל ניט אריין אין די הענט צו קריסטן, וואס זיי זיינען גע׳טובל׳טע אידן" [195].

איין קאפיטל ביי קירכהאף הייסט: „א שטיקל פארגלייך צווישן דעם אידנשפיז ביי אידן און קריסטן". דארט דערציילט ער מיט א ליצנות: „אידן האבן זיך געוואלט קלאגן פאר דעם נאהענטסטן רייכסטאג, אז קריסטן האבן ביי זיי אויסגעריסן פון די הענט דעם „וואכערשפיז"". פון זייער קלאגן זיך וואלט אבער גארניט ארויסגעקומען, ווארום קריסטן וואכערן מער פאר זיי". קינדער מוזן צאלן צינזן זייערע עלטערן, דער זון אדער די טאכטער ווייסן ניט, ווי גרויס זיי זאלן צינז צאלן זייערע עלטערן, אייגענע אדער קרובים, פון פרעמדע שוין נישט צו ריידן. קיינער וויל ניט וויסן פון דעם געזעצליכן צינז, מ׳נעמט אזוי פיל, וויפיל מ׳וויל... באשרייבן אדער מאלן די וואכערניקעס דארף מען האבן א גאנץ בוך" [196].

פון די אלע שטעלן, וואס מיר האבן געבראכט פון די שריפטן פון יענער צייט, קאן זיך שוין דער לעזער מאכן א באגריף, ווי ווייט אידן זיינען באמת שולדיג אין דעם אלעם בייז: וואכער און שווינדל, וואס אלע קלאגן זיך דערויף. דאס געשעפטלעבן איז געווען פארדארבן, אידן זיינען אויך קיין צדיקים ניט געווען, דאס קאן מען אויך ניט לייקענען. אבער בכלל איז קלאר, אז ווען דייטשלאנד זאל דעמאלט געווען האבן בלויז אירע קריסטליכע גייסטליכע, אַדללייט און שטאט־בירגער, און קיין אידן כלל ניט, וואלטן די געשרייען געהילכט פונקט אזוי הויך, ווי מיר הערן זיי פון די שריפטן, אויב ניט נאך העכער.

נאך איין אידישע באשעפטיגונג דארפן מיר דא דערמאנען: מעדיצין. אידן זיינען דערמיט שטארק באשעפטיגט געווען אין דייטשלאנד, אזוי ווי אין אנדערע קולטור־לענדער. דא זעהען מיר אויך, ווי דער געזעץ שטימט גאר ניט מיט דער פראקטיק. קריסטן איז פארבאטן געווען צו רופן א אידישן דאקטאר, סיידן אין א נויטפאל, דאך האט מען דערויף ניט געקוקט. גייילער באמערקט וועגן דעם: „מיר זעהען אויך, אז איינציגע גייען צו רוצחים אידן און ברייגנען זיי די אורינע און האלטן זיך מיט זיי אן עצה. ס׳איז דאך אבער פארבאטן, צונוצן א אידישע רפואה, סיידן קיין אנדער דאקטאר איז ניט פאראן" [197]. דער מחבר פון Wendunmuth זאגט: „אידן, וואס געבן זיך אויס פאר דאקטוירים, ברייגגען אום קריסטן און שטעלן זיי בדלות. זיי האלטן דאס געוויס פאר א מצוה צו פייניגן און אומברייגגען קריסטן און לערנען די קינדער אזוי צו טון. און מיר נארישע קריסטן לויפן צו אונזערע

דם־שונאים און געטרויען זיי אונזער געזונט און לעבן, בעת צו קריסטליכע דאקטוירים ווענדן מיר זיך ניט, און פארזינדיגן זיך קעגן גאט". „א נאר חכם הילף ביי אזוינעם, וואס פארפלוכט אים און דעם קריסטוס, ס׳איז ניטא די פלאג אויף הימל און ערד, וואס זיי זאלן דאס דיר ניט ווינשן, און דו האפסט דורך זיי געזונט ווערן" [198].

ס׳איז אבער ניכּר, אז געהאפט האבן אזוי א סך. ס׳איז ניט געווען דער שטאנד, פון דעם קייזער ביז דעם בעטלער, וואס ער זאל זיך ניט ווענדן זעהר גערן צו אידישע דאקטוירים. פרידריך דער דריטער האט געהאט א לייב־דאקטאר א אידן יעקוב בר׳ יחיאל לאָאַנס, און ער האט אים געמאכט פאר א ריטער [199]. הערצאג סטעפאן דער עלטערער אין בייערן האט געהאט א אידישן דאקטאר יעקוב [200]. ערצהערצאג פרידריך פון טיראָל אין א באפעל, דאטירט אינסברוק דעם 31 יאנואר 1442, נעמט אויף דעם „אידנמייסטער" ראובן פאר א דאקטאר און באוויליגט, אז ער זאל זיצן אין טיראָל פריי פון שטייערן און צאל [201]. פאַלצגראַף רופרעכט דער עלטערער האט דעם 27 אפריל 1362 געמאכט א אידן גאטליב פאר זיין א דאקטאר און האט אים באפרייט פון אלע שטייערן [202]. ערצבישאף בעמונד דער II־טער פון טריער האט דעם 9 אקטאבער 1354 אויפגענומען א אידן, מייסטער שמעון, פאר זיין הויף־דאקטאר [203]. דער ווירצבורגער בישאָף האט דאס יאר 1407 געשענקט זיין אידישן לייבדאקטאר באזונדערע פריווילעגיעס [204]. דער בארימטער אולמער בירגערמייסטער, בערנהאַרד בעסערער, האט געמאכט דעם „בארימטן דאקטאר" ר׳ דודן פאר זיין לייבדאקטאר [205]. אידישע דאקטוירים האט מען געזוכט און געבראכט פון ווייטע לענדער. דאס יאר 1376 האט איינער א ריטער פון פאַלקענשטיין געבעטן דעם פראנקפורטער שטאטראט, אז „דער ראט זאל אפלאזן צו אים דעם אידישן דאקטאר יעקוב" [206], אן אנדער ריטער האט דאס יאר 1494 געבעטן דעם אולמער שטאטראט, ער זאל געבן א אידן יעקוב פון האי־גערלאך א וואך, ער זאל אים בריינגען א רפואה [207]. אידישע פרויען האבן זיך אויך באשעפטיגט מיט מעדיצין, אזוי ווי קריסטליכע פרויען [208]. אידישע שטאטישע דאקטוירים אויף שכירות ביי דער שטאט איז אויך געווען ניט פון די זעלטנקייטן [209]. ס׳וואלט געווען צו לאנג אויסצורעכענען נאך אנדערע אידישע דאקטוירים [210]. פון די קוועלן איז צו זעהן, אז זיי זיינען געווען אין דייטשלאנד גלייכצייטיג אין די הונדערטער. אינטערעסאנט איז, וואס מיר וויסן פון זיי כמעט נאר פון קריסטליכע קוועלן. זעהט אויס, אז קיין תלמידי חכמים זיינען זיי ניט געווען, פונקט פאַרקערט, ווי אין שפאניע און אין איטאליע. זייערע מעדי־ציני שע קענטעניש זיינען, זעהט אויס, אויך געווען מער פראקטישע, אהן א גרינדליך שטודיום, ווארום אנדערש וואלטן זיי געלאזט חבורים, און אזוינע זיינען ניט געבליבן. מ׳דארף אבער אין זינען האבן, אז מעדיצין איז יענע צייט בכלל וויסנשאפטליך ווייניג שטודירט געווארן. בעדער, זאַלבמאַכער

און אלטע ווייבער פלעגן קאנקורירן מיט דאקטוירים׳ מאַרקשרייער פלעגן ליארמען וועגן א זאך׳ וואס נוצט צו אל דאס בייז. בורקהאַרד וואַלדיס מאָלט איינעם אזא „טעריאַק־קרעמער“ (רפואה־קרעמער): „דער האט א טוך׳ אויסגעמאלט משונה׳דיגע חיות א גרול׳ ווערים׳ קראָטן׳ עגדישן און שלאנגען. דעם טוך היינגט ער אויף אויף א שפיז און שיט פון זיין לעדערזאַק שאכטלאך מיט טעריאַק (רפואות) [211].

פעליקס פלאַטער דערציילט׳ ווי איז דאס צוגעגאנגען מיט דאקטוירים צו זיין צייט אין באזעל. „דעמאלט איז געווען זעהר בארימט איינער א מאן א פויער פון אוצענדארף׳ צו אים איז געפארן א גרויסער עולם׳ ער האט געשפראכן אויף וואסער און האט באוויזן משונה קונצן לאנגע יאר׳ פארווערבט א גרויס פארמעגן. נאך אים איז א לאנגע צייט געווען שטארק בארימט איינער א איד פון אַלסווייללער. ס׳איז אויך געווען אן אלטע פרוי... קראנקע פלעגן צו איר שטארק לויפן“... [212]. אזוי האט עס דאמאלס געהאלטן מיט היילן קראנקע. בכן איז אידן ניט שווער געווען צו ווערן בארימט אלס דאקטוירים׳ בפרט׳ אז צו זיי האט נאך געקאנט אפשר ארייננפאלן אין די הענט אייניגע מעדיצינישע ווערק פון שפאנישע און איטאליענישע אידן׳ און אליין פלעגן זיי אין דער יוגנט א סך ארומפארן און צו זעהן. פון זייערע קריסטליכע קאָלעגן האבן זיי געהאט ווייניג וואס צו לערנען׳ אידן׳ ווי מיר ווייסן׳ פלעגן א סך לערנען און איבערזעצן אויף העברעאיש פון פרעמדע שפראכן. דייטשע מחברים אבער׳ וואס זאלן זיין איבערזעצט אויף העברעאיש׳ איז פאראן זעהר קנאפ [213]׳ א סימן׳ אז ס׳איז ניט געווען וואס.

צום סוף נאך עטליכע פרטים׳ וואס זיינען אמאל פאר דער כאראַקטעריסטיק אינטערעסאנטער׳ איידער דאס אלגעמיינע בילד.

צווישן די קריסטליכע שרייבער פון יענער צייט איז סעבאַסטיאַן בראַנט געוויס דער שרייבער׳ וואס זיין מיינונג וועגן אידן און אידנטום איז ווייניגער פארטייאיש׳ איידער עמיצן אנדערשס. א פרומער קאַטאָליק און אן אויסגעצייכנטער תנ״ך־קענער׳ ברייגגט ער ניט קיין שלעכט ווארט וועגן אידן׳ נישט געקוקט אויף זיין פרומקייט און קענטעניש און אפשר צוליב דעם? [214]) ווידער דארף מען באמערקן׳ אז ווען ער וויל ברייגגען א משל פון מענשנליבשאפט׳ ברייגגט ער דאס פון היידנישע קוועלן און פון תנ״ך׳ און ניט קיין קריסטליכע משלים: „ס׳איז ניט געווען קיין בעסערע פריינט׳ ווי דוד מיט יונתן“׳ „קיינער קאן זיך ניט פארגלייכן מיט משה׳ן (רבינו)׳ ווי ער האט ליב געהאט מענשן׳ ווי זיך אליין“ [215].

אין דעם בוך „Der Seelen Trost“׳ געשריבן אין קעלנישן דיאַלעקט׳ קומט פאר א געשיכטע׳ ווי א קריסט האט געוואלט לייהען ביי א אידן געלט׳ האט דער איד ניט געוואלט. פרעגט אים דער קריסט׳ צי וועט ער אים לייהען׳ אויב ער וועט שווערן ביי דעם הייליגן ניקאלאַי. זאגט דער איד: יאָ׳ און לייהט

אים. ס׳איז געקומען דער טערמין צו באצאלן, מאנט אים דער איד דעם חוב, זאגט ער, ער האט שוין באצאלט. קומען זיי פאר דעם געריכט, און דער קריסט דארף שווערן. וואס זשע טוט ער? מאכט ער זיך א שטעקן, אין מיטן הויל און אנגעפילט מיט גאלד, גיט דעם אידן האלטן דעם שטעקן, און אליין שווערט ער ביי די הייליגע, אז ער האט דעם אידן מער געגעבן, איידער ער האט ביי אים גענומען, אפגעשווארן, צוגענומען ביים אידן דעם שטעקן און אוועק אהיים. אין וועג איז ער איינגעשלאפן, אראפגעפאלן פון דעם וואגן, דער וואגן איז אים איבערגעפארן און צעהרג׳עט אויף טויט. דער שטעקן איז צעבראכן געווארן אויף צווייען, און דאס גאלד פון דער מיט איז ארויסגעפאלן. דא איז זיין פאלשקייט אנטפלעקט געווארן, ער האט פאר־לארן לייב און זעל, דער הייליגער ניקאָלאַי האט אים ניט געהאלפן. אז לייט האבן דערזעהן די גרויסע פאלשקייט, גייען זיי צום אידן און זאגן אים, ער זאל צונעמען דאס גאלד. זאגט דער איד: „אויב דער הייליגער ניקאָלאַי וועט דעם מאן ווידער לעבעדיג מאכן, וועל איך זיך טויפן, און ער זאל מיר מיין חוב באצאלן". איז טאקע אזוי געשען, דער הייליגער ניקאָלאַי האט יענעם ווידער לעבעדיג געמאכט. דער איד איז געווארן א קריסט, און אלע לייט, וואס האבן דאס געהערט, האבן שוין ניט געוואַגט מער צו שווערן „פאלש"[216].

די דאזיגע געשיכטע, וואס זי איז באקאנט שוין פון דער גמרא, נאר דארט זיינען ביידע צדדים אידן[217], געפינען מיר ביי גבריאל באַרלעטאַ אויך אין א דרשה פונקט אזוי, ווי זי ווערט דא דערציילט[218], און ס׳איז כדאי צו באמערקן, אז דער שווינדלער איז דא דער קריסט, ער שווערט פאלש און באשווינדלט א אידן.

נאך אזא געשיכטע, גענומען פון דער עלטערער אידישער ליטעראטור און קריסטליך פארקליידעט, געפינען מיר ביי יאָהאַן פּאַאולי: „דריי אירע האבן א צייט לאנג געדינט ביי איין האַר. דער ערשטער קנעכט איז געווען האָפערדיג (גאוה׳דיג). דער אנדערער איז געווען גייציג, דער דריטער האט תמיד מקנא געווען. איינמאל רופט זיי דער האַר און זאגט צו זיי אזוי: איך וויל אייך באלוינען פאר אייער דינסט מיט א תנאי, אז וואס דער ערשטער וועט באגערן, וועל איך אים געבן, למשל, באגערט ער הונדערט גולדן, וועל איך אים געבן, דעם אנדערן גיב איך דאָפּעלט, ד. ה. צוויי הונדערט גולדן, דעם דריטן גיב איך דאָפּעלט אזוי פילי, ווי דעם צווייטן, ד. ה. פיר הונדערט גולדן. קיינער האט ניט געוואלט זאגן דער ערשטער, וואס ער באגערט. דער האָפערדיגער זאגט: „ס׳איז פאר מיר א אומכבוד, איך זאל זאגן צום ערשטן, בעסער זאל איך באקומען מיין לוין דער לעצטער, וועט מיין כבוד זיין גרעסער". דער גייציגער זאגט: „בעסער זאל איך באקומען מיין לוין דער צווייטער אדער דער דריטער, וועט מיר מער אנקומען, ווארום איך בין גייציג". בכן האט דער בעל־מקנא געמוזט זאגן דער ערשטער, דאָ באגערט ער, מ׳זאל אים אויסשטעכן איין אויג, האט מען אזוי געטאן, און דעם גייציגן

האט מען אויסגעשטאכן ביידע אויגן און דעם האָפּערדיגן האט מען אויך אויס־געשטאכן ביידע אויגן און דערצו האט מען אים נאך אפּגעשניטן די אויערן אזא קנאה טרעפן מיר אפּט, מענשן פּועלן ביי זיך: מיר איין אויג, אבי יענעם ביידע אויגן ארויסנעמען"[219].

די אייגענע געשיכטע, עטוואס אנדערש, קומט אויך פאר אין ברכיה הנקדנס "משלי שועלים" און אין ר' יצחק פון קארביילס "ספר מצות קטן"[220]. אן אנדער מעשה "נח האט געשפּריצט פיר ארליי בלוט אויף דעם וויינשטאק" (פון א מאלפּע, פון א חזיר, פון א שעפּעלע און פון א לייב) ווערט אויך געבראכט אין מדרש[221]. אזוינע מעשיות, וואס מיר טרעפן זיי ביי קריסטליכע שרייבער און אין דער העברעאישער ליטעראטור גלייך, האבן געבראכט חיים יאיר בכרך צו דעם געדאנק, אז קריסטליכע שרייבער האבן גענאשט אזוינע מעשיות פון דער העברעאישער ליטעראטור[222]. דאס איז שוין צו ווייט גע־זאגט, ווארום מייסטן טרעפן מיר אזוינע מעשיות אין אנדערע קוועלן אויך, אבער דאס איז ריכטיג, אז אידן האבן באקאנט קריסטן אין די מערב־לענדער מיט די משלים פון די מזרח־לענדער[223]. אידן האבן מסתמא א סך איבער־געגעבן קריסטן אין פערזענליכן פארקער. בפרט יאָהאַנעס פּאַאולי, א געווע־זענער איד, האט געוויס א סך צו פארדאנקען אידן הן מיט דעם אינהאלט פון זיין בוך מעשיות, הן מיט דער פארם. און ווען אזא בוך איז געווען פון די באליבטסטע פאלקביכער, הייסט דאס, אז דער אידישער גייסט האט א לאנגע צייט אַמיזירט דאס דייטשע פאלק[224].

דערהויפּט איז דאס ריכטיג בנוגע צום אידישן וויץ. א סך וויציגע אויפטוען און מעשיות ביי פּאַאולין קאן מען נאך היינט הערן ביי אידן, למשל, אזא ווארטשפּיל ווי bösern (בייזערן זיך) און bessern (בעסערן)[225], אדער די פריהער געבראכטע מעשה וועגן דעם וואָכערניק, וואס האט דערלאנגט דעם פּרעדיגער א גילדן, ווייל יענער וועט אים אפּרוימען די קאנקורענץ פון וועג. אזא וויץ קאן מען נאך היינט אויך הערן ביי אידן, נאר מיט דעם חלוק, וואס דא ביי אידן ווערט די אייגענע מעשה דער־ציילט פון א רב, וואס שטראפט דעם עולם, ער זאל ניט האנדלען אום שבת. איינער א איד, וואס וויל יא האנדלען, באלוינט דעם רב פאר זיין דרשה, זאל ער אנשרעקן אנדערע. יערג וויקראַם דערציילט א מעשה פון א פויער, וואס האט דערזעהן א קריסטוסבילד, באשפּריצט מיט טראפּנס בלוט, רופט ער אויס: "אך, ליבער הער גאט, נעם זיך צום שכל און קום ניט מער צו די בייזע פארדארבענע אידן"[226]. די דאזיגע מעשה האט נאך א ווערסיע און ס'איז א סברה, אז זי שטאמט אויך פון אידן און נאכדעם איז זי קריסטליך פארקליידט געווארן. דאס אייגענע איז מסתמא אויך דער פאל מיט האַנס ראָזענבלוטס א פאַסטנאכטשפּיל: "א וכוח צווישן א לץ און א אידן"[227]. דער איד מאכט נאר מיט די הענט, יענער אקעגן מאכט אויך נאר מיט די הענט, כלומרשט פארשטייט ער דעם אידן און דערמיט איז ער גובר. די דאזיגע געשיכטע

איז אויך א אידישער וויך נאך ביז היינט. היות חי אידישע וויצן זיינען ניט געזאמלט אזוי פיל, ווי די פאסטנאכטשפילן, איז שווער צו זאגן עפיס אויף זיכער, ווער ביי וועמען האט איבערגענומען. דאס וואלט געפאדערט א ספעציעלע פארשונג, און דא קאנען מיר זיך דערויף לענגער ניט אפשטעלן. איך האב נאר געוואלט ווייזן, אז אין דעם פרט וויך ציהען זיך פעדעם פון אידן צו קריסטן און פארקערט, ווי מיר זעהען דאס נאך איצט אויך. נאך איין באמערקונג: אידן האלטן שטארק פון משלים און פארגלייכן, מיר זעהען דאס אין תנ"ך און אין מדרש. א סך מיטלאלטערישע פרעדיגטן, און גיילערס אויך, מאכן דעם איינדרוק פון אידישע דרשות לויט זייערע משלים און באטעמ'טקייט. אזוינע דרשות האט מען געקאנט הערן ביי וואנדער־מגידים פון פוילן. מיר האבן שוין פריהער געזעהן, ווי פעטער וויקראם ווארפט אויס יאהאן פּאַאולין, אז ער האט געפעלשט גיילערס דייטשע פרעדיגטן מיט "אייגענע נארישקייטן און ווילדע טפשות"[228]. אבער די דאזיגע פעלשונג האט זיי נוצן געבראכט: פּאאולי, וואס שטאמט פון אידן, האט באפוצט גיילערס פרעדיגטן מיט מאטיוון פון מדרש (אזוי דארף מען פארשטיין וויקראמס פארוואורף!). און דאס האט זיי פארשאפט ביי דעם פאלק אין די אויגן מער חן, איידער די דרשות פון די מיסטיקער, וואס זיינען אמת געווען טיף, אבער ניט לויט דעם פארשטאנד, ניט לויט דעם גוסט פון דעם פאלק.

די קריסטליכע מיסטיק פון יענער צייט האט אין אידנטום איר אקעגנ־בילד, אויב ניט א פארבילד. ווער ס'באקענט זיך מיט דער מאגיר אויסדרוקן פון אזוינע מיסטיקער, ווי Susos און Tauler, דעם ווערט קלאר, אז ס'שמעקט מיט אידישער מיסטיק (אויספירליך וועגן דעם האבן מיר געשריבן אין ב' ז' 153 א' וו'). די סודותדיגע אונטערשיידן צווישן דעם אינעוויניגסטן און אויסנוויניגסטן מענשן, די נזירות און אפגעשיידקייט פון דער וועלט, דאס אריינ־טון זיך אין הסתכלות פון דעם שורש איך און דער אינעווייניגסטער ברען, אפילו די זיסליך־תאווה׳דיגע שפראך זוזאס, וואס דערמיט האט ער געוואונען די הער־צער פון פרויען, זיינע גייסטיגע טעכטער, — דאס אלץ איז צו געפינען ביי אידישע מיסטיקער אויך. אמאל קאן זיך אויסווייזן פון טוילערס פרעדיגטן, אז דאס רעדט א רב' א מין ר' אליעזר פון ווארמס אדער ר' יהודה חסיד. "א הייליגער פאטער האט אמאל באדארפט ארויסגיין פון זיין קעמערל (אין קלויסטער), האט ער אראפגעלאזט דעם קאפישאן איבער די אויגן. האט מען אים געפרעגט, וואס מיינט ער דערמיט? האט ער געזאגט: איך פאר־היט מיינע אויגן, זיי זאלן זיך ניט פארקוקן אויף די בוימער, איך זאל ניט געשטערט ווערן צו קוקן אינעווייניג אין מיין גייסט"[229]. דאס איז גאר און גאר די שפראך פון די תנאים: "ווער ס'גייט אין וועג און לערנט און רייסט איבער זיין לערנען און זאגט, ווי שיין איז דער בוים, ווי שיין איז דער אקער, דער פארזינדיגט זיך אליין זיין נשמה"[230]. אזא מין אנטלויפן פון דער נאטור און פון דער וועלט קענען מיר יענע צייט נאר פון דעם

„ספר חסידים קטן" פון דעם דאזיגן ספר וועלן מיר אין נאהענסטן קאפיטל ברײנגען אײניגע אויסצוגן פאראלעל מיט שטעלן פון ענליכע קריסטליכע קוועלן. דאס דאזיגע ספרל איז ניט אזוי מיסטיש פול, ווי דער גרויסער „ספר חסידים" (פון דעם האבן מיר געשריבן אין ערשטן באנד), און דער פאר־נעם גופא פון דעם ספרל באווייזט, אז די מיסטיק האט שוין איצט ניט אזוי געצויגן צו זיך, ווי פאר א תקופה פריהער. דאס אײגענע זעהען מיר צו ביי קריסטן אויך: זווא און טוילער האבן געהאט קנאפ הערער, ווארום א צייט, ווען ס'האט געבליהט די סאטירע, און ביים עולם האבן אויסגענומען די אויסגע־לאסנסטע פאסטנאכטשפילן, קארנאוואלשפילן, אזא צייט איז קנאפ אויפגעלעגט צו באגייסטערט ווערן פאר מיסטיק.

אין די דאזיגע פאסטנאכטשפילן איז א איד שטענדיג א ציל פאר דעם דיכטערס וויץ־פיילן. די שפילן און ליצנות־שטיק באווייזן באשיינפערליך, ווי גרויס איז געווען דער פארקער צווישן אידן און קריסטן און זייער קעגנ־זייטיגע ווירקונג. און דאס זײנען מיר אייגנטליך אויסן געווען צו באווייזן אין דעם איצטיגן קאפיטל. אין אזוינע שפילערייען געפינט איר אפט א וואונק אויף אזוינע אינטימע אידישע פארהעלטעניש, אז מ'מוז זיין באהאוונט אין אידישע ספרים צו פארשטיין, וואס מ'מיינט דערמיט. אין דעם שפיל פון (האנס פאלץ, שערער אין ניורענבערג) Hans Falz zu Nurmberk balbirer מיט דעם טיטל „די אלטע און די נייע אמונה" זינגען אידן „אדון עולם" אויף העברעאיש, געוויינטליך זעהר פארדארבן, נאכדעם קומט דער רב און פאר־טייטשט דאס. די איבערזעצונג, וואס איז דא דערביי, באווייזט פארשטאנד פאר שפראך און געמיט. ווי אזוי איז פאלץ געקומען צו דעם טעקסט און איבערזעצונג, איז גאר ניט אזוי גרינג צו ענטפערן. ס'איז קיין סברה ניט, אז דא זאל האבן צו שטעקן נאך א קריסט, ביי וועמען ער האט דאס געגאשט. וואלט דאס ווידער געווען א איד א יודע ספר, וואלט ער אים ריכטיג אויפגע־שריבן דעם העברעאישן טעקסט, ניט אזוי צעבראכן, ווי מיר טרעפן אים ביי פאלצן, קוים צו דערקענען. ס'איז דעריבער קרוב לאמת, אז ער האט געבעטן א אידן אן עם־הארץ, ער זאל אים זאגן „אדון עולם" און ער האט דאס נאכ־געשריבן. דערויף זײנען פאראן נאך אנדערע סימנים אויך [231]. אויב אונזער השערה איז ריכטיג, מוז די איבערזעצונג, אזוי ווי מיר זעהען זי, אויך שטאמען פון א אידן, דאס שטימט אגב מיט דעם מחברס באמערקונג, אז דער רב האט „פארטייטשט דאס געזאנג". ווייטער פאסט דאס געדיכט וויניג צו דעם איבעריגן אינהאלט פון פאלצס שטיק, וואס איז בכלל אויסן אפשפעטן פון גע־וויסע שטעלן אין מדרש און תלמוד, וואס פאלץ האט גענאשט פון ערגיץ אן אנטיאידישע שריפט.

האנס ראזענבלוטס (אויך א ניורענבערגער) „א שפיל פון דעם הערצאג פון בורגונדען" איז אויך איבערגעמישט מיט העברעאישע אויסדריקן. דער אוטאר האלט זיך געטריי ביי די אידנשפאָטבילדער פון מיטלאלטער [232]. אידן

צווישן זיי „א שאלאט־איד" [233]) אויך, זיינען ביי אים פארמשפט צוזאמען מיט זייער משיחן צו זויגן א חזיר. ס'זאל דערמאנט ווערן האנס פאלצס נאך א זאך Der Juden Messias (דער אידישער משיח). א סטודענט פארפירט דא א אידיש מיידל, און נאכדעם מאכט ער חוזק פון די עלטערן און פון דער אידישער קהלה. דאס, וואס פאלץ גיט אפ אזא ראליע א סטודענט, דערקלערט אונז, פארוואס איסרלין רופט די „שילער" — „שקצים" [234]), ביידע צדדים, קריסטן און אידן, קארגן ניט קיין גראבע אויסדריקן [235]).

צוגלייך מיט סטודענטן האבן חברה — נארן אדער לצים — מיט זייערע שפילן געטריבן ביטערן שפאס מיט אידן, פארטריבן זיי פון הויז און הויף דערהויפט אין עלזאס [236]).

ס'איז נאך צו באמערקן, אז אין די דאזיגע אלע שפילן און ליצנות, ריידן אידן אויף דער אייגענער שפראך, וואס די קריסטליכע פערסאנאזשן. דאס איז א באווייז, אז אין 15־טן יארהונדערט איז נאך קיין באזונדער „אידנדייטש" ניט געווען, אנדערש וואלט מען געוויס ניט פארמיטן ארייננצולייגן אידן אין מויל ארײן זייער אייגנטימליכע שפראך.

## קאפיטל VI.

### מוסר־לערן. דער ספר חסידים קטן. דער זיטנבוך (ספר מידות). ליפּמאַן מילהויזנס „נצחון".

דאס קולטור־בילד, וואס מיר האבן געפּרובט מאלן אין די פריהערדיגע קאפּיטלאך, וועט ארויס נאך בולטער און דייטליכער, ווען מיר וועלן דערצו צוגעבן אייניגע שטריכן, גענומען פון מוסר־ספרים פון יענער צייט. ליידער זיינען אזוינע ספרים ווייניג. איינער אזא ספר הייסט „ספר חסידים", געשריבן בערך דאס יאר 1473, דער מחבר איז ר' משה הכהן בן אליעזר, וואס האט, זעהט אויס, געלעבט אין קאָבלענץ [1]. דעם ספר האבן מיר שוין אייניגע מאל דערמאנט מיט דעם צונאמען „קטן", אפצושיידן פון נאך א ספר חסידים, אן עלטערן און א גרעסערן אין פארנעם [2]. מיר ברייגען דא נאר אייניגע אויסצוגן פון דעם דערמאנטן ספר מיט פאראלעלן פון קריסטליכע מוסר־לערן.

I

### פון דעם ספר חסידים קטן.

„בן אדם, שטיי אויף, וועל איך דיר זאגן, און דו נויג צו דיין אויער, און זאלן צו דעם מיינע רייד צושטיין, און דו זאלסט זיי ניט פארווארפן, ווארום ווי קאנסטו צוזעהן, ווי דיין זעעל גייט פארלארן ... זי איז דיר א ריינע געגעבן געווארן פון דער הייך, פון דעם קוואל פון ריייניגקייט ... דעריבער קום איך צו וועקן דיך און צו ווארענען און צו קליגן, דו זאלסט געפינען רוה צו דיין זעעל [3], און ס'זאל דיר וואויל זיין צו גיין אין שכל־וועג און פארמיידן דעם נארישן וועג ... ווארום דער שכל איז געגעבן פון אויבן, און די נארישקייט איז אין תהומים־טיף, דער שכל דערהויבט ארויף, די נארישקייט פירט טיף אין אפגרונד ... דעם שכל אקעגן ווערט געזאגט: פריד צו דיר, און צו דער נארישקייט — האלט זי, ווארום זי איז טויטזינדיג ... דער שכל איז לעבן און גליק, די נארישקייט איז טויט און שלעכטס ... און אצינד פארשטיי, וואס פאר דיר איז, און איך וועל דיך קליגן צו וויסן דעם פארשייד פון א קלוגן ביז א נאר. דער נאר דערנידערט

זיך צו פיה גלייך, איז ניט געהיט, טוט זיין הארץ ביט צו תורה און מצוות, אלע זיינע געשעפטן און טון זיינען נאר צו געניסן עולם־הזה עסן, טרינקען, שלאפן, שטאפן דעם גוף און קלייבן שמאלץ, און צערטלען דעם גוף מיט בעדער און אייער [4]) און מיט אלערליי פארגעניגן און תענוגים. ער עסט אומגעוואושן [5]), בייסט זיין ברויט גלייך אז א הונט [6]) אהן המוציא [7]) ... זיי זינגען און טומלען אין טרינקהייזער [8]) און זארגן ניט פאר דעם טויט און פאר דעם יום־הדין ... זיי זיינען האפערדיג און שפרינגען אין די אויגן, אזוי ווי די שפענער אונטער דעם טאפ, אזוי צו זאגן, מיר זיינען אויך בוימער [9]) ... זיי שווערן ביי גאטס־נאמען אומזיסט [10]), ניט זיי היטן זיך צו שאדן לייטן, און זיי שטויסן די פיס פון דער שכינה [11]) ...

אבער דו מיין זון, ניט דאס האט דיר גאט אין הארצן געלעגט, זאל זייער טייל ניט זיין דיין טייל ... פארמייד דיין פוס פון זייער שטעג, נייערט אלע דיינע מחשבות און געדאנקען זאלן געווענדט זיין נאכצוגיין דעם שכל. ווי אזוי? פריהער זיי מקיים אלץ, וואס דו קאנסט אפלערנען פון הומש, פון נביאים און כתובים. נאכדעם זאלסטו לערנען, וואס דו קאנסט פון גמרא און זאלסט מקיים זיין פון בראשית רבה [12]), פון וואס דו קאנסט נאר ציהען, פארכט פאר גאט און דין צו אים, און זיי ניט, ווי א פיה, זיך אריינטון און געניסן עולם הזה, וואס דאס איז נאר א חיי־שעה, ווארום היינט ביסטו דא און מארגן ביסטו אין גרוב, ווי א חלום איז אוועק און ניטא מער, נייערט טו דיינע אויגן קיין דרום און קיין צפון־זייט, קיין מזרח און קיין מערב־זייט און זעה מיט דיינע אויגן, ווער דאס האט באשאפן אלץ, אים זאלסטו דינען, גאטס דינסט זאלסטו טון שטענדיג, און דיין אייגן טועכטס זאל זיין א בייזאך ... זאלסט ניט נאכגעבן דיין הארצווילן, נייערט פון גאטספארכט, פון היטן זיינע געבאטן, פון אפגעשיידקייט, דעמיטיגקייט, רייניגקייט, הייליגקייט און פרומקייט זאלסטו דענקען גאר דעם טאג. זאג ניט, איך וועל גיין זעהן, ווי די וועלט פירט זיך און דינט גאט, וועל איך נאכטון, ניט אזוי זאלסטו טון ... נאר א חדר אין א חדר אויסבאהאלטן, זאלסטו זיצן און לערנען תורה, זיינע געזעצן און געבאטן און די רייד פון זיינע חכמים. מיין ניט, געענוג איז מיר צו זיצן און תמיד גמרא לערנען ... צו וואס נאך מצוות און דקדוקים? קלער ניט אזוי ... ווארום זעה דעם שטייגער פון דער וועלט, דער קנעכט דעם מלכס איז צו א מלך גלייך, אויב דער מלך זאל באפוילן זיינע קנעכט: פאלגט אזוינעם און אזוינעם, וואס ער וועט אייך הייסן, וועלן זיי פאלגן, ווען אפילו דאס זאל שווער זיין צו טון, ווייל אזוי האט געהייסן דער מלך, אזוי האט גאט ברוך הוא אויך געהייסן צו פאלגן די רייד פון די חכמים ... און זאלסט טון אלצדינג פון גאטס וועגן, ווארום גאט פארלאנגט דיין הארץ ... פיר זיך תמיד אין דער שטיל און באהאלטן אזוי, ווי דו וואלסט געטאן אויף די מארקן און אין גאס ... ווארום האלץ און שטיין פון די ווענט אין דיין הויז וועלן אויף דיר עדות זאגן ... דער

פארשטאנדיגער זאל זיך באהארצן און בייקומען זיין יצר־הרע צו באצווינגען אים, און זאל זיך היטן פאר אים. און ווייס, אז דו וועסט ניט קאנען ביי־שטיין, אויב דו וועסט זיך ניט מאכן א צאם אויף א צאם, ווארום אזוי האבן געזאגט אונזערע חכמים משל־זאגערס: פאר א היימישן גנב איז שווער צו פארהיטן. דעריבער שטארק זיך איבער אים, ווארום ווי איינער, אזוי איז די גבורה, און זאלסט ארויף אויף אים, און זאלסט תמיד פארטון זיין אין גאטס תורה, דערמיט וועסטו דעם יצר בייקומען. און אז דו וועסט אנהויבן זיך איינשטעלן און מעיז זיין קעגן יצר, וועט ער אויפהערן צו רייצן דיך און דיר אנריידן שלעכטס טון, גלייך אז א מענש, דער ראָט זיין חבר, ווען ער זעהט, ער פאלגט ניט זיין ראט, אזוי פארלאזט ער אים און גייט זיך זיין וועג.

גאטס־פארכט זאל זיין אויף דיר, און פיר זיך ניט גרינג ביים גאט בעטן. זיי געהיט און שטיל אין לייגן און אין אויפשטיין, אין זיצן און אין גיין, אין עסן, זאלסט ניט עסן דער ערשטער [13], זאלסט ניט אויפבינדן דיין גארטל נאך דעם עסן[14], זאלסט ניט אונטערשפארן דעם טעלער מיט ברויט [15], עס ניט קיין זאך אין מארק, אפילו צו פרובן בשעת דו קויפסט[16]. אזוי אויך זאלסטו זיין איינגעהאלטן אין טרינקען, זאלסט ניט זיין קיין זויפער. זאלסט מקיים זיין אלץ, וואס דו קאנסט געפינען, ווי למשל, אין מסכת דרך ארץ און אין אלע ספרים, וואס דו קאנסט, ווארום דעמאלט וועט גאטס נאמען געהייליגט ווערן איבער דיר, מ׳וועט זאגן: זעהט, ווי גוט און פרום איז דער, ער האט געלערנט תורה, וויפיל שיין זיינען זיינע מעשים און רעכט זיין טון, הלואי אונזער סוף זאל זיין אזוי, ווי ער. ברייניג ניט דערצו, אז אויב דו שטראפסט איינעם פאר א שענדליכער זאך, זאל ער דיר קאנען אפענטפערן: ערשט ציר זיך, דערנאך ציר אנדערע [17] ... גייסטו שלאפן, זאל דיין מיין זיין, דו דארפסט שלאפן, דער קאפ זאל דיר זיין לויטער נאכן שלאף צו לערנען תורה. ביסטו מיט דיין ווייב, טו דאס ניט פאר דעם גוף וועגן, נאר פון וועגן דעם געבאט פון דיין באשעפער, וואס האט דיר געהייסן קינדער האבן. גייסטו אין בית־הכסא, געדענק, אז דו טוסט דאס צו רייניגן דיין לייב ... פאר תפלה אדער פאר לערנען. קויפסטו שיך, אויף אונזער לשון הול״ט שוי׳ה (האלצשיך), זאל דיין מיין זיין, דו זאלסט די פיס ניט איינ־ריכטן, זיי זאלן ריין זיין, ווען דו קומסט אין שול אריין ... פיין זיך פאר אים (פאר גאט) מיט מצוות ... און טו אלץ פון גאטס נאמען וועגן, און פון ליבשאפט, ניט פון שכר וועגן [18] ...

היט זיך ווייט דו קאנסט ניט לוסטיג זיין אויף דער וועלט ניט צו דער צייט, סיידן חנוכה און פורים זאלסטו פרייען זיך פון גאטס וועגן.

אלע צייט זאלסטו זעהן, אין שטוב ביי דיר זאל זיין פיה אדער עופות, וויניגסטנס א הון אדער א גאנז, גיב איר צו עסן אלע פריה, איידער דו גייסט עסן, צו מקיים זיין, ווי ס׳שטייט געשריבן: און איך וועל געבן גראז

אין פעלד צו דיין פיה, און דו וועסט עסן און זאט זיין ··· דיין דער־באַרימקייט און גנאַד זאָלסטו ניט פאַרמיידן פון אַלצדינגג, וואָס גאָט האָט באַשאַפן אויף זיין וועלט, זאָלסט ניט שלאָגן און ניט פייניגן קיין פיה, קיין חיה, קיין עוף, קיין וואָרים, ניט שלאָגן קיין הונט, קיין קאַץ, ניט וואַרפן זיי קיין שטיין, ניט קיין פליג הרגענען, ניט קיין בין, אַפילו ניט קיין מוק ··· אַ מצוה איז, דו זאָלסט זיי שפּייזן. וואָרום אַזוי דאַרפן מיר לערנען פון די וועגן גאָט יתברך ··· ער דערבאַרימט אַלץ, און זיין דער־באַרימונג איז אויף אַלע זיינע ווערן[19].

שטאַרק זיך און פעסטיג זיך צו היטן די מצוה מזוזה, אַפילו ביי אַ גוי אין הויז, וואָס דו האָסט געדינגגען, וואָרום דאָס איז, ווי דיין הויז, און פאַרכט ניט, דער גוי וועט דיך חושד זיין אין כישוף[20], וואָרום גאָט איז דיין שיץ.

מיט גאָר דיין האַרץ און גאָר דיין זעעל זאָלסטו געהיט זיין מיט דעם כבוד פון ספרים, זאָלסט זיי ניט מאַכן פאַר קיין קאַסטן צו באַהאַלטן דאָרט דיינע קוויטלאַך און שרייבעכטס. קראַץ זיך ניט מיט קיין ספר ··· לייג ניט קיין מעסער אָדער אַ שטיין און קיין שום זאַך אויף אַ ספר (סיידן אַ גרויסע נויטיגקייט), לייג ניט קיין שום ספר אויף דעם בעט אָדער אויף דער באַנק, ביינאַכט, ווען דו גייסט שלאָפן, זאָל דיך קיין ספר ניט זעהן נאַקעט[21].

האָסטו דערזעהן אַ לויז ביי יענעם אויף דעם קלייד, וואַרף זי ניט אַראָפּ פאַר פרעמדע אין די אויגן, זאָלסט יענעם ניט פאַרשעמען, וואָרום דאָס איז אַ זינד. דעריבער זאָל יעדער גאַטספאַרכטיגער זיין גוט געהיט מיט זיינע קליידער, ווען ער קומט צווישן מענשן, ס׳זאָל קיין לויז ניט זיין אויף זיין קלייד, טאָמער וועט עמיצער געשטרויכלט ווערן דורך דעם[22].

דערווייטער זיך פון גרויסהאַלטן ··· און באַהעפט זיך אין עניוות; האַלט זיך פאַר נישט און מאַך זיך קליין אין אַלצדינגג, וואָס דו קאָנסט, אַשטייגער, זאָלסט זיך שטעלן דער לעצטער סיי געשריבן, סיי אויסנווייניג, זאָלסט זאָגן: יענער און איך, ניט זאָלסט זאָגן: איך און יענער[23].

זיצסטו ביי יענעם, און ער האָט אַ שפּיי געטאָן, אָדער האָט געטאָן אַן אַנדער מיאוסע זאַך פאַר דיר אין די אויגן, איז פאַרמאַך געשווינד דיינע אויגן אין איין אויגנבליק, דו זאָלסט ניט זעהן. אויב ער איז דיר מיאוס געוואָרן, זיי אים מוחל, און זאָל ער ניט געשטרויכלט ווערן אין דיר. היט דו זיך אויך, זאָלסט ניט נמאס ווערן יענעם מיט קיין זאַך, למשל, מיט דער־הרגענען אַ לויז[24].

זעהסטו, יענער האַלט ביי עפּעס קויפן, אַשטייגער, אַ הויז, אָדער אַ ספר, אָדער אַ צירונג, אָדער אַפילו פּרוכטן, זאָלסטו דאָס ניט קויפן ביז דו וועסט ניט וויסן זיכער, אַז יענער האָט זיך שוין אויסגעטאָן פון דער זאַך גאָר און גאָר, אָדער אַפילו ווען יענער האַלט ביי דינגגען אַ הויז, אַ מלמד, אָדער וואָס סאיז, וואָרום אַז יענער טוט עפּיס, און דער אַנדער נעמט עס צו, הייסט ער אַ רשע[25].

היט זיך זעהר, זאלסט ניט שפעטן, ליצנות טרייבן און זינדיגן קעגן יענעם, ווער ער איז [26]. האסטו געזינדיגט קעגן איינעם, איז אייל זיך אים איבער־בעטן. לערן אפּ פון דער שוועל, וואס ווערט געטרעטן מיט די פיס און בלייבט דאך אייביג, אפילו ווען דאס הויז פאלט איין. מיט גאר דיין כוח אנטלויף פון האפערדיגקייט און לויף נאך נידעריגקייט, אשטייגער, זאלסט ניט אנגורטן קיין שווערד סיידן ס׳איז דיר שטארק נויטיג. איך האב געהערט פון מיין פעטער ר׳ אליקום הכהן זאל לעבן: ס׳שטייט ישראל נושע בה׳ מגן עזרך, דער טייטש איז אזוי: ה׳ מגן עזרך, גאט איז דיין באשיצער און הילף, ואתה נושע בו, און דו ווערסט דורך אים געהאלפן אזוי, אהן גאר ניט, דו דארפסט ניט קיין כלי־זיין, ואשר חרב גאותך — דאס הייסט: און אויב דו ווילסט דאך אנגורטן א שווערד — איז דאס א גאוה־זאך פון דיר [27].

היט דיין צונג פון צו ריידן אויף יענעם אפילו א זאך, וואס איז ענליך אויף לשון־הרע, וואס דו ווערסט ניט ריידן פאר יענעם אין די אויגן, אפילו איין חדר אין אנדערן חדר זאלסטו אזוינס פארן מויל ניט ברייינגען, ווארום דער פויגל אין הימל וועט אפטראגן דיין שטים צו אים אין אויער, אפילו ווען דו ווייסט זיכער, אז צו יענעם וועט דאס ניט קומען, פונדעסטוועגן איז דא א חלול השם, ווארום יענער, וואס דו רעדסט מיט אים, וועט דיך חושד זיין און וועט ביי זיך נאכקלערן: אזוי ווי ער רעדט פאר מיר אויף אנדערע, אזוי רעדט ער פאר אנדערע אויף מיר, הייסט דאס, אז גאטס נאמען ווערט פארשוועכט איבער דיר און דו נעמסט אויף זיך א גרויסע זינד [28].

שטארק זיך שטענדיג, קיין זאך זאל דיר ניט שטערן, א טאג זאל פאר־בייגיין, וואס דו זאלסט גאר ניט לערנען, באטראכט זיך נאר, ווען ס׳זאל ביי דיר ביינאכט א ליכט ברענען און דו זאלסט קיין נוץ האבן, וואלסטו זיך מצער געווען און געהיט, אבל שכן, אז דו דארפסט היטן דעם טאג, וואס דאס איז גאטס ליכט, ער זאל ניט ברענען און לייכטן אומזיסט. ווארום מה דאך אפילו יענעמס גוטס האבן די חכמים געזאגט, ס׳זאל ביי דיר אזוי אפגעהיט זיין, אזוי ווי דיינס, היינט אבל שכן שוין דאס גוטס, פון דיין האר, פון הקב״ה מלך מלכי המלכים.

לערנסטו תורה פאר דיין רבין, און ס׳קומען נייע מענשן, איז שטעל ניט קיין קשיות צו באווייזן חריפות. א סך עבירות שטעקן דא: גנבענען די דעה, פארשעמען יענעם און יאגן זיך נאך כבוד און גאוה.

היט זיך זאלסט ניט זאגן, איך וועל דורכגיין אזויפיל און אזויפיל הלכות, איך וועל דורכגיין אזא און אזא פרשה, איידער איך וועל שלאפן גיין, גע־וויין זיך צו זאגן: „בלי נדר״. רעדט ניט ביי קיין אפענעם ספר קיין פוסטע רייד און שלאף ניט אויף קיין ספר, ראשית, מאכסטו פון אים א קישן און א מצוה איז ניט דערויף געגעבן הנאה צו האבן פון איר, און ווידער דו קאנסט נאך סלונען אויף דעם ספר, האסטו קיין גרעסרן בזיון ניט.

היט זיך רייך צו זיין פון דעם, וואס שמעקט אפילו פון דערווייטנס

מיט אן עבירה, אשטייגער, זאלסט זיך ניט פארמעסטן מיט יענעם אויף קיין זאך, אויף אונזער לשון הייסט דאס ווייט״ן (וועטן זיך). היט זיך פון דעם שכּור פון צינזן, זאלסט ניט געבן קיין געלט[29] אויף א צייט און עסן אומ־זיסט ... האסטו עפּעס געליהען ביי יענעם און ווילסט אים געבן מער, ווי ער האט דיר געליהען, איז גיב אים דאס איבעריגע, ווי א מתּנה. שפּיל ניט אין ביינער אויף קיין זאך, גרויס אדער קליין, ווארום ס׳איז גאטס אומווער־דיגקייט אלע, וואס טוען אזוינס.

דיין הארץ זאל גאנץ זיין מיט גאט דיין האר, זאלסט זיך היטן פאר זינדיגע מחשבות. געוויין זיך, זאלסט ניט קוקן אויף קיין שום נקבה, סיי א שיינע, סיי א מאוסע, סיי א באמאנטע, סיי א יידיגע, סיי א גרויסע, סיי א קליינע, סיי א אידישע, סיי א גוי׳אישע. און אויב דו ביסט נאך יונג און דו שעמסט זיך דערוויטערן זיך גאר פון צוזעהן נקבות, מ׳זאל ניט לאכן פון דיר, איז געוויין זיך, ווען דו רעדסט מיט א פרוי, זאלסט א קוק טון אויף איר איין קוק אויף איין רגע מיט האלבע אויגן, און לאז באלד אראפּ די אויגן נידער. וועסטו זיך היטן אזוי צו טון, איז וועסטו שוין מער ניט קומען צו קיין פרעמדע מחשבות. און אויב דו וועסט פונדעסטוועגן האבן אזוינע מחשבות, זאלסטו זיך באדיינקען, אז דו ביסט שטויב און שטויב וועסטו צוריק ווערן און אלצדינג איז אייטל נארישקייט[30].

ווייס דעם גאט פון דיינע עלטערן און דין אים מיט אלע דקדוקים, וואס דו קאנסט דערלאנגען אפילו, ווען דיר שטייט פיר אנצוווערן געלט. אשטייגער, האט דיר א גוי עפּעס געטרויט און האט פארגעסן, אדער ער האט דיר עפּעס פארקויפט און האט פארגעסן געלט נעמען, זאלסטו ניט אויפהערן צו דערמאנען אים און באצאלן, אדער טאמער האסטו זיין א משכון, זאלסטו אים ניט אנרעכענען מער וואכן, ס׳זאל אויסקומען מער צייט, גרעסער מאכן די צינזן. טו אים ניט קיין שום פאלשקייט און נארערייי, דאס איז ערגער פאר עסן חזיר, ווארום ביי חזיר איז פאראן איין לאו (מ׳טאר ניט), און דא איז א סך לאו׳ן, אשטייגער, ס׳שטייט: איר זאלט ניט פארשוועכן מיין הייליגן נאמען, און איך וועל געהייליגט ווערן אין די קינדער ישראל; א כּל שכּן שוין זאלסט דעם גוי ניט גנבענען און ניט גזלענען קיין זאך. האט דיר א גוי גענאד באוויזן אדער א טובה געטאן, איז אייל זיך באצאל אים זיין שכר אויף דער וועלט, ווארום טוסטו דאס ניט, וועט אים גאט באצאלן און דיר וועט דיין שכר געמינערט ווערן[31].

בעט גאט שטענדיג, ער זאל דיר צושיקן ווערדיגע ארעמעלייט[32].

זאלסט תּמיד העלפן אזוינע, וואס טוען מצוות, צו מזכּה זיין דעם כּלל, געוויינען זיי צו ציצית און תּפילין. פלייס זיך אליין שרייבן מזוזות און באפעסטיגן זיי אויף אידישע טירן, און שרייבן אלף־בּיתן פאר קליינע קינדער און זיי אויסלערנען שמע ישראל און פרומע זאכן, לייג זיך איין, מ׳זאל צו־נעמען מלמדים און סופרים, מ׳זאל איבערזעהן ספרים, אנדערע זאלן צו קיין טעות

ניט קומען. אלץ וואס דו קאנסט טון פון גאטס נאמען וועגן מיט גאר דיין כוח און גוף, זאלסטו טון; זאלסט תמיד נאכקוקן די טליתים אין שול, טאמער איז א ציצי פסול געווארן; זאלסטו באלד איינמאכן א נייע, נאר שטילערהייט, קיינער זאל ניט וויסן; קיינער זאל ניט זיין אין גאטס־הויז, ווען דו נעמסט איבערקוקן די ציצית. אלע דיינע מעשים זאלן זיין פארבארגן און פון גאטס־נאמען וועגן. דערויף זאל יעדער פרומער גאט בעטן, זיינע גוטע מעשים זאלן ניט אנט־פלעקט ווערן פאר לייטן, זיין זכות זאל איבער דעם ניט געמינערט ווערן.

טרעפט זיך אין שטאט ביי דיר גוישע שפילן, אשטייגער, "מורלאנגא" און "מורני" (פעכטן און טורנירן), איז היט זיך זאלסט זיי ניט צוזעהן[33], דאס אייגענע אויך זייערע טענץ[34] אדער אנדערע שמחות, דעמאלט וועסטו זוכה זיין צו זעהן די שמחה פונם לויתן מיטן שור הבר. און הערסטו די שטים פון דעם המון גויים פייערן און פלייט שפילן און פרייען זיך, זאלסטו זיפצן אויף חרבן ירושלים און זאלסט גאט בעטן, ס'זאל ווידער אויפגעריכט ווערן.

היט זיך, זאלסט קיין ליגן ניט זאגן אפילו אויף קאטאוועס, ווארום די שווערסטע זינד, אשטייגער, רציחה, נאוף, חזיר־עסן שטייט ביי זיי נאר איין לאו (מ'טאר ניט), אבער אויף ליגן זאגן ווערט געווארנט אין דער תורה, אין נביאים און אין כתובים. איך האב געהערט דערציילן: א מעשה מיט איי־נעם, וואס ער האט אלע זיינע יארן געטאן א סך עבירות, לסוף האט ער זיך געווענדט צו גאט, האט חרטה געקריגן און געוואלט תשובה טון. קומט ער צו איינעם א חכם און זאגט צו אים: רבי, איך, דיין קנעכט, האב קיין פארכט ניט געהאט פאר גאט פון קינדווייז אן און האב ניט מקיים געווען אפילו קיין איין מצוה. און איצט אלע מצוות האלטן קאן איך ניט, גיב מיר איין מצוה, וועל איך זי האלטן. זאגט צו אים דער חכם: היט זיך, זאלסט קיין ליגן ניט זאגן, פון דיין מויל זאל קיין ליגן ניט ארויס, וועט מען דיר דיינע זינד מוחל זיין. גייט ער אפ א שטרעקע, קוקט זיך אום, זעהט, קיינער איז ניטא, וויל ער גיין צו זונות, ווארום אזוי איז ער געוויינט געווען. טראכט ער זיך דער זינדיגער, איך וויל דאך האלטן דעם חכמ'ס פארזאג, איך זאל קיין ליגן ניט זאגן, און אויב דער עולם וועט מיך פרעגן: וואס טוסטו דא, וועמען האסטו דארט, אדער וואס האב איך דארט געטאן אין הויז, וועל איך מוזן אויס־טראכטן א ליגן, אז איך האב דארט ניט געטאן גארנישט, דעריבער דארף איך דאס ניט טון. אזוי איז געווען מיט אנדער עברות אויך, ביז ער האט פאסירט זיין נארישקייטן און שלעכטע מעשים און איז געווארן שטארק פרום, ס'האט גאר קיין שעור ניט...

וויפיל שיין און ליב איז אריינקוקן שטענדיג אין וואס צו דער צייט איז, אלע וואך א פרשה חומש, דאס אייגענע אויך מחזור, סליחות, יוצרות, פיוט, קינות, פרקי, הושענות, זכרונות[35], די אגדה פון פסח און מערבים, און זאלסט זיך ניט פוילן ביי קיין זאך איבערהזרן און לערנען. אין שול זאלסטו ניט זאגן קיין זאך אין דער הייך פריהער פאר דעם חזן, לייטן זאלן הערן און

וויסן, אז די קענסט און ביסט געניט[36]. אזוי ווי יענע אומלייט, וואס זיצן און רייסן זיך די העלזער, שרייען פריהער פאר דעם חזן, ווען ער זאגט פיוט אדער סליחות, ווער שמועסט שוין געשריפטזאכן, אשטייגער, די פרשה און די הפטרה, זאלסט פארמיידן צו טון צוויי שלעכטיגקייטן: איינמאל, ווייל זיי זיינען געשריבן, טאר מען זיי ניט זאגן אויף אויסנווייניג, און ווידער ביסטו ניט יוצא מיטן חזן, ווייל דו הערסט אים ניט צו[37].

א סך רייכער אין אינהאלט, איידער דער „ספר חסידים קטן" איז דער „זיטנבוך" (ספר מידות), וואס איז דא פיל מאל דערמאנט געווען. דאס איז א אידיש־דייטשע איבערזעצונג, אדער ריכטיגער געזאגט, א באארבעטונג *) פון א העברעאישן מוסר ספר „אורחות צדקים"[38]. אונז איז געבליבן אומבאקאנט הן דער מחבר, הן דער איבערזעצער פון דעם ספר. היות ווי אין בוך ווערט דערמאנט די אידן־פארטרייבונג פון פראנקרייך, האט ער געמוזט געשריבן ווערן נאך דעם יאר 1395. מיר האבן שוין פריהער געהאט דערמאנט[39], אז דער מחבר רימט זעהר די ארט לערנען אין פראנקרייך און איז אומצופרידן מיט דעם לערנען ביי אים אין דער היים, ווייזט אבער ניט אן וואו. דארף מען פארשטיין, אז ער מיינט דייטשלאנד. פאר אזא השערה איז פאראן גענוג גרינדן, ווארום וואלט ער געווען א איטאליענער, ווי מ׳קאן נאך מיינען, וואלט ער ניט פארשוויגן, אז ער מיינט דייטשלאנד[40], און וואלט אויך ניט פארהוילט זיין נאמען, בעת אונזער מחבר פארשווייגט דאס, און ווי ס׳זעהט אויס, מיט א כיון. ער האט געהאט גענוג גרינדן אזוי צו טון, ווען מ׳דערמאנט זיך, אז ער ווארפט אויס זיינע לאנדסלייט, ניט בלויז זיי פארטומלען זיך מיט שווינדל־פלפול,

*) צי איז דער אידישער „זיטנבוך" (ספר מדות) א איבערזעצונג אדער א באארבעטונג פון דעם העברעאישן „ארחות צדיקים", — אדער אן אריגינאל ווערק — דאס בלייבט נאך ניט פעסטגעשטעלט. קיין איבערזעצונג איז דאס געוויס ניט, גענוג צו פארגלייכן די טעקסטן אין אידיש און אין העברעאיש, אום צו זעהן, אז למשל, אין אידישן טעקסט זיינען פאראן שטעלן, װאס זיינען אין העברעאישן ניט פאראן (למשל, אין שער כ״ז: שער התורה) און פארקערט, אדער אנדערש קאמפאנירט (אין דער ערשטער אידישער אויכגאבע פעלט דער „שער יראת שמים" גאר), כאטש דער גרונדטעקסט איז אין בײדע דערזעלבער. פערלעס באווייזן, אז דאס איז אן איבער־זעצונג, זיינען ניט איבערציינגנד (זעה Perles, Beiträge zur Gesch. der Hebr. u. Aram. Studien ז. 173 א. וו.). א פאקט איז, אז דער „ספר מדות" אין אידיש איז צום ערשטן מאל געדרוקט געווארן דאס יאר ש״ב (1542 — אין יעסני) און דער „ארחות צדיקים" אויף העברעאיש — דאס יאר 1580, ד. ה., כמעט 40 יאר שפעטער פאר דעם פארשטארבענעם א. שולמאן איז דאס דער זיכערסטער באווייז, אז דער „ספר מדות" איז אן אריגינאל־ווערק (זעה זיין: שפת יהודית־אשכנזית וספרותה, ריגא תרע״ג ז. 86—87 באמערקונג ו׳). דאס איז שוין אבער גאר קיין באווייז ניט, ווארום דער „ספר מדות" (אויף העברעאיש) אלס כתב־יד ווערט שוין דערמאנט און ציטירט פריהער (למשל, אין כפר „ראשית הכמה" פון ר׳ אליהו בר׳ משה ודיאש, ווענעציע של״ט — 1579). די פראגע בלייבט נאך דערוויל אָפן ביז א נייער אויספארשונג. יעדנפאלס, איז דער אידישער „ספר מדות" א סך אינטימער, געמיטליכער, איידער דער העברעאישער ברודער זיינער, אויסנעמיטן די גרויסע לומדות און דקדוקי מצוות, דערפאר נאהענטער צום לעבנס־שטיינער, פארווירצט מיט מעשיות און לעבנס־בילדער. נ. ש.

נאר זיי פארנאכלעסיגן נאך תנ״ך־לערנען און אפילו יעדע וויסנשאפט בכלל [41]. באמת איז ער גערעכט. די פירושים אויף תורה, וואס זיינען אונז געבליבן פון דייטשע רבנים יענע צייט [42], באווייזן מיט זייער נישטיגן אינהאלט און פארנעם, אז מ׳האט תנ״ך ניט געלערנט גרינדליך, פון וויסנשאפטן ווידער זיינען אידן געווען פונקט אזוי ווייט, אזוי ווי זייערע שכנים קריסטן [43]. ביי אזא לאגע האט בעסער געלוינט צו פארהוילן זיין נאמען אזוינעם, וואס האט זיך איינגעשטעלט דאס אלץ אויפצודעקן און שארף קריטיקירן, ווידער איז אפשר אזא קריטיק גופא מסוגל אויפצודעקן דעם שלייער, וואס דער מחבר האט אראפגעלאזט אויף זיין נאמען, דער איינציגער דייטשער רבי, וואס האט זיך יענע צייט ערנסט אפגעגעבן מיט תנ״ך, וואס האט פארשטאנען לאטיין און איז בערך געווען אנגעלייענט אין דער קירכן־ליטעראטור, וואס האט אויך גוט געקאנט די אידיש־פילאזאפישע ליטעראטור און האט געקאנט שרייבן רעכט העברעאיש — דאס איז ליפמאן מילהויזן [44]. דעריבער דארף מען מיינען, אז דער „אורחות־צדיקים" איז זיין ארבעט. די צייט ווען דער ספר איז געשריבן געווארן, דער אינהאלט, די מאניר שרייבן — באשטעטיגן אזא השערה, איבעריגנס איז דאס ניט מער ווי א השערה.

דער אומבאקאנטער איבערזעצער האט, זעהט אויס, אליין צוגעגרייט זיין ארבעט צו דער דרוק אין איזנא (יעסני) דאס יאר 1542 [45]. די שפראך פון דער איבערזעצונג איז די אויבערדייטשע און אונטערשיידט זיך כלל ניט *) פון קריסטליכע שריפטן אויף דעמזעלבן דיאלעקט יענע צייט, אין דעם אויסלייגן אויך ניט [46]. ס׳איז קיין ספק ניט, אז דייטשע אידן האבן שוין פון לאנג אן געשריבן דייטש מיט העברעאישע אותיות. אזוינע ווערטער געפינט מען שוין ביי רש״ין, וואס האט שוין געוויס געהאט פאר זיך א ארטאגראפיע. מיר האבן שוין געבראכט, אז מהרי״ל דערמאנט תפלות אויף אידיש־דייטש. דער ארויסגעבער פון א זעלטענעם סדור אויף אידיש־דייטש, געדרוקט אין איקעלזאם דאס יאר 1544, האט געהאט פאר זיך א סך עלטערע דרוקן [47].

דאס אויסלייגן אין דעם „זיטנבוך", וואס מיר טרעפן דאס אין אלע אידיש־דייטשע שריפטן יענע צייט, באווייזט, אז דער שרייבער האט אויסגעצייכנט געקענט די עלטערע דייטשע שריפט און שפראך, דאס אויסלייגן שטייט אויף דער גארער הייך פון דער דייטשער ארטאגראפיע, אפילו העכער אויך, ווארום די דייטשע ארטאגראפיע איז זייט דעם 14־טן יארהונדערט שטארק פארווילדט געווארן, זי האט אנגעווארן אירע פעסטע כללים. דער איבערזעצער באשרייבט די כללים פון זיין אויסלייגן (צום סוף בוך), ער קאן

*) דאס שטימט מיט ד״ר נידעמאנס טענדעניץ, ס׳איז אבער נענוג זיך צוקוקן, וויפיל העברעאישע ווערטער און ווענדונגען אין דער „איבערזעצונג" איז פאראן אום איינצוזעהן, אז זאגן: די שפראך אונטערשיידט זיך כלל ניט פון קריסטליכע שריפטן, — איז שטארק ריזיקאליש. זעה מיין באמערקונג צו ז. 16. נ. ש.

זיי אבער ניט דערקלערן, דעריבער איז ער ניט גאר זיכער ביים שרייבן און וואקלט זיך אפט *).

איך האב געבראכט, וואו איך האב געקאנט, פאראלעלן פון קריסטליכע שריפטן פון יענער צייט, אזוי ווי ביים „ספר חסידים קטן".

## II

## פון דעם „זיטנבוך" (ספר מדות)

### פון דעם קאפיטל 14: „שער הקנאה"[48]

איין מול [מאל] גינג איין מלך אם וועגי דא [דאַ] ביגעגנטן אים צווען [צוויי] מאנן, דיא באטן [באַטען = האבן געבעטן] דען מלך ער זולט אינן עצווש [עצוואַס = עפּעס] געבן. אונ׳ דער מלך קענט זיא בייד וואול. דש [דאַס] דער איין וואר איין גרושר [גראסער] ניידר [ניידער = בעל־מקנא] דער אויף אידרמן [אידערמאן = יעדער] קנאה הט [האט] אונ׳ אל מול גערן העט וואש אנדר לוייט [ = אנדערע לייט] האבן. זו וואר דער איין איין חמדן, דש איז איין אנדרש דען קנאה [דאס איז אן אנדער זאך איידער קנאה]. דש איז דש איין גילושט [געלוסט] ויל [פיל] צו האבן, אונ׳ דאך נימנט [נימאנט = קיינעם] מקנא איז, נוייארט [נייערט] אין גילושט אויך צו האבן, דא זיא נון דען מלך האטן גיבעטן עצווש צו געבן, דא שפראך דער מלך צו אינן זו היישט

*) ד"ר גידעמאן דערקלערט ווייטער, ווי אזוי ער האט טראנסקריבירט (איבערגעטראגן) דעם אידיש־דייטשן טעקסט פון דעם זיטנבוך אויף דעם דייטשן א׳ ב׳. פאר דעם אידיש־לעזער, וואס האט פאר זיך ניט דעם דייטשן טעקסט, איז דאס ניט אינטערעסאנט. געטאָן האט ער עס געווים, ווי א פאכמאן, מיט גרויס פארשטאנד פאר דעם אלטן אידישן אויסלייגן. חיכטיגער איז, דער לעזער זאל וויסן, ווי אזוי איך האב דאס געטאָן פארקערט, דאס הייסט, ווי אזוי איך האב דאס פון דעם דייטשן צוריק איבערגעטראגן אויפן אידישן א׳ ב׳ (דעם אָריגינאל־טעקסט פון דעם „ספר מדות" האב איך ליידער ניט געהאט פאר די אויגן). ראשית, איז מיר דא ביימעשטאנען שטיינשניידערס וויסנשאפטליכע טראנסקריפּציע גופא, צווייטנס — א גענויע באקאנטשאפט מיט די כללים פון דעם אלטן אידישן אויסלייגן און מיט אלטע אידישע ספרים. אין א נויטפאל האב איך מיך, למשל, צוגעקוקט צו דעם אויסלייגן אין „יוסיפון", די ערשטע אויסגאבע, ציוריך 1546, וואס האלט זיך בדרך כלל ביי דעם אויסלייגן פון „ספר מדות" (אפילו די כללים פון אידיש־אויסלייגן, וואס שטייען צום סוף „ספר מדות", זיינען דא אויך פאראן און גענוי דיזעלבע). און דאך האב איך ניט די פולע זיכערקייט, אז איך האב אלצדינג איבערגעגעבן ריכטיג. די שוועריגקייט נעמט זיך דערפון, וואס, למשל, פאר דעם דייטשן „e" איז אין אידיש געווען „י" און „ע", פאר דעם „o" — „א" און „ו" וכדומה אזוינע זאכן, אזוי אז ניט שטענדיג בין איך זיכער, צי האב איך ריכטיג געטראפן, בפרט, אז אין אריגינאל גופא, ווי אין אנדערע אלטע אידישע טעקסטן, איז דאס אויסלייגן ניט שטענדיג אויסגעהאלטן. ווען איך גיב איבער פון דער דייטשער טראנסקריפציע דעם „e" און דעם „o", למשל, שוין די ערשטע צוויי ווערטער „Ain mol" שרייב איך: „איין מול", נאר ס׳קאן זיין, „איין מאל" אויך. ד"ר גידעמאן דאָפּלט איינינע אותיות, שרייבט למשל „hattn", איך גיב דאס איבער „האטן" מיט איין ט׳, ווייל בדרך כלל האט מען אין אידיש ניט געדאפּלט קיין אותיות. אין אידיש, למשל, האט מען א סך מאל ארויסגעלאזט דעם פתח אלף, מ׳האט געשריבן, למשל, „דש" (dass), „הטן" (hattn), זעה „יוסיפון", ציוריך 1546, דף ע"ב[1] און אין אנדערע ערטער. ד"ר גידעמאן האט אבער ניט שטענדיג דורכגעלאזט דעם „a",

[בעט] מיר אוייער [אייער] איינר אונטר איוך [אייך] צווייאן אן חאש איך אים געבן זול· אונ׳ וועלכר אן האיישט זו חיל איך דען אנדרן נאך אלש ויל געבן· דא וואלט דער חמדן ניט בור היישן [פאר היישען = פריהער בעטן] דען אין גילווישט [gelüst] צוויי טייל צו האבן· דא וואלט דער ניידר אויך ניט בור היישן דען ער הט קנאה אויף זיין חבר דש אים צוויי טאייל זולטן ווערדן ווען ער בור [פאר] העט גיהיישן· צום לעצטן צוואנג דער חמדן דעם קנאי דש דער קנאי בור מושט [מוסט] היישן· דא היש [האט געבעטן דער קנאי דש מן [מאַן] אים זולט איין אויג אויש שטעכן אויש זיינם הויבט· אין דר ווארטן [דער ווארטען = כּדי] [49] דש מן דעם חמדן זולט צוויי אויש שטעכן· דש מאכט דיא גרושי קנאה דש ער יענן מקנא וואר דש אים נאך אלזו [50] ויל זולט ווערדן אז אים· דא היש ער זיין אייגנן שאדן דש ער אן איינם־אויג בלינט וואר אין דר ווארטן דש זיין חבר אן צוויין אויגן בלינט זולט ווערן: אונ׳ מן קאן ניט אלש דר שרייבן [דערשרייבן] וואש בויזי [שלעכטס = böse] אונ׳ אונגליק בון [פאן = פון] ניידי [ניידע = קנאה] קומט: איינם קנאי שמעקט זיין עשן ניט וואולי איין רעכטר קנאי הוט נוימר [nümer = קיינמאל] גלויק דען ער הוט נייד אויף וואש ניט זיין איז· זו וירט אין דש זיין אויך ניט גילויסטן דען ער לוזט זיך ניט בינויגן [benügen = באגניגן] אן דעם זיינן· אונ׳ בון קנאה קומט דש איינר קריגט מיט דען לוייטן [51]· דער נייד איז דעם לייבא [לייב] איין בויזי קראנקהייט [52] אונ׳ ער הוט קיין רוא [רוה] [53]· אונ׳ איין מול זייט [זייט = זאגט׳ אדער האט געזאגט] איין חכם צו זיינם זון· ליבר זון זיי נימנט מקנא· ווען דו דיין חבר מקנא ביסט זו ביסטו בול [פאָל = פול] לאיידא [לייד] אונ׳ זארג אונ׳ דיר אישט ווי [ווע = וויי]

---

ניכר צוליב דעם, ס׳זאל גרינגער לייענען דעם טעקסט אויף דייטש. אין אזוינע פאלן האב איך געשריבן לויט דעם „יוסיפון" און לויט מיין געפיל פאר דער אלטער אידישער שפראך. פארשטייט זיך, אז דערביי האב איך אומגערן געקאנט מאכן פעלער אויך, בדרך כלל אבער, מיין איך, אז איך האב קאָרעקט איבערגעגעבן דאס אלטע אידישע אויסלייגן. אין קלאמערן [ ] גיב איך איבער דאס ווארט, ווי מיר וואלטן דאס היינט געשריבן, און דעם טייטש פון די פארעלטערטע ווערטער.

נאך א פאר ווערטער וועגן א וויכטיגער זאך: נידעמאנס בוך האט שוין לאנג א העבראישע איבערזעצונג: „התורה והחיים... העתקת א״ש פרידבערג׳, ווארשע 1899, 8°. דער פארשטארבענער פרידבערג איז געווען, איידל גערעדט, נאך שטריינגער צו אידיש, איידער ד״ר נידעמאן, ער האט אפגעטאָן אזא זאך: אנשטאט דעם אידישן „זיטנבוך" (ספר מדות), וואס ד״ר נידעמאן ברייננט פון אים אויסצוגן, גיט ער אויסצוגן פון דעם העבראישן „ארחות צדיקים". נאך מיין קורצער באמערקונג אויף ז. 146 איז שוין דעם לעזער קלאר, אז דער אידישער און דער העבראישער טעקסט איז ניט שטענדיג איינס און דאסזעלבע, דאס קאן מען זעהן באשיינפערליך פון דעם אידישן טעקסט ביי ד״ר נידעמאן און ביי מיר און פון דעם העבראישן, וואס פרידבערג האט זיך נעפרובט צוזוכן, ער זאל מער וויניגער פאסן פאר דעם אידישן. די ארבעט איז אים ניט געראטן; און אנדערש האט דאס ניט געקאנט זיין אויך: ס׳איז אפט גאר פארשיידענע טעקסטן, אנדערש איבערגעגעבן אפילו דאס איינענע — איז כמעט אומעטום. איך רייד שוין ניט דערפון, וואס ביי פרידבערגן איז פארלארן געגאנגען א שטיק אידיש־שטודיע. אויף העברעאיש הייסט עס: השנאה מקלקלת את השורה...
נ. ש.

אונ׳ דיין חבר׳ דען דו מקנא ביסט דער ורייאט [פרייעט = פרייט] זיך עש ווען עש דיר חי טוט אונ׳ דו דיך דרום בילײדיגשט· אונ׳ עש [איז] אזו אז דש שפריכ־ הארם גיט [געט = גייט]· אל מול מוש דו מיך ניידן אונ׳ ניט דר בארמן·

## פון קאפיטל 5 „די ליבשאפט״ [שער האהבה][54])

דיא ערשט ליבשאפט איז דש איינר זיין קינדר צו ליבא הוט אונ׳ גישטאט אין [זיי] אירן מוטוויל דש ער זיא ניט רעכט ציכט [דערציהט] אונ׳ שטרופט זיא ניט דא קומט גרושר שאדן בון [דא בון = דערפון]· ער זאל זיא ציהן אונ׳ גיווינן [געווינען] צו אונזרש ליבן הערן גאטש דינסט אונ׳ ווען איינר שטערבן זול זו זול ער זיינן קינדרן גיביטן דש זיא גאט יתברך דינן זולן נוך זיינם טוט· דען איינר זול מער זארג האבן בור זיינר קינדר נשמה דען [איידער] בור אירן לייבא אונ זול זיא ניכט צו ליבא האבן דאש ער אינן וואלט גישטאטן בויז אונ׳ אונרעכט צו טון[55])·

דיא אנדר ליבשאפט דיא ער הט צו זיינם געלט דיא זול ער אזו אנלעגן ער זול זיין געלט דרום ליבא האבן דש ער געלט הוט ווען ער עש בידארף אונ׳ דש ער נימנט דארף ביטן אדער צו בויש [פיס] ואלן [פאלן] אום געלט אונ׳ דש ער ניט אנדר לוייט געלט זול גילוסטן אדר [אדער] שטעלן [גנבענען] אדר רויבן דארף אונ׳ דש ער נימנט דארף אום געלט אונרעכט טון· אונ׳ ער זול זיך אויף ריכטיג [אויפריכטיג] אונ׳ רעדליך [ערליך] מיט זיינם געלט מחיה זיין· אונ׳ ער זול דען עניים צדקה געבן דאש ער ניט דארף צדקה מקבל זיין· ער זול אבער אום געלט נימנט אונרעכט טון און זול ורוימדר [vrömder] געלט ניט ליבא הון [האן = האבן] זונדר וואש זיין איז אונ׳ וואש אים גאט בישערט הוט· דא מיט זול ער זיך פרייאן אונ׳ ליבא האבן· אונ׳ זול זיך גויטליך [gütlich] מיט דעם זעלבן בינויגן לוזן אונ׳ ער זול ניט הופארטיג [האפערדיג = גאוהדיג] זיין אויף זיין געלט ער זול קויפן אום דש ור גינקליך [פארגענגליך = פארגענגליך] געלט אין דיזר ור גינקליכן וועלט איין איוויג [עוויג = אייביג] לעבן· דש גוימר מער אב ניט [אב געט = גייט ניט אוועק]· אזו זול ער זיין געלט ליבא האבן[56])·

אויך זול איינר זיין חברים ליב האבן אז אין דער הײליגן תורה גישריבן שטיט [שטייט] אונ׳ דו זולסט ליבא האבן דיין גיזעלן אלש דיך זעלברט· אונ׳ ווער מיט אידרמן איינש איז אונ׳ אידרמן ליבא הוט דא בון קומט אים ויל גוטש אין דיזם עולם אונ׳ אין דען עולם הבא· דען ווער מיט אידרמן איינש איז אונ׳ אידרמן ליבא הוט זו הילפט אונ׳ ראט אים אידרמן דש בעשט אויף דיזם עולם· און ווען אים אימנש[57]) [אימאנש = עמיצער] שון וואלט ליידש טון זו הילפט אים אידרמן· אונ׳ ווען אימנט וואלט בויזי בון אים רידן זו רויפן [שעלטן][58]) אונ׳ שרייאן אין דיא לוייט אן אונ׳ ור שעמן [פארשעמען] אין· דש ער שטיל שוויגט אונ׳ ניקש בויזי בון אים ריט [רעדט]· אונ׳ אידרמן קומט אים צו הולף אין אלן זאכן· אונ׳ דש

גוט דש אים דר בון [דאַרפאָן = דערפון] קומט אין עולם הבא דש איז דאש ווער מיט אידרמן איינש איז אונ׳ אידרמן ליבא הט דעם ואלגט [פאלגט] אידרמן נוך [59]· אונ׳ ווען ער דיא לוייט שטרופט זו נעמן זיא עס ור גוט [פאר גוט] אויף אונ׳ מן קירט [קערט] זיך אן זיין שטרוף· אונ׳ ווען ער דיא לוייט האיישט עצוואש גוטש טון זו טון זיא עש אונ׳ ואלגן אים· אבער ווער מיט דען לוייטן און איינש [אונאיינס] איז אונ׳ קריגט מיט אינן דעם איז זיין הערץ ניט מוישיג [müssig = פריי]· זו קאן ער אויך גאט ניט דינן· וויא זול נון איינר צו דער מעלה קומן דש אין אידרמן ליבא הוט [60]· דש וויל איך דיך לערנן· איינר זול אידרמן העלפן אונ׳ רוטן [ראָטן] מיט זיינר חכמה אונ׳ מיט זיינם גוט נוך זיינעם בור מוגן [פאַרמאָגען = פארמעג] אונ׳ צו צייטן געבן אונ׳ שענקן· דר נאך איין זאך איין גישטאלט הוט· אונ׳ זול ניט אום איין קליינש אכטן גיגן [קעגן] דען לוייטן· ער דארף זיין גוט ניט דרום אין דרעק ווערפן· אדער זיך ור דערבן [61]· אום זיין משא ומתן זול מיט אידרמן ווער האפטיג זיין· אונ׳ ער זול דיא לוייט ניט נאייזן [נארן]· אונ׳ ווען מן אין שילט אדער אים אויבל [übel] ריט· זו זול ער נימנט אויבל רידן· אונ׳ ער זול אידרמן גויטליך אן זעהן [62]· אונ׳ ער זול מיט נימנט פוכן [פאָכען = קריגן זיך]· אונ׳ וואו ער איינם זארגן זיכט [זעהט] אדער טרויארן אדער ביטרויבט זו זול ער אין טרויסטן אונ׳ זול אים גוטי ווארט געבן· אונ׳ זאל אידרמן גוטי איר [עהר = כבוד] אנטון מיט ווארטן אונ׳ ווערקן· אונ׳ ניט דרום דאש מן אין לובן אדער אירן [עהרן] זול· דאש זעלביג איז דער גרונט אונ׳ די ווארצל דר בון·

## פון קאפיטל 23 „דיא ווארהייט“ (שער האמת) [63]

וועלכר מענש זיך הויט [היט] אונ׳ קיין שקר זאגט· אונ׳ ריט אייטיל ווארהייט· דער שטירבט ניט אי דען [ע דען = איידער] זיין צייט אויז איז· אונ׳ לעבט לאנגי אונ׳ ווערט בישירמט בור אלים לאיידא· ווער זיין לייבא הוט גיווינט צו שקרים אונ׳ זיך דא מיט ור אונרייניגט הוט· דעם טרוימט אויך שקר אויבר זיין דאנק [= קעגן זיין ווילן]· אבר איינם ווארהאפטיגן מאן דעם טרוימן זייני מאיינשט טראם [= טרוימען] [64] אויך ווארהייט· דרום זולן אל דיין גידאנקן זיין אויף ריד דער ווארהייט [65] אונ׳ קיין שקר צו מאל אפילו טויטן אדער ווינקן זול מן ניט טון מיט שאלקייט [פאלשקייט] אדער מיט שקר· דרום זול מן תורה לערנן דש מן דען אמת ווישן זול אונ׳ זול ניט אויף הופארט לערנן [66]· דש איינר זיין חריפות [67] דיא לוייט וויל זעהן אונ׳ הוירן [= הערן] לושן· אונ׳ מן זול דער ווארהייט ביקענן· עז טרעף אויף וואש עש זיי· אונ׳ איצינד בעונות זו אונזר גלות אזו לאנגי ווערט מער דען צו לאנגי· זו זולן וויר [68] אונש שאיידן בון אלם שקר אונ׳ בון אלר טורהייט [טארהייט = נארישקייט] דיזר וועלט אונ׳ וויר זולן ביגרייפן דען אמת· אויך זול מן מיט קיינם גוי מיט שקר אדער מיט רמאות אום גין [אומגיין] דען עש איז איין חילול השם· דען ווען דיא גויים זעהן דש דיא

יודן מיט שקר אום גין זו גיווינין [געווינען] זיא דיא יודן ויינט [פיינט] אונ׳ שפרעכן אזו אז וואול אז דיא יודן מיט שקר אום גין אונ׳ האנדלן אז וואול איז איר אמונה אויך שקר דא מיט איז מן מחלל השם יתברך ווען מן איינם גוי שקר טוט אונ׳ מן קאן ניט וואול תשובה דארויף טון· דען דער בורא יתברך קאן ניט שקר לאיידן· אדער רמאות צו טרייבן אפילו מיט גויים· ווער אבר מיט וואַרהייט אונ׳ באמונה מיט גויים האנדלט דער הייליגט זיין הייליגן נאמן· אונ׳ דיא גויים [געווינען] אונש דר דורך דאר דורך = דורך דעם] ליבא אונ׳ זיא ווערן ורום [פרום] דר דורך אז דיא גויים ווען זיא זעהן דער יודן גירעכטיקייט דש מן אזו וואַרהאפטיג מיט אינן האנדלט זו זאגן זיא ווּיא ורום זיין זיא אונ׳ וויא איין גוטי אמונה האבן זיא דא מיט איז ער מקדש השם יתברך· דרום זול מן מיט גויים גלייך אז וואול מיט וואַרהייט האנדלן אז מיט יודן אונ׳ מיט קיינם שקר אדער קיינם רמאות·

פון דעם קאפיטל 8 „דיא און דר בארמיקייט“ [שער האכזריות [69])·

אונ׳ ווער איינם חבר געלט גיליהן הוט אודר וואש דש זיי· זו זול ער אין ניט זיר [זער] בילאדן אודר אויבר טרייבן מיט דער ביצאלונג· אויך זול דער שולדנר [70]) ניט וויל בור אים הין גין [הינגיין] בור דעם דער אים גיליהן הוט דען ער דר שריקט ור אים דש ער אין ניט ביצאלן קאן· דען ער הוט יא איש [עס?] ניט צו ביצאלן — דרום הוט אונש גאט גיוואַרנט וויר זולן ניט און דר בארמיג [אומדערבארמיג] זיין·

אויך זול איינר ניט און דר בארמיג זיין אויבר בהמות ער זול זיא ניט אויבר לאדן אדער אויבר טרייבן· אונ׳ זול זיא ניט הונגר לושןליידן· אויך זול איינר זיין קנעכט אונ׳ מייד ניט נויטן [nöten] איין מלאכה צו טון דיא זיא ניט גערן טון· אבער ווען איינר גויים הוט דיא זיין קנעכט זיין זו מאג ער זיא וואול אל זיין ערבייט [ארבעט] טון לאשן וואש ער צו שיקן הוט· אבר דאך איז עש חסידות דש ער אויך רחמנות אויף זיא הוט. אונ׳ זיא ניט צו זיר בישווערט· ער זול זיא אויך ניט מזלזל זיין מיט וואַרטן אודר מיט ווערקן· דען גאט הוט זיא דיר גיענטוורט [געענטווערט = איבער־געגעבן] דיר צו דינן אונ׳ ניט צו שענדן דש דו זיא שעלטן זולסט· אונ׳ ווען ער זיך גיגן דיר וויל ור ענטוורטן [פאַרענטפערן] אום וואש דו אין שטרופסט זו זולשט זיין ענטוורט הוירן אונ׳ זולשט ניט זאגן איך וויל דיר ניט צו הוירן·

די תורה הט גיזאגט דו זולשט ליבא האבן דיינן גזעלן אלש דיך זעלוורט [זעלווערט = זעלבער]· אונ׳ ווען נון איינר איין און דר בארמיגר איז דער קאן זיין גזעלן יוא [יא] ניט ליבא האבן· דען איינר דער און דר בארמיג איז דער הוט נימנטן ליבא· אונ׳ ער איז ניט הולט זעליג [האלט־זעליג = ליב] אין דער לוייט אויגן· אונ׳ דיא תורה האט גזאגט איינר זול זיין חבר גויטליך און ורויינטליך [freuntlich] שטרופן· אבער ווען איינר און דר בארמיג איז· זו קאן ער מיט נימנט גויטליך רידן· דאך איז אויך צו

צייטן גוט דש איינר און דר בארמיג איז· אונזר חכמים זאגן ווען איינר איין אכזר איז אויבר זיין קינדר· זו וינט [פינט = געפינט] מן ביי אים תורה· דש איז געוויש ווער זיך דר בארמט אויבר זיין קינדר מער דען צו ויל· אונ׳ גידענקט אל מול ויא ער זיין קינדרן געלט וויל גיווינן אונ׳ אכט ניט וי אימש הער קומט [ווי אזוי ס׳קומט אים אן] מיט רעכט אודר און רעכט· דען דרום דאש ער זיין קינדר אזו ליבא הוט זו ב׳דענקט ער זיך ניט אל מול רעכט: אויך דיא וויל [ווייל] ער זיך אלזו מויאט [מיהט] טאג אונ׳ נאכט זיינן קינדרן געלט צו גיווינן· זו נימט ער אים ניט דער ווייל [נעמט ער זיך קיין צייט נישט] תורה צו לערנן· דען ער גידענקט ניט וייטר דען ויא ער געלט ויל גיווינן דאש זיין קינדר צו עשן און צו טרינקן הבן·

דוך זול ער איין מיטל מעשיג וועזן אן זיך נעמן· אונ׳ דו גוטר מענש בידענק דיך זעלברט אונ׳ טו בון דיר דיא און דר בארמיקייט· דר בארמי דיך אויבר ארמי אונ׳ ביטרויבטי לוייט· אונ׳ דו זולט אל מול ארמי לוייט ביי דיר האבן אין דיינם הויז גזינדא·

פון דעם קאפיטל 9· ״דיא ורויליכקייט״ [פרעליכקייט] [שער השמחה] [71])

אונ׳ ווער אל צייט ורויליך איז· דער איז אויך אל צייט שון לויטר וריש [פריש] אונ׳ גיזונט· אונ׳ ער וירט ניט באלד אלט גשאפן אונ׳ בלייבט לאנג יונגליך גישטאלט· אונ׳ וועֶר ורויליך איז דער שימפפט [שפאסט] אונ׳ שערצט אונ׳ לאכט· אבער עש איז איין נערישי מדה ווער אל מול אלזו ורויליך איז· דש שטיט איינם וייזן מאן ניט וואול אן [שטיט · · · ניט · · · אן = שטייט · · · נישט · · · אן] דאש ער אל צייט ורויליך זול זיין· אונ׳ ואו מן אל צייט ורויליך איז· דא שימפפט מאן אונ׳ שערצט מן אויך אונ׳ טרייבט קלות ראש דא קאן קיין גאטש בורכט ביי זיין· מכל שכן ווער דא מוישיג גיט אדער שפילט מיט וואורפל אדער וואורפעל [וואָרפעל = ביינער] אדער מיט קארטן דש דיא זעלבן לוייט יוא קיין גאטש בורכט אין אינן [זיך] האבן· דרום זול אידרמן זיין זון שטרופן דש ער ניט ויל שימפפט אדער שפילט [72]. איינר זול זיינן קינדרן קיין רבי דינגן דער גערן שימפפט אודר גערן שפילט [73]. דען עש קומט ויל בויז בון ורויליכקייט·

אונ׳ ווען עש דיינם ויינדא [פיינד] אויבל [שלעכט] גיט זו זולשטו דיך עש ניט ורוייאן [פרייען] דאש איז איין בויזי שמחה ווען זיך איינער ורייאט ווען זיין גזעל שטרויכלט אונ׳ ורייאט זיך וען זיין חברים ניקש קוינן [קענען = können] לערנן· ווער דיא שמחה הוט דער איז ניט גאטש ורויינט דען איין איטליכר גיטרוייאר דינר דער גיהעבט זיך אויבל וען ער זיכט [זעהט] דש אנדרי לוייט זיינם הערן ניט גיטרוייא זיין אונ׳ אים ניט דינן· אונ׳ ווער זיך דר וראייאט [דערפרייט] דאש זיין חברים ניקש קוינן אודר ניט ורום זיין דער הוט קיין גוטן וילן בון גאט· דרום זול איין איטליך ורום מענש ביטן גאט דש גאט איטליכש מענש צום בעשטן קיר [קער] אונ׳ אידרמן זול גאט דינן·

## פון דעם קאפיטל 15 „בון דען ורישן [פרישן] לוייטף״ [שער הזריזות][74]·

איינר קאן ניט אל מול איבר ספרים זיצן· מן מוש אויך עשן אונ׳ טרינקן אונ׳ דר נארונג [דערנארונג = דערנערונג] ווארטן: אונ׳ ווען איינר נון זיין חערק וריש אונ׳ ביהענדא [בעהענד = געשווינד׳ לעבעדיג] טוט דא קומט ער דעשטר אי דר בון [דעסטער ע דארפאָן = אלץ גיכער דערפון· אלץ גיכער ווערט ער פריי פון דער ארבעט) אונ׳ דען ווידר איבר זיין ספרי· ער זול אבר ניט צו ביהענדא זיין דש זיין [דאס זייניגע] ניט צו שאנדן מאכט· דען אל דינג הוט איין מוש *)· ער זול ניט גידענקן דאש יאר איז נוך לאנגי איך וויל נוך וואול לערנן· חער וואייש׳ וואש אים מוכט צו האנדן קומן׳ דאש ער ניט לערנן קוינט· ער זול אויך ניט יעהן [= זאגן] מן ווירט איצונד שולן [= אין שול אריין] גין זול איך ערשט אן היבן [אנהייבן] צו לערנן׳ זו מוש איך דוך גלייך ווידר אויף שטין אונ׳ אין דיא שולן גין· דען עש איז בעשר דש איינר תורה לערנט איין קלייני ווייל ווען [= איידער] אלי דיא תפלה· אבר דוך זול מן קיין תפלה מבטל זיין בון לערנן וועגן מן זול איטליכש טון אין זיינר צייט·

אויך זול מן גיווארנט זיין וואו מלמדים זיין דיא קלייני קינדר לערנן דש מן ניט מיט אינן ריט אין דער שעה און שמועות [= שמועס] מיט אינן מאכט· אונ׳ דש מן זיא ניט מבטל איז בון לערנן· אונ׳ איינר זול אים [= זיך] קיין לאייד צו זיר לושן צו הערצן גין· אונ׳ איינר זול זיין זורגא [זארג] אויש זיינם הערצן שלאגן· ער זול גאט זיין לאיידא ביבעלהן [באפעלן] [75]) דער אים וואול העלפן קאן אונ׳ זול עז ניט ור געשן· אונ׳ זול הופן צו זיינר דר בארמונגא·

אויך זול איינר וריש אונ׳ ביהענדא זיין ספרים צו שרייבן **) אונ׳ צו קויפן דיא ער בידארף· אודר חען ער הוירט איין חידוש [76]) אין דער תורה זו זול ערש אן שרייבן· אונ׳ זול עש ניט ור געשן· אונ׳ אלזו האבן גיזאגט אונזר חכמים [77])· זיי גירינג אז איין אדלר אונ׳ ביהענדא אלש איין הירש· אונ׳ שטארק אז איין ליווא [Lewe] צו טון דען ווילן דיינש ואטרש [פאטערס] אים הימל· אונ׳ זיי וריש אונ׳ ביהערצט אונ׳ בורכט דיך ניט בור דען רשעים אונ׳ גיב ניקש אויף זיא [מאך זיך ניט פון זיי] אונ׳ טרייב אינן ניט חניפות· אונ׳ איינר זול זיין זאך רייניקליך אונ׳ רעכט טון· אונ׳ זול דוך ניט צו גאר ביהענדא זיין· נווייארט מיט חכמה אונ׳ מיט בורזיכטיקייט אונ׳ מיט ור נונפט [פארנונפט]·

---

*) ד״ר נידעמאן פארטייטשט דאָס ווארט „מוש״: Musse, Weile, מיר שיינט, אז דאס מיינט מען: מאָס.

**) ספרים שרייבן, — מיינט מען דא: ספרים קאָפּירן, איבערשרייבן, ס׳גייט אויף דער צייט, ווען קיין דרוק איז נאָך ניט געווען, אדער נעווען א גרויסע זעלטנקייט. נ. ש.

## פון דעם קאפיטל 25 „בון דער בויזן צונגן" [שער לשון־הרע][78]

דש זאגט בון דען [דאס מיינט מען] לוייטן די אנדרן לוייטן אויבל רידן זי טון אין [זיי] רעכט אודר און רעכט זי לושן זיא צו הוירן אודר לושן זיא ניט צו הוירן· אונ׳ איז דיא גרושט עברה דש מן עש ניט דר ציילן קאן· מיט זיינר בויזן צונגן ור דירבט [פארדערבט] איינר אופט איין גאנץ שלעכט [געשלעכט· דור] אונ׳ שילט אלן דענן דיא הר נוך [הערנאך] קומן דרום איז עש אזו איין גרושי זאך· וועו איינש שפריכט און גיבערדא [אנגעפערד = בערך· אשטייגער] איך וואלט גערן בוייאר [veuer] הולן וואו וינדא [פינד] איך עש· אונ׳ איינר ענטוורט [:] אין דיש [דעס] פלוני הויז ור ליזט [פארלאזט] נוימר קיין בוייאר דען מן קוכט אל צייט דינן [דארט] דש הייסט אויך לשון הרע· איינר דער זיינם חבר עצוואש זאגט· זו זול ער עש ניט ווייטר אויש זאגן און [אָן] זיין רשות· דש מיינט און זיין דר לויב· עש וואר איין מעשה איין תלמיד זאגט שמועות אויש דעם לערן חדר[79] דיא דא ווארן גישעהן בור דריי אונ׳ צוואנציג יארן· דא שטישן [שטיסן] אין דיא אנדערן תלמידים אויש דעם חדר און זייטן [זאגטען· האבן געזאגט:] דער זאגט סודות אויש וויר וואלן אין ניט ביי אונש אין חדר האבן·

נאך איז איין גרושי זוינדא [זינד] דש איז רכילות טרייבן· אונ׳ דיא תורה הוט עש בישיידליך [בעשיידליך = דייטליך] ור בוטן [פארבאטן]· אונ׳ רכילות הייסט אויף טוייטש ור מוישונג [פארמישונג] דש מיינט דז מן די לוייט אונטר אנגדר ור מוישט·

## פון דעם קאפיטל 27 „בון תורה לערנן" [שער התורה][80]·

די קרון בון דער תורה מג [מאַג] אידרמן וואול ווערדן· דען זיא איז אידרמן דר לויבט ווער זיא וויל לערנן· אונ׳ קיין קרון מאג מן גלייכן צו דער קרון דער תורה· אונ׳ ווער זיך ולייסט [פלייסט] תורה צו לערנן דער זול גיט גידענקן איך וויל תורה אונ׳ רייכטום ביי אננדר האבן[81] דען אזו איז דער זיטן ווער תורה לערנן וויל· ברוט זולשטו מיט זאלץ עשן אונ׳ וואשר זולשטו מיט דער מאש טרינקן אונ׳ אויף דען ערדן זולשטו שלאפן אונ׳ דו זולשט מיט צער זיין אונ׳ אין דער תורה זולשטו ערבייטן [אר-בעטן][82]· אונ׳ ווער רעכט וויל לערנן דער מוש אל צייט דיטורנן [דערטורנען = איבערחזר׳ן] וואש ער לערנט· אונ׳ טורנן איז איין וועלש [איטאליעניש]ווארט[83] און הייסט אומקערן· אונ׳ ווער בטל גיט און תורה לערנן זו איז עש גוויש דש ער צו עבירות קומט· דרום זול איינר זיין קינדר אונ׳ זיין גיזינדא [געזינד] כלל ניט מוישיג לושן גין ווען זי שון עטליך צייט ניט לערנן· זו זולן זיא אום גין מיט אנדרן חכמות אונ׳ מיט אירן מלאכות·

ווער ווינדן דש זיא [די אלטע חכמים] איר לייבא און לעבן ענטוורטן [איבערגעגעבן] אויף דיא תורה אלש לשם שמים· אונ׳ ווען איינר איבר

דעם לערנן ניזיט [ניזעט = ניסט] זו זאייטן [זאגטען] זיא ניט אסוס [צו געזונט]· דש זיא זיך ניט אלש לאנגי וואלטן זוימן אים לערנן· אבר דש לערנן דש מן איצונט טוט אין אונזרן דורות דש איז דעם זעלבן לערנן און גלייך [אונגלייך]· דען מן וינט ויל איצונד דיא דא לערנן בון כבוד וועגן· אונ׳ אויף רום אונ׳ שרייאן אונ׳ זיין מפלפל אין דער שולן און מאכן דאש־זעלביג עיקר אוימר דר [ümerdar = שטענדיג] דש איינר דען אנדרן מנצח קאן זיין [84])·

וועראונזר חכמים דיא צדיקים הוט גיזעהן דער הוט זיא הולט גיהאט אונ׳ גרוש מורא בור אין גיהאט· דען אל ווארהייט דער צאייגט זיך זעלברט· אונ׳ ווער ניט לשם שמים לערנט· זו איז זיין לערנן ניט ביגלויקט· גלייך אז ווען איינר איין בוייאר אן מאכט מיט שטרוא [שטראָ] ווען ער אבער צו ויל שטרוא און ליגט אויבר איין הויפן זו דעמפפט עש דש בוייאר אויש· מאכט ערש [ערט = ער דאס] אבער רעכט אן זו ברענט עש· אזו איז ווער תורה רעכט לערנט דער צוינט אים איין ליכט אן [צוינט ... אן = צינדט אן] אין דיזם עולם און אין יענעם עולם· ווען ער אבר ניט רעכט לערנט זו ור לעשט ער זיין ליכט אונ׳ ער ור דירבט זיין זיל [זעל] אונ׳ זיין איר אין דיזם עולם אונ׳ אין יענעם עולם·

אין איינר קליינן קהלה וואר איין מלמד דער וואר איין גרושר חסיד· אונ׳ ער צוך [צאָך פון (ציהען) ערציהען = האט דערצויגן] זיין תלמידים זיר צו גוטש בורכט אונ׳ ווארן ניט מער דען [אלס] ויר אודר בוינף [fünf] בעלי־בתים אין דר זעלבן קהלה אונ׳ דער מלמד לערנט דיא תלמידים גאר וואול אונ׳ צוך זיא דש זיא ניט טורשטן [האבן ניט געטארט] רידן אין דער שול דברי תורה אונ׳ אנדר רידי [85])· נון זאש איין עשיר דא דער הט דריי זוין דיא בור דעם מלמד לערנטן· אונ׳ דער זעלביג עשיר צוך [איז געפארן] אויף איין ברוייא לוף [86]) [חתונה] אין איין גרושי קהלה· דא זאך [פון „זאַהע״ = ער האט געזעהן] וויא די בחורים אונ׳ דיא קנאבן דאזעלבש אין דער שולן לערנטן אונ׳ מיט אננדר מפלפל ווארן אין דער צייט דש דער חזן אורט [ארט פון orare = דאווענט]· דש מן זיא מושט האיישן שטיל שווייגן [87])· דש גיויל [געפיל = איז געפעלן] דעם עשיר וואול· דער אויף דיא ברוייאלוף וואר גיצוהן דש דיא קנאבן אזו שארף ווארן אונ׳ מיט דען גרושן בחורים מפלפל ווארן· אונ׳ דא דער עשיר ווידר האיים קאם דא זאייט ער איך וויל מיין דרייא קנאבן אויך אין דיא גרוש קהלה שיקן לערנן· נון זאש אויך גאר איין ורומר בעל־הבית בייא דעם עשיר· דער שפראך צו דעם עשיר ואלג [פאָלג] מיר אונ׳ טו עש ניט: ווען זיא שון גוט דינגא דורט לערנן· זו לערנן זיא אויך וואש דש ניט גוט איז· דער עשיר וואלט אים ניט ואלגן· אונ׳ שיקט דיא קנאבן אל דרייא אין דיא גרוש קהלה לערנן· דא לערנטן זיא חציפות טרייבן אונ׳ הופארט טרייבן אונ׳ טריבן בלבולים· דער איין קנאב דער שטארבא [שטארב] דיא אנדרן ווארפן זיך גאר הירויש [88])· דא שפראך דער ואטר איך הב עש ור זוינדט

דש איך דעם ניט האב גיבולגט דער מירש ווידר ראטן [אפּגערעדט] הט·

דרום זול אידרמן זיין קינדר תּורה לערנן אודר לושן לערנן וויא ער קאן אודר מאג· אונ׳ נוייארט לשם שמים· אידרמן זול אויך זיין קינדר גיווינן דש זיא ניט ויל שמועות רידן אודר אנדר גישוועץ· אונ׳ דיא וראוון [פראַוון = פרויען] קוינן יענן עולם ניט אי בור דינן (= ניט פריהער פארדינען) און ניט באש [באַס = בעסער] דען דש זיא איר קינדר וואול ציהן·

אונ׳ איינר זול זיין קינדן איין גוטן רבי דינגן דער מיט אינן מדקדק איז· אונ׳ זול קיין געלט אן זעהן· אונ׳ איינר זול ספרים קויפן דיא ער בידארף צו זיינם לערנן אונ׳ איטליכר זול לערנן וואש ער קאן לערנן אונ׳ וואו ער לושט הוט צו לערנן· קאן ער ניט לערנן זו זול ער יוא איינם ביי אים האבן דעם ער גיטרויט און דער זיין גיט שפוט [וואס ער שפּעט ניט פון אים] דען זול ער אל צייט ורוגן [פראָגן = פרעגן] וואש ער ניט ווייש· אונ׳ איינר זול גיווארנט זיין דש ער אל צייט דיטורנן זול וואש ער גילערנט הט· אונ׳ איינר זול קיין קינדר דרצו גיווינן דש זיא ביי נאכט לערנן עש זיי ויל אודר וויניג· אויך זול איינר זיין קינדר לערנן לשון הקודש רידן אונ׳ זול מיט אינן רידן דברי תּורה שמועות אויש דער תּורה אונ׳ צו בור אויש [קודם כל] אויבר טיש[89] ווען מאן אישט [עסט] אונ׳ זוינסט אויך ווען מן מוישיג איז· אונ׳ אוי ווי איז צו שרייאן אויבר די לוייט דיא איר קינדר לערנן אין איר יוגנט כּתבות [קאַטאָוועס][90] אונ׳ הבלי עולם אונ׳ לערנן זיא ניט תּורה· איין מלמד זול ניט כּתבות טרייבן מיט זיינן תּלמידים· ווען ער זיכט דש זיא און לושטיג זיין צו לערנן זו זול ער אינן שמועות אונ׳ חכמות אויש דער תּורה זאגן· אודר [אבער] כלל קיין חציפות אודר ניבול פה[91]· מענכר תּלמיד קאן ניט לערנן מן שלאג אין דען זיר [זעהר][92]. זו לערנט מאנכר ניט בון שלאגן דען נוייארט מיט גוטן ווארטן· דר צו גיהורט [געהאָרט = געהערט] חכמה״·

ווענן לערנען קינדער וועלן מיר דא ברײנגען אײניגע באמערקונגען וואס זאלן קלארער מאכן דאס· וואס מיר האבן שוין פריהער געזאגט וועגן דער ענגליכקײט אין שטײגער לערנען בײ אידן און קריסטן· קריסטליכע לערער פלעגט מען צאלן בכלל זעהר קנאפּ· דארט וואו דער לערער איז געווען אײנגעלאדן פון דעם שטאטראט· פלעגט ער באקומען זײן געצאלט מײסטנס מיט עסנווארג· וואס די שול־קינדער האבן אים באדארפט ברײנגען צו געוויסע צײטן· אין ברוג איז דאס יאר 1505 די שטעל פון א שטאט־שרײבער געווען פארבונדן מיט לערערײ· די שטאט האט געצאלט נאר פאר דער ערשטער אמט; „פון דער שול וועגן״ האט יעדער שילער געמוזט ברײנגען דעם לערער· חוץ א קלײנעם געלטבאטרעף· נאך צו מארטיני־יום־טוב א מאס געוויינטליכן ווײן· צו פאסטנאכט — א הון· אויף פסח — א צענדליג אײער· מער האט דער לערער קײנעם ניט באגעטארס לעסטיגן[93]· אין

עלטוויל בערך דאס יאר 1520 האט דער לערער באקומען׳ חוץ א דירה ביי דער שול׳ 50 גולדן א יאר און קליינע אפצאלן פון קינדער [94]). אין בערן האט דער לערער באקומען 60 גוטע ריינישע גולדן א יאר אהן דירה [95]). דאס צאלן דעם לערער האט געהייסן שכירות. ליכט האבן די שילער אליין געמוזט באזארגן׳ האלץ אויך׳ אין איניגע ערטער האבן זיי דאס געמעגט אפצאלן מיט געלט. דער לערער ווידער האט ניט געטארט מאנען אדער נעמען געלט אנשטאט האלץ׳ פארוואס — פארשטייט מען. אין דעם רעגלאמענט פאר דעם לערער אין גרעלצהאפן דאס יאר 1455 שטייט: „דער לערער זאל ביי די היגע קינדער ניט נעמען קיין געלט אויף האלץ׳ ער זאל נאר זעהן׳ זיי זאלן אליין ברענגען האלץ אין דער שול״. די מאס׳ וויפיל איינער זאל ברענגען׳ זאל דער לערער איינשטעלן לויט דעם פארמעג פון די עלטערן [96]). אין גרעלצהאפן האט דער לערער געמוזט זיין אין דער שול פינף אזייגער אין דער פריה׳ פינף אזייגער נאך דעם אוונט-געבעט האט ער געדארפט צעלאזן די קינדער אהיים [97]). די קינדער׳ הייסט דאס׳ האבן א גאנצן טאג פארבראכט ביים לערער׳ אזוי ווי ס׳איז געווען איינגעפירט ביי אידן׳ דער חלוק איז נאר׳ וואס די קריסטליכע לערער האבן באדארפט געוויסע שעה׳ן אין טאג שפילן מיט די קינדער [98])׳ א מלמד האט עס געוויינטליך ניט געטארט. לויט די רעגלאמענטן האבן לערער געדארפט פרובן די קינדער אין לערנען׳ דארט הייסט דאס „behören„ (באהערן) אדער "verhören„ (פארהערן) [99]). שפעטער טרעפן מיר דעם לעצטן אויסדרוק ביי אידן אויך אין דעם אייגענעם זין (פארהערן)׳ מעגליך אבער׳ אז אידן האבן שוין יענע צייט אויך גענוצט דאס ווארט. דאס אייגענע דארף מען אויך זאגן וועגן דעם אויסדרוק „ביי-העלפער״ אדער פארקירצט „בעלפער״׳ ד. ה. דעם מלמדס הילפער. אין די קריסטליכע שולרעגלאמענטן הייסט אזוינער „העלפער״ אדער „מיטהעלפער״ [100]) אדער „אונטערמייסטער״ [101]). די דאזיגע פרטים באווייזן גענוג׳ אז דער אנהויב למוד איז אויסערליך געווען איינגעריכט ביי אידן׳ אין גאנצן און אין גרויסן גענומען׳ אזוי ווי ביי קריסטן. דעם מלמדס מזל דא און דעם לערערס דארט איז געווען געווענדט אן די שילער׳ וואס מ׳האט אים אפ-געגעבן׳ ווארום די הכנסה איז געווען געווענדט אן דער צאל שילער. דעם קריסטליכן לערער׳ וואס מ׳האט אים געצאלט שכירות בתנאי׳ ער „זאל מער קיינעם ניט באלעסטיגן״׳ האט מען דעריבער געדארפט אזוי ווייניג מקנא זייך׳ אזוי ווי דעם אידישן מלמד׳ וואס בעלי-בתים האבן אים געדונגען׳ ער זאל קנעלן מיט זייערע קינדער. מ׳דארף אבער געדיינקען׳ אז לערנען קינדער איז ביי אידן געווען א מצוה׳ דער מלמד האט געטאן א „הייליגע מלאכה״׳ דאס האט געהויבן ניט בלויז דאס לערנען׳ נאר דעם לערער׳ דעם מלמד אויך.

צום סוף קאפיטל וועלן מיר דא ברענגען איניגע אויסצוגן פון דעם פראגער רבס׳ ליפמאן מילהויזן׳ א ספר „נצחון״ (געשריבן דאס יאר 1410)׳ דער קליינער אבער וואגיגער פאלעמישער חבור זאל באשטיין דעם תנ״ך און די רבנישע

טראדיציע קעגן קריסטליכע און אנדערע אנפאלן, ליפמאן קריטיקירט דערביי דעם ברית־חדשה, די פאטערס פון דער קריסטליכע קירך, און די קריסטליכע טעאלאגיע בכלל און באווייזט גרויס בקיאות. לאמיר דא ברענגען א ביישפיל פון זיין קריטיק. ער ווענדט אפ כראנאלאגיש די קריסטליכע מיינונג, אז איבער דעם, וואס יהושע האט אפגעשטעלט די זון אין גבעון, איז זונטאג געווארן שבת, נאכדעם זאגט ער: „זיי האבן א טעות, דער ערשטער טאג הייסט אויף זייער שפראך דומי־ניק׳א די פיריי׳א Dominica di feria, דאס הייסט דער ערשטער טאג ארבעט[102], דער צווייטער טאג וואך הייסט ביי זיי שקונד׳א די פיריי׳א Secunda di feria, ד. ה. דער צווייטער טאג ארבעט, הייסט דאס, אז דעם ערשטן טאג (זונטאג) מעג מען ארבעטן, אבער דעם זיבעטן (שבת) ניט" [103]. לאמיר דא ברענגען נאך א באמערקונג, וואס דער „שרייבער" [104] האט צוגע־געבן פון זיך: „שבת הייסט אויף דייטש זוימשטג (זוימסטאג), ד. ה. דער טאג פון זאַמען זיך אדער אפהאלטן זיך פון ארבעט, און דער זעקסטער טאג הייסט פרייטאג, ווארום דעם טאג איז מען פריי פון ארבעט, דעריבער איז דער ערשטער טאג וואך (זונטאג) ניט קיין שבת, אזוי ווי זיי ווילן האבן" [105].

צו באלייכטן ליפמאנס חקירה זאל דא געבראכט ווערן א טענה פון דער קריסטליכער זייט פון „Mainauer Naturlehre": „אידן פייערן דעם זיבעטן טאג (שבת), אויף לאטייניש sabbatum לויט אידישער אַרט הייסט זונטאג אויף לאטייניש prima sabbati, מאנטאג — sècunda sabbati, דערנאך tercia sabbati, quarta sabbati, quinta sabbati און sexta sabbati אבער ביי קריסטן הייסט דער זונטאג, וואס זיי פייערן Dominica dies, ד. ה. אויף דייטש אונזער הארס טאג, אויך הייסט ער prima feria, ד. ה. דער ערשטער טאג, מאנטאַג הייסט secunda feria ד. ה. דער צווייטער טאג א.א.וו. און דאן sabbatum, דער טאג הייסט ביי אונז אזוי ווי ביי אידן, ווארום sabbatum הייסט רוה, דעם טאג האט גאט גערוהט פון אלע ווערק, וואס ער האט געמאכט, דעמזעלבן טאג האט אויך גערוהט (דער אויסלייזער) אין קבר נאך זיין פיין. ווען מען אונז פרעגן: „פארוואס פייערן מיר ניט שבת און הויבן ניט אן די וואך אזוי ווי אידן?" דער ענטפער איז: „מיר האבן עס פון גאטס לערע: ער (דער נוצרי) איז געבוירן זונטאג, דעם אייגענעם טאג איז ער אויפגעשטאנען תחית המתים, דעם אייגענעם טאג האט ער געלאזט רוהען זיין הייליגן גייסט אויף זיינע תלמידים".

ביי ליפמאנען געפינען מיר אויך קורצגעפאסטע באמערקונגען וועגן אידישן מוסר. מיר ברענגען דא אייניגע פראבן, מ׳זאל דערביי אין זינען האבן אונזער השערה, אז ליפמאן איז דער מחבר פון „זיטנבוך" (ספר מידות, ארחות צדיקים).

פון ליפמאן מילהויזענס (רב אין פראג) „נצחון"
(15־טער יארהונדערט).

סי׳ שי״ז[106]. זיי ניט צו קיין צדיק. ביי אלע גוטע מדות, וואס

דער פרומער דארף זיך נוהג זיין, ווי למשל, ליבשאפט, שלום און אנדערע גוטע מדות, זאלסטו זיך ניט ארייגלאזן ביז צום לעצטן ברעג, אזוי ווי א טויטער, וואס פילט נישט, ווארום ס'איז א צייט אויף פיינט צו האבן און א צייט אויף קריג פירן; דאס אייגענע מיט אנדערע מדות אויך ... און אזוי האבן אונזערע חכמים געלערנט: אין מדות איז גוט דער מיטל-וועג, מ'דארף ניט צו פיל לאכן און שפעטן און ניט צו פיל טרויערן און אפגעלאזן זיין. דער רמב"ם שרייבט: ס'זיינען פאראן קראנקע, וואס גליסטן צו פארדארבענע שפייזן, למשל, צו שטויב, צו קוילן, און האבן פיינט גוטע געריכטן, אשטייגער, ברויט, פלייש, יעדער נאך זיין קריינק נאך. אזוי זיינען אויך פאראן מענשן, וואס זיי גליסטן צו שלעכטע דעות און האבן פיינט דעם גוטן וועג, דערויף שטייט ביי אונז: ווי צו די, וואס זיי זאגן צו שלעכטס גוטס און צו גוטס שלעכטס, וואס זשע זאלן אזוינע קראנקע טון? זיי זאלן גיין צו חכמים, וואס זיי זיינען נשמה-היילער, ווארום זיי דערקענען שלעכטע דעות, און דאס זאל זיין זייער רפואה: איז איינער צו לוסטיג, זאל ער זיך דערווייטערן דערפון ביז גאר און ער זאל צוברייגגען אין טרויער א לאנגע צייט, ביז די לוסט ווערט אויסגעווארצלט פון זיין נאטור, דעמאלט זאל ער זיך נעמען צו דעם מיטלוועג און מיט דעם וועג זאל ער גיין זיין לעבנלאנג, און זאל ניט זאגן איינער: ווייל אונזערע חכמים האבן געזאגט, אז תאוה און כבוד-באגער ברייגגען אום דעם מענשן, איז בעסער וועל איך קיין פלייש ניט עסן, קיין וויין ניט טרינקען, איך וועל שטענדיג פאסטן, איך וועל ניט וויסן פון קיין ווייב, איך וועל ניט זיצן אין קיין שיינער דירה, איך וועל נאר טראגן א זאק, אזוי ווי די מאנאכן [107], זאג ניט אזוי, ווארום דאס איז א שלעכטע מדה, ס'שטייט געשריבן וכפר עליו מאשר חטא על הנפש, האבן די חכמים ז"ל געזאגט: מה דאך א נזיר, וואס ער האט זיך אפגעשיידט נאר פון וויין, דארף א כפרה, א כל שכן שוין איינער, וואס שיידט זיך אפ פון אלע זאכן, און אזוי זאגט דער גלייכער שכל אויך: ווארום א הונגעריגער, א קראנקער אדער איינער, וואס זיין גוף ליידט, ווי קאן אזוינער זיך אפגעבן מיטן גאנצן הארצן צו דערגיין און צו דינען גאט דעם באשעפער? ס'איז א ספק, צי וועט זיך געפינען צווישן אזוינע טויזנט איינער א צדיק, וואס זיין דעה זאל איבער דעם נישט זיין צעמישט, נאר גיין אלע צייטן מיט דעם מיטלוועג, אבער אמאל דארף מען זיין צו אויך, למשל, שווייגן, א מענש זאל ניט ריידן גלאט, נאר געדרעכטיגקייט און דברי תורה, אזוי ווי אונזערע חכמים ד"ל האבן געזאגט: שווייגן איז א צאם פאר קלוגשאפט. דאס זעלבע זאל ער זיך האלטן ביי דער מדה פון אמת און זאל זיך דערווייטערן פון פאלשע ריידי, ווארום ס'שטייט: פון א פאלשער זאך זאלסטו זיך דערווייטערן, איינער זאל ניט נארן לייטן, קיין גוי אויך ניט, זאל ניט ריידן קיין גלאטע ריידי, חנופה, ער זאל ניט ריידן מיטן מויל איינס, און מיטן הארצן עפיס אנדערש, א כלל, ער זאל ניט ברעכן זיין ווארט, סיידן פון גאטס נאמען וועגן, אשטייגער, פאר שלום, צניעות און דעסגלייכן, א פאלקאמער מענש גליסט גאר ניט צו קיין פאלשקייט,

הן מיט דער דעה׳ הן מיט טון׳ הן מיט געלטזאכן; וואויל צו דעם׳ וואס ער איז געוויינט ליב האבן דעם אמת׳ נאך מדות זיינען פאראן׳ וואס דער מענש זאל זיך פון זיי דערווייטערן ביז גאר׳ אשטייגער׳ כעס׳ ער זאל ניט צערנען אפילו אויף א זאך׳ וואס ס׳איז דא וואס צו צערנען׳ דארף ער אנווארפן אן אימה אויף עמיצן און אים שטראפן׳ איז זאל ער זיך מאכן כלומרשט איז ער אין כעס׳ פאר זיך אבער זאל זיין דעה זיין געזעצט׳ פון גאוה זאל מען זיך אויך דערווייטערן ביז גאר׳

סי׳ קכ״ד׳ ניט אלע חכמים זיינען געניט געווען אין פסוקים פון דער תורה[108]׳ פון די רייד פון א טייל גאונים זעהט מען׳ אז זיי האבן ניט געקאנט רעכט פארטייטשן קיין פסוקים׳ בפרט נאך אין אונזער פארווארלאזטן דור׳ באדיינקט מען זיך ניט׳ אז ס׳איז ניט גענוג צו וויסן פון דער תורה׳ וואס מ׳מעג און וואס מ׳טאר ניט׳ און אנדערע מצוות׳ וואס זיינען נוגע דעם גוף׳ און ניט קענען גאט׳ ווארום גאט ליב האבן און גאטספארכט איז נאך דעם קענען נאך׳ און נעם זיך אויפן זינען׳ ס׳שטייט אויף גאטס פארכט׳ וואס ס׳נעמט זיך פון לערנען און דאס הארץ איז ניט דערביי: דאס פאלק האלט פון מיר מיטן מויל׳ מיט די לעפצן׳ שעצט דאס מיר׳ און זיין הארץ איז ווייט פון מיר׳ און זייער פארכט פאר מיר איז אן אויסגעלערנטע זאך א׳ וו׳ (ישעיה כ״ט׳ י״ג)׳ ווער שמועסט שוין אזוינע׳ וואס זיי לערנען אויך ניט׳ דעריבער זאל מען גיין מיטן גראדן וועג׳ זיך ניט אפווענדן ניט רעכטס ניט לינקס... איך האב אויך געזעהן אייניגע׳ וואס קענען א סך׳ און דאך האבן זיי ניט געקאנט מיטן שכל פארמיידן פאלשע געדאנקען׳ און זייער וויסן איז אריינגעפאלן אין אפיקורסות׳ ווארום ווי קאן א מענש דערלאנגען דעם שפיץ לייטער אויף די אויבערשטע שטאפלען׳ אויב ער איז ניט דורכגעגאנגען די אונטערשטע׳ אבער ווער ס׳באנעמט מיטן שכל און ריכט אויף זיין הארץ אין תורה׳ אין גוטע מעשים און אין חכמה און פארטיפט זיך שטארק און פארשטייט דעם אמת — איז וואויל צו אים און וואויל צו זיין דור׳ אמת׳ א גרויסער טייל פאלק האלטן תורה און מצוות׳ זיי דערקענען ניט טיף דעם אמת׳ נאר זיי זאגן: מיר ווייסן ניט דעם מהות פון אונזער באשעפער׳ נאר מיר דינען גאט פון אברהם׳ וואס ער האט די וועלט באשאפן׳ פונדעסטוועגן וועלן זיי האבן שכר אויף יענער וועלט׳ ווארום אפילו די געצנדינער באצאלט גאט שכר אויף דער וועלט פאר זייערע רעכטע מעשים׳ אבער די׳ וואס דער־קענען דעם אמת׳ איז זייער מדרגה אויף יענער וועלט העכער פאר יענע׳ אזוי ווי דער הימל פון דער ערד׳ אויך די מענשן׳ וואס האבן דערלאנגט דעם אמת׳ וואס האבן פארשטאנד און וויסן אין גאטס גלויבן׳ זאלן זיך ניט לאזן פארפירן צו זאגן: גענוג פאר אונז׳ מיר האבן דערלאנגט א גרויסע מדרגה אין לערנען׳ דארפן מיר ניט מער אנקומען צו מעשים׳ צו היטן מצוות׳ און די׳ וואס זיינען געהיט׳ און טון גוטע מעשים׳ אנדערע זאלן זיך פון זיי אפלערנען׳ אויף זיי שטייט געשריבן׳ די׳ וואס ווייזן אנדערע דעם רעכטן וועג׳ זיינען אזוי׳ ווי שטערן אייביג[109]׳.

סי׳ קיבי ס׳שטייט: דארט האבן מיר געזעהן די גפפאלענע, די קינדער פון ריזן, זיינען מיר געווען אין זייערע אויגן, ווי היישעריקן. איז דאך דאס שטארק קשה׳דיג. דאס איז אן ענטפער יענע, וואס שפעטן פון די גוזמות אין דער גמרא: ביי א וואונדערליכער זאך איז דער שטייגער צו זאגן א גוזמא גרעסערע ווי די זאך איז, אזוי ווי אין דער תורה שטייט: גרויסע און פעסטע שטעט ביז אין הימל; ווי איז דאס מיגליך אזוינע הויכע מויערן? נאר ווייל זיי זיינען א וואונדער הויך, זאגט ער דערביי א גוזמא. א וואונדער איז מיר אויף די קריסטן, וואס זיי שפעטן פון די גוזמות אין תלמוד, זיי אליין גלויבן גרעסערע גוזמות. זיי זאגן, כריסטאָפאָרוס איז געווען אזוי גרויס, אז ער איז צופיס דעם ים איבערגעגאנגען. די משומדים האבן פארמאוסט דעם תלמוד ביי די אומות אין די אויגן, זיי האבן זיי איבערגעזעצט פון תלמוד, נאר די וואונדערליכע גוזמות. זיי דארפן אבער וויסן, אז דאס איז ניט דער עיקר תלמוד, נאר געשיכטעס, וואס מ׳פרעגט אויף זיי קיין קשיות ניט, וואס די קריסטן רופן דאס היסטאריעס, נאר די דינים פון יום־טובים און מצוות און דיני נזיקין דאס איז דער עיקר, וואס ביי זיי הייסט דאס יור״א (יוראַ)[110].

ליפמאַנס לעצטע באמערקונג איז זעהר וויכטיג, מיר האבן דא א פראבע פון זיין מאניר פאלעמיק, חוץ דעם באווייזט ער דא א פרייעם קוק. אויב אזא רבי, א גדול בישראל[111], האט געקאנט אזוי ריידן וועגן תנ״ך און תלמוד[112], איז דאס א סימן, אז זיין דור האט פארמאגט מערקווירדיג טאָלעראַנץ אין אמונה־זאכן, כאטש אין אייניגע פארשטעלן און מיינונגען האט ער זיך ניט געקאנט גאר אויסטון פון זיין צייט. נאך וויכטיגער זעהט אויס אזא פריי, ווען מ׳דערמאנט זיך, אז ליפמאן האט געלעבט אין א צייט, ווען זיין לאנדמאן הוס האט מען פארברענט אויף א שייטערהויפן, און דער אינקוויזיטאר דער וואנדערער יאָהאַן קאַפּיסטראַנאָ האט געפרעדיגט אויף אלע דייטשע בימות קעגן אפיקורסים. אידן, הייסט דאס, האבן דעמאלט ניט געהאט וואס צו לערנען רעליגיעזע אויפקלערונג ביי קריסטן, די פריהער־נעבראכטע שטעלן האבן שוין באוויזן, אז קיין מאראל און לעבנסשטייגער האבן אידן אודאי ניט באדארפט ביי זיי לערנען.

## קאפיטל VII.

**דייטשע אידן אין אויבעראיטאליע. דייטשע אידן אלס גער־מאניזאטארן. ר׳ יוסף קולון. ר׳ יהודה מינץ. ר׳ יעקוב לנדא. ר׳ מאיר קצנלבוגן. בערנארדין פון פעלטר און די „מאָנטי די פיעט׳אַ״. א פארגלייך צווישן אידישע זיטן אין דייטש־לאנד און אין איטאליע.**

צו דעם בילד פון בילדונג און קולטורצושטאנד ביי **דייטשע** אידן דעם 14־טן און 15־טן יארהונדערט וואלט געפעלט, ווען מיר זאלן ניט ארייג־ציהען אויבעראיטאליע אויך, וויל ווי ווייט ס׳באלאנגט אידן, איז די דאזיגע געגנט שטארק אנגעשמעקט מיט דייטשלאנד. אמת, נישט דורכאויס. אידישע קהלות אין אויבעראיטאליע האבן געוויינטליך ניט געקאנט לייקענען זייער פארבונד מיט איטאליע. אבער צוריק באווייזט זיך דאס לעבן דארט אזוי שטארקט פארקניפט מיט דייטש, אז דער צוזעהער ווייסט ניט, וואס זאל ער קלערן: צי זיינען דאס איטאליענישע אידן מיט א דייטשער השפעה, אדער פארקערט, דייטשע אידן מיט א איטאליענישער פארב. מיר וועלן באלד זעהן, אז ריכטיג איז די ערשטע השערה. צום סוף קאפיטל וועלן מיר באהאנדלען די פראגע, פארוואס גראד דאמאלס האט זיך אזוי געלאזט פילן די דייטשע השפעה אויף איטאליענישע אידן, בעת פריהער ווייסט מען דערפון ניט. פריהער אבער דארפן מיר וויסן, ווער זיינען געווען די פירער און די רבנים אין די איטאליענישע קהלות און זייערע חבורים.

דער אנגעזעהענסטער צווישן זיי איז געווען ר׳ יוסף קולון בן שלמה [1], וואס האט געלעבט און געטאן די צווייטע העלפט 15־טן יארהונדערט. זיין פאטער, וואס ער האלט אים פאר א „מופת הדור״ [2] און פאררופט זיך אויף זיינע פסקים [3], איז געווען אן אנגעזעהענער רב און זיין לערער. דער אנדערער רבי זיינער איז געווען מרדכי נתן [4]. וואו ער איז געבוירן, לאזט זיך ניט דערגיין. ער רעדט פון „אונזער״ אפשטאמונג אויס פראנק־רייך [5] און האלט פראנצויזיש פאר זיין מוטערשפראך [6]. דאס איז אבער נאך קיין באווייז ניט, אז ער איז געבוירן אין פראנקרייך, גיכער איז ער

געבוירן אין סאַוואָי' קינדווייז זעהען מיר אים אין Chambery [7]; אין Savigliano [8] און אין Cavallermaggiore [9], צוויי שכנות'דיגע ערטער אין דער פראווינץ סאַלוצאָ אין סאַוואָי' האט ער שוין געפסקעט א הלכה נאך פאר זיין פאטערס לעבן [10]. אין סאַוואָי' האט ער אויך געהאט א שוועגערין רחל מיט איר געזינד [11]. שפעטער ציהט ער איבער קיין לאָמבאַרדיע [12], פון דארט ווידער קיין סאַוואָי [13]. ער איז ניט געזעסן אויף איין ארט און איז א ציט אויסגעשטאנען. א צייט האט ער געמוזט פאר־ברייננען אויף פעלדער אדער אין א דארף און האט קיין ספרים ניט געהאט [14] ער קלאגט זיך אויף זיין נע ונד [15], מסתמא איז דאס געווען דעמאלט, ווען ער איז געווען א דרדקי מלמד. אין א שיר מיט א ביטערן הומאר רופט ער דאס: א „וויסטיגע פרנסה", ביים ערשטן האָנקריי מוז ער אויפשטיין און פרירן, ביינאכט שלאפט ער ניט איבער דער „מלאכה" [16]. דאס יאר 1469 זעהען מיר אים שוין א רב אין אווטאריטעט אין ווענעציאנישן Pieve di Sacco [17] זיין שטענדיג וואוינארט, ווייזט אויס, האט ער שוין דעמאלט געהאט אין מעסטרע ביי ווענעציע, איסרלינס תלמיד, דער מחבר פון „לקט יושר" האט מיט אים דארטן א סך פארבראכט און געלערנט ביי אים [18]. ער איז אויך געווען רב אין באָלאָניע און מאַנטואַ, פון דארט האט מען אים פאר־טריבן [19]. ער איז אויך געווען רב אין פאַוויא און דארט איז ער געשטארבן דאס יאר 1480 [20]. מיט גרויס פלייס האט ער געפירט זיין ישיבה [21], פון אלע זייטן האבן געצויגן צו אים תלמידים צו געניסן זיין שעור [22]. זיינע שריפטליכע תשובות זיינען געווען שטארק אנגעלעגט, רבנים אין דייטשלאנד און אין פראנקרייך האבן פון אים שטארק געהאלטן [23]. די דאזיגע תשובות, וואס א טייל האט ער געשריבן נאך ביים פאטערס לעבן, האבן געזאמלט זיין איידעם גרשון טרעוועס, אויך א למדן, און זיין א תלמיד, מאיר בר דוד [24]. חוץ זיין איידעם, דערמאנט ער אין זיינע תשובות א זון אהרון [25] און אַן אייניקל בלעאָנאַ [26]. אין אן אנדער ארט ווערט דערמאנט זיין „עלטסטער זון" פרץ [27].

ר' יוסף קולון איז געווען א שטרייטמאן אין תורה־זאכן. דער גרעסטער שטרייט זיינער איז געווען קעגן דעם קאנסטאנטינאפאלער רב, ר' משה קאַפּסאַלי, פאר יענעמס א פסק אין הלכות אשות [28], אין דעם שטרייט זיינען געווען ארייגעצויגן אנדערע רבנים אויך. אין א צייט ארום האט זיך ארויס־געוויזן, אז ר' יוסף קולון איז געווען אומגערעכט, האט ער באוויזן אזוי ווייט ווארהאפטיגקייט, אז אויפן טויטן בעט האט ער געבעטן זיין זון פרץ פאָרן קיין קאנסטאנטינאפאל און איבערבעטן ר' משה קאַפּסאַלי, און פרץ האט דאס געטאָן אויך [29].

זיין באדייטונג אין תורה און אין חכמה באווייזט זיך דערהויפט אין זיינע תשובות, חוץ אייניגע אנדערע חבורים, וואס האבן ניט געמאכט אזא רושם [30].

אין די תשובות באגניגט ער זיך ניט צו פארענטפערן בלויז די שאלה

אליין, נאר ער פארטיפט זיך אין דעם ענין בכלל און גיט אן געוויסע מעטאדישע כללים פאר דעם תלמוד. אין אזא סיסטעם דערקענט מען דעם אויסגעצייכנטן, גרינדליכן לערער, וואס פארטיפט זיך אין תלמוד און מאכט קלאר זיין פארפלאנטערטע געוועב. קיינער פון זיין דור האט ניט באוויזן אזוי וויסנשאפטליך צו באהאנדלען דעם תלמוד; זייט ישעיה די טראַני דעם עלטערן (זעה אונזער בוך, ב. II, ז. 320 א. וו.) איז ניט געווען נאך אזא גדול, וואס זאל אזוי שטרעבן צו דערגיין די מעטאדיק פון תלמוד און זאל עס האבן דערלאנגט. בייגעשטאנען איז אים זיין אויסערגעוויינטליכער זכרון (ער האט געדיינקט אפילו די אמוראים, וואס קומען זעלטן פאר), [31] זיין קריטישער קוק [32] און זיין גרויס בקיאות אין אנדערע צווייגן העברעאישע ליטע־ראטור [33]. ביי אזא גייסטיגער גרייס, איז קיין חדוש ניט, וואס ער האט זיך גערעכנט נאר מיט די עלטערע אווטאריטעטן און ניט געקוקט אויף די נייערע. די „טורים" ציטירט ער נאר, ווען ער דארף פון דארטן ברייגען עפיס, וואס קדמונים האבן געזאגט, דעם „תניא" האט ער גאר ניט געקענט [34]. און פון גלאט מנהגים האלט ער ניט [35].

כאטש קולון געהערט צו פראנקרייך לויט זיין אפשטאם און לערנען נאך, אזוי ווייט, אז ער האט ניט געקענט די איטאליעניש־אידישע מנהגים און ער האט זיך נאכגעפרעגט וועגן זיי ביי אנדערע [36], פונדעסטוועגן זעהט מען אויף אים די השפעה פון דייטשע רבנים. היות ווי ער האט גראד ניט געשטאמט פון דייטשלאנד, באווייזט זיך דערמיט נאך מער בכלל די השפעה פון דארט אויף אויבעראיטאליע. די דאזיגע ווירקונג זעהט מען נאך אויף זיין פאטער. צו דער צייט, ווען אונזער קולון איז נאך געווען א קינד, האט ער פארבראכט אין איין ארט מיט איינעם א למדן ר' יעקב הלוי און צוזאמען מיט אים געטאָן אין לערנען [37]. איינער ניט קיין געחתמעטער בריף צווישן קולונס תשובות, געשריבן צו דעם דערמאנטן יעקב הלוי, שטאמט מסתמא פון קולונס פאטער. פון דעם דאזיגן בריף איז צו זעהן, אז ר' יעקב הלוי איז שוין דעמאלט געווען א זקן און א גדול, דער שרייבער רופט אים „מיין לערער" [38]. די אלע סמנים באווייזן, אז ר' יעקב הלוי מיינט מען דא דעם בארימטן מאינצער רב מהרי"ל (זעה פריהער ז. 21), צי איז קולונס פאטער געווען אין מאינץ אדער בכלל אין דייטשלאנד, איז נאך ניט באוויזן, אבער דאס ווייסן מיר, אז מהרי"ל האט זיך א צייט אויפגעהאלטן אין איטאליע. קולונס פאטער האט דא געקאנט פערזענליך פארקערן מיט אים, דער דערמאנטער בריף שטאמט יעדנפאל פון א צייט, ווען מהרי"ל האט דערלאנגט א שטאָק עלטער און גרויס אנזעהן און האט געוואוינט אין מאינץ אדער אין וואָרמס. א ראיה דערצו איז, וואס פון קולונס רייד וועגן זיין פאטערס פערזענליכן פארקער מיט ר' יעקב הלוי פילט זיך נאך ניט דער גרויסער דרך ארץ פאר ר' יעקב הלוי, ווי מיר זעהען דאס נאכדעם אין דעם בריף.

ר' יוסף קולון איז אויך ניט געווען אין דייטשלאנד, אזוי ווי זיין

פאטער [39]). ער ווייסט, וואס אין דייטשלאנד קומט פאר, נאר פון בריף אדער פון הערן [40]), ער האט ניט פארשטאנען קיין דייטש אויך [41]). און דאך האט ער גרויס דרך ארץ געהאט פאר דייטשע רבנים, מ'זעהט דאס פון יעדער תשובה זיינער. בעת ער האט זיך אויפגעהאלטן אין לאָמבאַרדיע, איז ער געווען באפריינדעט מיט רבנים פון דייטשלאנד. מיר האבן שוין דא געהאט דערמאנט די באציהונגען צווישן אים און איסרלינס תלמיד אין מעסטרע. דא האט געלעבט נאך א רב פון דייטשלאנד, מיטן נאמען ר' יעקב; קולון פלעגט זיך מיט אים אויך טרעפן און קארעספאנדירן [42]). נאך האט דארט געוואוינט יודא אוברניק, איסרלינס א תלמיד [43]). דער אנגעזעהענסטער חבר קולונס, וואס שטאמט פון דייטשלאנד, דאס איז יהודה מינץ. ביי איין וויכטיגער שאלה האט זיך קולון געווענדט צו ר' יעקב מעסטרע און ר' יהודה מינץ, און זיי האבן מיט אים מסכים געווען [44]).

ר' יהודה מינץ בר' אליעזר הלוי שטאמט פון דערזעלבער פאמיליע, וואס ר' משה מינץ (זעה פריהער, ז. 23, זיין געבוירן־ארט ווייסן מיר ניט [45]). יעדנפאל שטאמט ער פון דייטשלאנד, ווארום אין איטאליע ווערט ער דערמאנט אלס „דער פאטער פון די דייטשן" [46]). 47 יאר איז ער געווען רב אין פאַדואַ, דא איז ער געשטארבן דאס יאר 1508, אריבער הונדערט יאר אלט [47]). זיין לומדות און די גרויסע צאל תלמידים, וואס האבן ביי אים געלערנט, האט אים געמאכט א גרויסן שם ביי רבנים אין זיין דור און שפּעטער. אויף אים זאגט מען, אז ער האט געלייענט לעקציעס פילאזאפיע אין פאַדוער אוניווערסיטעט און האט געהאט א סך הערער צווישן די פארנעמסטע קריסטן, וואס זאלן האבן אויפגעשטעלט זיין פארטרעט אין אוני־ווערסיטעט מיט א כבוד־אויפשריפט. דאס יאר 1509 בעת מ'האט מיט א שטורעם גענומען פאַדואַ, זיינען זיינע שריפטן צעריסן און פארברענט גע־ווארן. זיין אייניקל האט אויסגעזוכט אייניגע זיינע תשובות, זיין אייניקלס מאן, ר' מאיר קאצענעלנבאגן, האט זיי ארויסגעגעבן צוזאמען מיט זיינע אייגענע שו"ת [48]). פון די תשובות זעהט מען, אז דאס איז געווען א מאן מיט א קריטישן [49]), פרייעם [50]) קוק, א גרויסער בקי אין דער העברעאישער ליטעראטור [51]). זיין זון, ר' אברהם מינץ, האט מען אויך געהאלטן פאר א „גאון הדור".

פון דייטשע רבנים אין איטאליע דארף מען נאך באזונדערס דערמאנען ר' מאיר קאצענעלנבאגן (מהר"ם פאדובה), ר' אברהם מינץ אן איידעם, און ר' יעקב בר' יהודה לאנדא. דער ערשטער איז געווען פערציג יאר דורכאנאנד רב אין פאַדואַ און האט געהאט א גרויסן שם ביי זיין דור רבנים [52]). היות ווי דער גרעסטער טייל לעבן און טון זיינס געהערט שוין צום 16־טן יארהונדערט, קאנען מיר דא פון אים ברייטער ניט ריידן. אין זיינע תשובות געפינט מען דאך אינטערעסאנטע ידיעות וועגן אידישן לעבן אין אויבעראיטאליע דעם 15־טן יארהונדערט. ר' יעקב לאנדא

שטאמט פון לאנדוי, זיין פאטער ר׳ יהודה, מיט דעם צונאמען ליווא (לעווע) [53], איז דארט געווען רבי. ר׳ יעקב האט פאסירט דייטשלאנד און איז געווארן רב אין פאוויא, דארט האט ער דאס יאר 1480 פאר־פאסט אן הלכה׳שן קאמפענדיום „אגור״, דארט גיט ער דינים, הלכות און מנהגים, אזוי ווי די „טורים״, ער ברענגט אבער א סך תשובות פון מהרי״ל אויך און פון זיין פאטער און אייגענע.

די אלע דערמאנטע רבנים, חוץ ר׳ יוסף קולון, פלעגן זיך אליין, חתמע־נען מיט דעם צונאמען „אשכנזי״ (פון דייטשלאנד). זיי זיינען געווען די גרעסטע רבנים און מנהיגים אין די אויבעראיטאליענישע קהלות יענע צייט. היות ווי רבנים פון איטאליענישן אפשטאם זיינען געווען ווייניג, און זיי האבן זיך אין לערנען ניט געקאנט פארמעסטן מיט די דערמאנטע דייטשע רבנים, איז דאס אליין שוין גענוג געווען, אז די דייטשע רבנים זאלן האבן די גרעסטע ווירקונג אין אויבעראיטאליע, ווי מיר וועלן דאס ווייטער זעהן בפרטות. דערווייל וועלן מיר באטראכטן דעם בילדונג־און־קולטור־צו־שטאנד דארטן, ווי ווייט מיר געפינען וועגן דעם ידיעות אין די חבורים ביי די דערמאנטע רבנים. דער דאזיגער צושטאנד איז גאר אינטערעסאנט, ווייל דא האנדלט זיך פון א גרענעץ־געגנט, וואו דייטשע און איטאליענישע זיטן־און־לעבנסשטייגער קאנקורירן צווישן זיך, דא באווייזט זיך שארפער נאך, איידער אין איין באשטימט לאנד מיט איין קולטור, ווי אויף אידן האט גע־ווירקט דאס לאנדלעבן ארום, נישט געקוקט אויף זייער אפגעזונדערטקייט. ס׳איז דעריבער שטארק צו באדויערן, וואס אין דעם פרט זיינען אונז געבליבן אזוי קנאפ ידיעות.

דער חלוק צווישן דייטשע און איטאליענישע אידן זעהט מען דערהויפט ארויס אין דער רעליגעזער פראקטיק. אין איטאליע איז מען אין דעם פרט ניט געווען אזוינע מחמירים, שוין ניט צו זאגן גאר פריי, ווי אין דעם שטריינגען דייטשלאנד, פאר דער עלטערער צייט האבן מיר דאס שוין געוויזן (זעה אונזער בוך, ב׳ II, ז׳ 209). מהר״י איסרלין שרייבט פון דער צייט אין זיי־נער א תשובה וועגן מתיר מאכן אן עגונה, פון זיינע רייד קאן מען זעהן, אז איטאליענישע רבנים האבן גרינג געמאכט. די מעשה איז געווען אזוי: איינער א מאן איז ניט געבליבן, האט מען זיך געווענדט צו מהר״י איסרלין, ער זאל דעם ווייב מתיר מאכן נאך אמאל חתונה האבן. איסרלין האט ניט געוואלט זאגן ניט יא, ניט ניין, דער פרויס ברודער האט דעמאלט גענומען איסרלינס כתבים וועגן דעם פאל, איז געקומען מיט זיי קיין איטאליע, און דא האבן אים די רבנים ר׳ משה אין טרעוויזא און ר׳ יעקב אין פאדוא גע־געבן א היתר פאר זיין שוועסטער, זי מעג חתונה האבן. פונדעסטוועגן האט איסרלין איצט אויך ניט געוואלט האבן צו טון דערמיט. די פרוי האט מיט דעם דערמאנטן היתר חתונה געהאט ניט ווייט פון מארבורג [54]. איסרלין דער־ציילט דאס אין זיינער א תשובה, זאגט ניט גארניט וועגן די רבנים, וואס

האבן געגעבן דעם היתר [55]), אבער מ׳זעהט, אז ער איז דערמיט אומצופרידן. נאך אזא פאל איז פארגעקומען אין מהרי״לס צייטן. פון טרעוויזא האט מען געשיקט קיין מאינץ מהרי״לן א גט, ער זאל אים דא איבערגעבן. מהרי״ל האט געפינען א שנוי אין דעם נאמען און צונאמען פון דעם מאן דעם גט׳ער און האט אפגעשיקט דעם גט צוריק קיין טרעוויזא. דער סוף איז געווען, אז דער מאן צווזעהענדיג, ווי די זאך פארהאלט זיך, האט חרטה געהאט. "מסתמא איז מיר אנגעשריבן, איך זאל לעבן מיט מיין ווייב" און דער גט איז געווארן צונישט [56]).

אידישע פרויען אין איטאליע האבן זיך געפירט א סך פרייער, איידער מ׳האט דאס צוגעלאזט אין דייטשלאנד. פון ר׳ מאיר קאצענעלנבאגנס א בריף קיין Casal-Maggiore זעהט מען, אז פרויען פלעגן איינע אליין פאָרן אויף ירידים און מאכן געשעפטן. אזא פירונג ערגערט זעהר ר׳ מאירן, ער רעדט אפ דערפון, ווארום אידישע פרויען דארפן זיין אין דערהיים און שטארק געהיט [57]). דער אסור אויף קריסטליכן וויין, קלאגט זיך דערזעלבער רב׳, גייט דא אין אויבעראיטאליע כמעט ניט אן [58]). נאך ערגער איז דאס, וואס ר׳ יהודה מינץ דערציילט אונז פון די זיטן אין דער אידישער קהלה אין פּאַדוּא. דארט "קלאגן זיך די אויסגעלאסנסטע פון דעם דור [59])", וואס די אידישע אמונה פארווערט גיין צו זונות. יענע פלעגן זיך באזעצן גראד אין דעם אידישן קוארטאל, און דאס האט שטארק געקריינקט פרומע לייט. מ׳האט זיך געפּרובט בעטן הילף קעגן דעם ביי קריסטליכע ריכטער און גייסטליכע שטילערהייט (אפן האט מען כידוע ניט געטארט מישן די פרעמדע מאכט אין אידישע ענינים), ס׳האט אבער ניט געהאלפן. קריסטן האבן געהאלטן, אז בעסער איז שוין אזוינע פרויענהייזלאַך, ס׳זאל ניט קומען צו קיין "גרעסערער זינד" צו פרעמדע ווייבער.

דארף זיך מאכן, אז א אידישע פרוי קומט פון דייטשלאנד קיין פּאַדוּאַ מיט ניט קיין כשר קינד, פינף חדשים אלט, און איינער מרדכי מיט דעם צו־נאמען פאפענשטיל [60]) וויל מיט איר חתונה האבן, כאטש זי זויגט א קינד און ס׳איז א איסור, אזוינע זאל חתונה האבן פריהער פאר אנדערהאלבן אדער גאר צוויי יאר [61]). אבער די אויסגעלאסענע זיינען צוגעשטאנען צו׳ן איר, האט מען זי דערווייטערט אין א הויז אויסער דער שטאט, האבן זיי איר אלץ ניט אפּ־געלאזט און אלץ איבערגערעדט, אז זי האט ניט מיט וואס צו שפייזן זיך און דאס קינד, און זי איז שוין גרייט געווען צו חתונה האבן פאר מרדכין. דא האט די זאך דערלאנגט צו ר׳ יהודה מינץ, און ער האט איר מתיר געמאכט חתונה צו האבן. ער פארענטפערט זיך, אז דא איז געווען א "שעת־הדחק" (און אויסנאם־פאל) [62]). אבער דאס בילד באווייזט אזא זיטנצושטאנד, וואס אין א דייטשער קהלה וואלט זיך אזוינס ניט געקאנט פארלויפן, אין איטאליע איז דאס אבער פריהער און דעמאלט געווען א געוויינטליכע זאך. אויך האט זיך געמאכט, אז די אידישע קהלה אין טרעוויזא האט געבעטן ר׳ יהודה מינץ, ער

זאל אנשרייבן א מוסר־בריף צו די בעלי־בתּים דארט וועגן פארשיידענע מעשים, וואס זיינען דארט פארגעקומען: די בעלי־בתּים, למשל, האבן ניט געוואלט צאלן אויף צו בויען א שול, וואס מ׳האט שוין אנגעהויבן בויען. ר׳ יהודה מינץ האלט דאס פאר א גרויסער זינד קעגן דין און קעגן מנהג. דאס אייגענע איז אויך פארגעקומען מיט הכנסת־אורחים. ס׳איז געווען א מנהג, מ׳זאל ציהען קוויטלאך, וועֶר פון די אנגעקומענע ארעמע לייט צו וועמען זאל גיין [63]. די קוויטלאך פלעג געוויינטליך ציהען דער פּרנס, האבן די בעלי־בתּים געוואלט דאס אפשאפן און איינפירן, דער ארעמאן אליין זאל ציהען דאס קוויטל, וועט ער פארשיימט ווערן און מער ניט קומען. די פרומע אין טרעוויזא האבן דערויף גאנץ ריכטיג געזאגט: דאס הייסט ניט — אריינברענגען אורחים (הכנסת אורחים), נאר — ארויסווארפן אורחים. און ר׳ יהודה מינץ האט שטארק פראטעסטירט קעגן דעם נייעם אויפטו. ער האט אויך פארזארגט, די מקוה זאל זיך געפינען אין א שטיל ווינקל, די פרויען זאלן קאנען גיין אין מקוה צו דער צייט און ניט מורא האבן ניט „פאר קריסטן, ניט פאר אויסגעלאסענע". איניגע טרעוויזער בעלי־בתּים האבן ניט געוואלט געבן צושטייער, זיי גייט דאס ניט אן, אנדערע האבן געטענהט, „זייערע ווייבער זיינען אלט און דארפן קיין מקוה ניט", אבער ר׳ יהודה מינץ האט באוויזן, אז אלע זיינען מחויב צושטייער געבן [64], אזוינס האט ער איינגעפירט אין פאדואַ אויך [65]. דאס וואס ר׳ יהודה מינץ האט זיך געמוזט מישן אין אזוינע זאכן, דערהויפט אין מקוה־זאכן, באווייזט, אז איטאליענישע אידן האבן זיך געפירט פריי, און ווידער, אז רבנים פון דייטשן אפשטאם האבן זיי גענומען אין יאך. ר׳ יהודה מינץ ווייזט אויך אן די טרעוויזער אידן, אז זיי זיינען דייטשן און זיי דארפן זיך האלטן ביי „מנהג אשכנז" [66].

אקעגן דערציילט אונז ר׳ יוסף קולון א פאל, וואס ער האט קיין שייכות ניט צום איינפלוס פון איטאליענישע זיטן און לעבנסשטייגער. איינעם אשר כהן האט מען אין ווערָאנָא אין שול אזוי געשלאגן, אז זיין טלית ותפלין איז צעריסן געווארן און זיין בלוט איז גערינען אויפן סדור. דעם געשלאגענעמס אייגענער פאטער, וואס ער האט אים, ווי ס׳ווייזט אויס, דער ערשטער גענומען שלאגן, האט אים נאכדעם פארמסר׳ט אין שטאטגעריכט, און יענעם האט מען ארעסטירט. די מעשה האט א סך מענשן זעהר געקריינקט, און היות ווי ר׳ מעסער לעאן, א ווערָאנער תושב, א מאן פון גרויס געלערנטקייט, האט ניט געקאנט אויסגלייכן די צדדים, האט ער די זאך געבראכט פאר זיין פריינט, ר׳ יוסף קולון, וואס האט ארויסגעגעבן זיין פסק אין א תשובה [67]. דערביי דארף באַ־מערקט ווערן, אז די פארמישטע אין דער מעשה זיינען געווען דייטשע אידן, ווי מיר ווייסן דאס שוין פון פריהער, אז גראד אין דייטשלאנד פלעגט מען זיך אפט שלאגן אין די שולן [68]. די געבוירענע איטאליענער האבן זיך, זעהט אויס, געפירט פיינער, אבער די דייטשע אידן אין איטאליע זיינען געבליבן ביי זייער לאנדשטייגער און זיינען געווען גרינג אויף קלעפּ.

איטאליענישע אידן האבן ניט געקאנט האבן קיין גוטן איינפלוס אויף די זיטן ביי דייטשע אידן אין אויבעראיטאליע, אבער אקעגן האבן זיי גע־ווירקט, יענע זאלן אנהויבן פרייער צו דיינקען. אין איטאליע האט זיך די הומאניסטישע וויסנשאפט דורכגעבראכן א וועג ביי אידן שוין אין 15־טן יאר־הונדערט, און דאס האט געהאט א פעולה אויף די צוגעקומענע דייטשע אידן אויך. ר׳ יעקוב לאנדא, למשל, האט געהאט א תלמיד א יונגען מאן פון נעא־פאליטאנישן טריקאָריאַ, וואס האט געהאט "טיפע וויסנשאפט" אין פיזיק און אין מעטאפיזיק, פאר דעם האט ער דאס געמאכט זיין הלכה׳שן קאמפענדיום "אגור"". ווייל יענער האט איבער זיין וויסנשאַפטליך שטודיום ניט געקאנט זיך ארייננלאזן טיפער אין תלמוד [69]. אזא פאזיטיווע באנעמונג צו פילאזאפישע דיסציפּלינען און צו שטודירער האט זיך ביי א דייטשן רב געקאנט טרעפן נאר אין איטאליע. מיר האבן שוין דא געהאט דערמאנט, אז ר׳ יהודה מינץ זאל אפילו אליין האבן געלייענט לעקציעס פילאזאפיע אין אוניווערסיטעט אין פאדוא. דא איז שוין אויך דערמאנט געווען, אז ער האט דערלויבט, מענער זאלן זיך פורים פארשטעלן און פארקליידן פאר פרויען. די רבנים אין דייטש־לאנד האבן אזוינס שטריינג פארבאטן. אויף איין שאלה פון אָפּען האט ר׳ מאיר קאצענעלבאגן געגעבן א תשובה, וואס באווייזט א סך טאלעראנץ און פריי־גייסט. א רייכער, אן אנגעזעהענער איד האט זיך דארט געטויפט. זיינע זין, וואס זיינען געבליבן אידן, האבן זייט דאמאלס ניט געלאזט זיך אויפרופן צו דער תורה, ווארום איסרלין האט מתקן געווען, מ׳זאל אויפרופן א זון פון א געטויפטן ניט ביי דעם פאטערס נאמען, נאר ביים זיידנס. ער האט זיך דער־ביי פארופן אויף דעם "ספר הסידים" [70]. די געטראפענע האבן דא געזעהן א פחיתת הכבוד פאר זיך, און זיי האבן דאס ניט געוואלט אויסשטיין. ר׳ מאיר קאצענעלבאגן האט געפסקעט, אז מ׳מעג זיי אויפרופן אויף זייער פאטערס נאמען, נישט געקוקט, וואס יענער האט זיך געטויפט. ער זאגט: "די אימה פאר דעם גאון איסרלין, וואס ער האט געבראכט א ראיה פונם ספר חסידים, שרעקט מיך ניט", ווארום "דאס איז שוין צו פיל חסידות (פרומקייט), אזוי ווי אנדערע מנהגים חסידות, וואס ווערן דער־מאנט אין ספר חסידים". דערביי האט ער אזוי אויסגעטייטשט איסרלינס תקנה און די באמערקונג אין "ספר חסידים", אז ס׳איז דא קיין שום סתירה ניט מיט זיין פסק. נאך א טעם האט ער געגעבן, פארוואס מ׳זאל די זין אויפרופן אויף זייער פאטערס נאמען: דער געטויפטער איז א "תקיף" און א "גרויסער האר"", און מ׳מוז אזוי טון פון "דרכי שלום" וועגן, אזוי ווי ס׳איז א מנהג אין די דאזיגע לענדער, אז דער חזן מיט א ספר תורה אין האנט בענטשט דעם קיניג אדער דעם לאנדפירשט מיט אלע הארן און מ׳האט קיין מורא ניט צו דערמאנען זייער נאמען ביי א ספר תורה, בפרט נאך, מ׳זאגט זיכער, אז דער געטויפטער איז אַ גוטער פריינט אידן, נאהענטע און ווייטע, און טוט זיי גוטס. פון אזוינע מעשים זעהט מען זיין מחשבה, אז ער האט חרטה

און האט גאטספארכט אין הארצן· דארף מען אים מקרב זיין· ניט דער וויי־טערן [71]· ס'מעג דא אויך באמערקט ווערן· אז ר' מאיר קאצענעלבאגן ברײנגט די חדשים ביי די נעמען· ווי מ'רופט זיי אין לאנד [72]· אזוינס איז געווען איינ־געפירט נאר ביי איטאליענישע אידן [73].

וועגן דער באנעמונג פון קריסטן צו אידן· דערהויפט פון די לאנדפירשטן און דער עפנטליכער מאכט· דארף גערעדט ווערן ברייטער· דא זאל נאר בא־מערקט ווערן· אז אידן אין אויבעראיטאליע האבן בדרך כלל ניט געהאט אויסצושטיין קיין רדיפות· איבער זייערע ברייט־פארצווייגטע געשעפטן האבן אפילו רבנים געקענט די ציווילגעזעצן פון דעם לאנד· ר' מאיר קאצענעלנבאגן געטרויט שטארק די עפנטליכע נאָטאַריוסן (נוטירין) אדער „cancellieri“ (קנציל) אפצושיידן פון קריסטליכע ווינקלשרייבערס [74]· וואס קולון זאגט אויף זיי: „זיי זיינען פאלש און אומבאגלויבט“ [75]· אין די שו"ת טרעפן מיר נאך א סך אנדערע אויסדריקן פונם איטאליענישן האנדלסרעכט [76]· דערהויפט האבן אידן געפירט „אַוואַנטיורן מיט געלט“ [77] (געלטגעשעפטן) [78]· א שטיקל צייט האבן אידן געהאט קאנקורענטן: פראנציסקאנער מאנאכן האבן געמאכט לייהבענק (montes pietatis, monti di pieta) טיילווייז צו דערשטיקן אידישן וואָכער, טיילווייז פון געשעפט וועגן· דערהויפט האט דא געארבעט בערנארדין פון פעלטרע (1439־1494) א פראנציסקאנער מאנאך· וואס פלעגט ארומפארן אין אויבעראיטאליע פון שטאט צו שטאט· האלטן פייערדיגע ריידעס קעגן אידן און צוריידן· מ'זאל מאכן לייהבענק. אים און זיינגלייכן איז קולון אויסן· ווען ער זאגט: „איבער אונזערע גרויסע זינד האט זיך אויף אונז שווערגעלעגט די האנט פון די פרעדיגער· און די זאך (דאס געלטגעשעפט) קאן אונז נאך קאסטן לעבן און פארמעגן· דאס איז פאר אונז דערהויפט געפערליך איין מאל אין יאר“ (מסתמא זייער פסח) [79]· ער זאגט נאך: „פאר דרייסיג יארן· אדער ווייניגער· איז ניט געווען דאס ניטפארגינען און דאס ריידן קעגן פראצענט· ביז ס'זיינען געקומען די פרעדיגער· א רוט אויף אונז· אלע טאג וואלטן [80] זיי אונז פארטיליגט; ווען ניט גאט זאל זיין מיט אונז· וואלטן זיי אונז לעבע־דיגערהייט איינגעשלונגען· נאר דאנקען גאט די שרעק איז פארביי“ [81]· די אויפרעגונג האט טאקע ניט לאנג געדויערט· צום טייל האבן אידן צו פאר־דאנקען די דאָמיניקאנער אזא גליקליכע ווענדונג· יענע· זעהט אויס· האבן זיך מתקנא געווען אין די פראנציסקאנער· וואס זיי באקומען אזא אנזעהן אין פאלק· זיי האבן אבער געטענהעט· אז לייהבענק איז א זינד קעגן דער קירך· אזוי ווי יעדער צינזנגעשעפט בכלל· דער עיקר אבער איז בערנארדין דורכ־געפאלן איבער דער רעגירונג· וויפיל שאדן ער האט ניט אנגעטאן אידן אויף א וויילע· ווארום דער רעגירונג האט ניט געלוינט פארלירן די גרויסע שטייערן· וואס זי האט גענומען ביי אידן· די איטאליענער זיינען זיך אויך שטענדיג באגאנגען מענשליך מיט אידן· ווי מיר האבן דאס שוין באמערקט· און זיי האבן זיך ווייניג וואס צוגעהערט צו העצערײַדעס פון גייסטליכע· אין פלארענץ

האט פעטער מעדיטשי און דער סענאט פארווערט בערנארדינען צו פריידיגן, און ער האט זיי געשאלטן „פאר זייער צו פריינטשאפט מיט אידן". אין מוטינאַ און אין גוביאָ האט ער אויך געשאלטן די „אידנפריינט", וואס האבן זיך פון אים אפגעקערט. אזוי איז אים צוגעגאנגען אין איניגע ווענעציאנישע שטעט אויך, די בירגמייסטערס האבן אים געוויזן א בריף פון דעם דאָזש (פירסט) אַוואגוסטיני Barbarigo, זיי זאלן אים ניט לאזן טרייבן קיין אידנ־העצע. און חוץ דעם – דאס זאגט ער אליין – האט מען פון אים געקלינגען, אז מער ברייגגט ער שאדן ארעמע, איידער נוץ. וואס דעם מאן האט אגב באגייסטערט, קאן מען ארויסזעהן פון אזא זאך: אין Brescia האט ער אנגערייצט פארברענען „שלעכטע" ביכער, צווישן זיי האט מען פאר־ברענט באָקאַטשיאָס נאוועלן אויך. לסוף האט ער אליין געמוזט דערקלערן, אז ער פריידיגט נאר קעגן אידישן וואָכער, ער איז אבער ניט אויסן שאדן ברייגגען אידן אין לייב און פארמעגן, „ווארום זיי זיינען אויך מענשן" [82]. מיר ווייסן שוין אבער פון קולונס רייד, אז אידיש פארמעגן און לעבן איז אלע מאל געווען אויסגעשטעלט, ווארום אין איניגע שטעט האט דער המון געפאלגט בערנארדינען און איז באפאלן אידן. די שרעק איז פארביי, ענדע 15־טן און אנהויב 16־טן יארהונדערט ועהען מיר דאס געלטגעשעפט ווידער איינשטיין ביי אידן אין די הענט. אבער בערנארדינס דרשות האבן געהאט א פעולה: אידישע קהלות זיינען זעהר ציטעריג געווארן אויף זייערע געשעפטן, און זיי האבן ניט צוגעלאזט פרעמדע אידן זאלן זיי קאנקורירן [83].

איצט ווען מיר זיך אומקערן צו דער פראגע, וואס מיר האבן געשטעלט אנהויב קאפיטל: פון וואנען נעמט זיך דאס יענע צייט די דייטשע אויבער־השפעה אין אידישע קהלות אין אויבעראיטאליע? די געבוירענע איטאליענישע אידן האבן געהאט זייער אייגענעם מנהג, ווי ווייט דא האנדלט זיך פון שדוכים דערציילט אונז וועגן דעם קולון, בכלל אבער האט ער אליין זיך נאכגעפרעגט אויף דעם מנהג ביי אנדערע. דער שליח, וואס פלעגט ברייגגען כלה־מתנות פון דעם חתן אדער פון אנדערע, פלעגט זאגן: „Come ti piace del parte del N.N." [84].

די כלה פלעגט אבער ניט נעמען די מתנות גלייך פון דעם שליחס האנט, דאס פלעגט טון איינע א פרוי, און זי פלעגט זיי שוין איבערגעבן דער כלה [85]. די קידושין פלעגט פריהער געמאכט ווערן „שטילערהייט פאר עדות אהן א מנין איבער מורא פאר כשוף" [86], דערנאך פלעגט מען שוין מקדש זיין פאר א מנין אידן עפנטליך. ס'איז שוין דא פריהער דערמאנט געווען, אז כלות פון דער פרעמד פלעגן קומען רייטנדיג אויף פערד, און מיט זיי נאך רייטער – באגלייטער [87]. איטאליענישע אידן האבן געהאט נאך אנדערע מנהגים אויך [88]. ווידער ווייסן מיר, אז דייטשע אידן האבן זיך גע־האלטן ביי זייערע מנהגים און האבן זיי איינגעפלאנצט אין די איטאליענישע קהלות אויך. מיר האבן שוין דערמאנט, אז ר׳ יהודה מינץ האט בפירוש גע־פאדערט, מ'זאל איינפירן דעם מנהג אשכנזי אין קולונס סדר וועגן גט פאדערט

ער אין א געוויסן פאל׳ אז „די דיינים זאלן פארטייטשן דעם תּנאי מיט אלע פּרטים אויף דייטש״ (אידיש) [89]. דאס הייסט, ניט אלע דייטשע אידן האבן גערעדט איטאליעניש, אבער רבנים האבן מייסטנס געמוזט קענען ביידע שפּראכן, דייטש און איטאליעניש. ר׳ מאיר קאצענעלנבאגן באהאנדלט עפּיס א גט און דערמאנט, אז דייטשע אידן זאגן: דער פּאָ — א טײַך פּאָ — (זכר), ױט די פּאָ, אויף איטאליעניש זאגט מען אויך il Po, ניט la Po; אקעגן זאגט מען עטליכע טייכן בלשון נקבה, למשל: די „דונא״ (דוניי), די „ברענטן״ (בּרענטאַ), אויף איטאליעניש: la Brenta; ווידער זאגט מען „דער מיין״, „דער ריין״ [90]. דאס הייסט, ער האט פארשטאנען ביידע שפּראכן. דאס אייגענע קאן מען אויך זאגן אויף סוחרים, וואס אייגנטליך זיינען זיי דערהויפּט געווען די גרינדער פון דייטשע קאָלאָניעס אין אויבעראיטאליע, זיי פלעגן אבער פארן קיין דייטשלאנד אויך און געווען פארבונדן מיט זייער היים. יערג וויקראַם דערציילט וועגן א „ברודער״ (א מאנאך) אין איטאליע, וואס האט פארקערט מיט איינעם „נאַטאַ יוד״: „ער האט דערום א סך פארבראכט מיט אידן, ווייל דער איד פארט אפט קיין דייטשלאנד, פלעגט מיט אים דער „ברודער״ שאפן הין און צוריק״ [91]. אזא רייזע־פארקער פון דייטשע אידן אין איטאליע האט זיך געהאלטן דערויף, וואס אויף דער גאנצער שטרעקע פון אויבעראיטאליע ביז קיין ווין זיינען געווען א סך אידישע קהלות, און די רייזנדער האבן זיך געקאנט דארט אפּשטעלן. א סך האט דא נאך געהאט צו זאגן, וואס ווין, ניישטאַט און קרעמז זיינען געווען דער מקום תורה. דאס זיינען די סבּות, פארוואס דייטשע רבנים און סוחרים האבן זיך געקאנט איינארדענען אין די אידישע קהלות אין אויבעראיטאליע. א סך האט דא מיטגעבראכט צו באזעצן זיך אין אויבעראיטאליע די רדיפות, וואס אידן זיינען אויסגעשטאנען אין דייטשלאנד. דערווייל אבער האט זיך די דייטשע שפּראך און דייטשע זיטן איינגעווארצלט אין די אידישע קהלות דארטן. דא פלעגט מען לייענען א סך אידיש־דייטשע ווערק אין פּראָזע און אין פּאעזיע. אייניגע אזוינע ווערק זיינען דארט געשריבן און געדרוקט געווארן. מיר האבן שוין געהאט דערמאנט א כּתב־יד פון א אידיש־דייטשן מנהגים־בוך (זעה פריהער, ז. 82), דער כּתב־יד האט געהערט צו איינער פּרווידלינע, וואס שטאמט פון דייטשלאנד און האט געלעבט אין ווענעציע דאס יאר 1550. אויף דעם כּתב־יד האט זי פארשריבן איר נאמען. א אידיש־דייטש ליד „פּאריז און׳ ווינא״ איז געדרוקט אין וועראָנאַ דאס יאר 1594 [92]. אזוי הייסט דאס דרוקארט אויף דעם איטאליעניש טיטלבלאט, אויף דעם אידיש־דייטשן שער הייסט דאס נאך „בּרן״ (בּערן), ווי מ׳פלעגט רופן וועראָנאַ אין מיטלאלטער. אנדערע ערטער האבן זיך אויך דערהאלטן ביי אויבעראיטאליענישע אידן מיט זייערע דייטשע נעמען, ווי למשל, „ווידען״ [93], דאס איצטיגע „אודינע״, שפּעטער זיינען די נעמען פאר איטאליעניזשט געווארן. מיט דעם פארטרייבן

אידן פון קערנטען און שטייערמארק איז די פארבינדונג פון די דייטשע קאלאניעס מיט זייער היימלאנד איבערגעריסן געווארן אדער ס'איז שווער גע־וואָרן צו דערהאלטן אזא פארבינדונג. וויכטיגער אבער איז, וואס די ווייטער־דיגע קאלאניזאציע האט אויפגעהערט, דער פועל־יוצא איז געווען, אז די דייטשע השפעה האט געמוזט אפטרעטן דער איטאליענישער ניט בלויז אין א איטאליענישער געגנט, נאר אין דער דייטשער גרעניץ־געגנט אויך. נאך עד היום דערמאנען אזוינע נעמען ווי אשכנזי, טעדעשי, מאָרפורגאָ (מאַרבורגער) די אמאליגע דייטשע ווירקונג אין איטאליע. דאס פארטרייבן אידן פון קערנטען און שטייערמארק האט צעשטערט א וויכטיגע פעסטונג פון דעם דייטשטום אין איטאליע.

## נאָטע I. (צו ז. 32)

[ד״ר נידעמאן ברײנגט דא דעם אָריגינאל „באשטעלבריף“, וואס קאָנראד פאָן ווײנספערג, קײזער סיגיזמונדס קאַמערמײסטער, האט דאס יאר 1435 ארויסגעגעבן א אידן אנשיל פון קעלן; געמאכט אים פאר אויבער־רב אין דער רוימישער מדינה. דער בריף איז געשריבן אויף א שפּעטן מיטלהויכדײטש. דער קורצער אינהאלט פון דעם בריף איז איבערגעגעבן אין טעקסט, ז. 32. קײן גרעסערן אינטערעס האט ער אין אריגינאל אויך ניט, בפרט, אז דאס איז ניט דער אײנציגער דאקומענט פון אזא ארט. צוויי אזוינע דאקומענטן זײנען שוין פון פריהער באוואוסט און געבראכט בײ ווינערן: Wiener, Regesten zur Geschichte der Juden in Deutschland während des Mittelalters I (Hannover 1862) S. 65, 71 ff, 254 (זעה אין טעקסט פריהער, ז. 31). איך האב דעריבער דעם דאזיגן דאקומענט דורכגעלאזט]. נ.ש.

## נאטע II. (צו ז. 72)

### האָלצשיך.

די שטעל, וואס מיר האבן געבראכט (ז. 72) פון בראַנטס „נאַרענשיף“, דערקלערט אונז דעם אלטן פארבאט אריינקומען אין שול אריין אין די שיך, וואס ווערט דערמאנט אין מהר״ם מינצס שאלות־ותשובות, סי׳ ל״ח (זעה פריהער, ז. 72). דער איסור איז דא אויסן האָלצשיך. לויט צאַרנקע באשרייבט זיי (Narrenschiff, ז. 380), איז דאס געווען דיקע הילצערנע זוילן, וואס מ׳פלעגט טראגן צוגעבונדן צו די שיך אונטן (זעה: Grimm, Wörterbuch, אונטער דעם ווארט). אויסדריקליך ווערן די האָלצשיך דערמאנט ביי ר׳ משה כהן אין „ספר חסידים קטן“ (זעה פריהער ז. 141): „קויפסטו שיך, אויף אונזער לשון הול״ט שוי״ה, זאל דיין מיין זיין, דו זאלסט די פיס ניט איינריכטן, זיי זאלן ריין זיין, ווען דו קומסט אין שול אריין, צו מקים זיין, וואס שלמה המלך האט געזאגט: היט דיינע פיס, ווען דו גייסט אין גאטס הויז. איינמאל איז ר׳ נאָהליב געקומען קיין קאָבלענץ, האב איך פון אים געהערט: ס׳שטייט אל תבואני רגל גאוה, ס׳זאל ניט קומען צו מיר די פיס פון גאוה, דאס מיינט מען די שיך. ויד הרשעים אל תנידני, אז די האנט פון רשעים זאל מיך ניט אָנרירן, דאס מיינט מען הענטשקעס“.

פון דער דאזיגער שטעל זעהט מען, ראשית, אז האָלצשיך האט מען געהאלטן פאר א נויטיגער זאך אויף ריינצוהאלטן די שיך בעת מ׳קומט אין שול אריין, און צווייטנס, אז האָלצשיך פלעגט מען אויסטון פאר דעם אריינגיין אין שול אריין, כדי ניט צו פאראומריינען די שול. אין דעם פרט שטימט דער „ספר חסידים קטן“ מיט דער תשובה ביי מהר״ם מינץ. ביידע זיינען אויכן צו פארהיטן, א שול זאל ניט פאראומריינט ווערן; און כאטש דער „ספר חסידים קטן“ דער־מאנט ניט, אז מ׳דארף אויסטון די האָלצשיך פאר דעם אריינגיין אין שול אריין, און מהר״ם מינץ דערמאנט ניט, אז בעת מ׳גייט אין שול אריין, דארף מען זיי אויפן וועג אָנטון — איז דאס קלאר פון זיך אליין. ר׳ נאָהליב ברײנגט נאך א מאָטיוו, פארוואס מ׳דארף אויסטון די האָלצשיך, איידער מ׳טרעט איבער די שוועל פון דער שול: נעמליך, אריינגיין אין שול אריין אין האָלצשיך איז א גאוה־זאך. פארוואס? א פירוש דערויף געפינען מיר אין דער געבראכטער שטעל פון דעם „נאַרענשיף“ (זעה פריהער, ז. 72): דאָס Klappern און Schnyp-Schnapmachen (קלאַפּן און טראַסקען), דער גערויש, וואס מ׳מאכט אָן מיט אזוינע שיך, מאכט דעם איינדרוק פון פּראַ־

לעריי. ס'קאָן אויך זיין, אַז „רגל גאוה", די פיס פון גאוה, מיינט מען דאָ דעם לוקבוז און די באַרימעריי, וואָס מ'פלעגט טרייבן מיט האָלצשיך. וועגן דעם רעדט גיילער אין אַ דרשה אויף „נאַרענשיף". בראַנט רעדט אויך וועגן דער פוסטער באַרימעריי, וואָס מ'פלעגט טרייבן מיט האָלצשיך, אין די פערזן:

**Vnd brucht die holtzschu uff der gassen**
**Do ér ein pfenigwert drecks möht fassen.**

(ער טראָגט האָלצשיך אין גאַס, וואו ס'איז פאַראַן גאָר קנאַפּ שמוץ).

דאָס גאַנצע ליד בראַנטס איז אויסן די העכערע קלאַסן, וואָס קאָנען זיך פאַרגינען האַלטן הינט און יאָג־פאַלקן און פראַלן דערמיט, אַדער ווי אונזער ר' נאַהליב זאָגט: באַווייזן גאוה. אויף זיי זאָגט בראַנט, זאָלן זיי די הינט און די פאַלקן לאָזן אין דערהיים, ווען זיי גייען אין קירך אַריין. דאָס אייגענע קאָן אָנגיין אויף האָלצשיך אויך[1]). בראַנט מיינט דאָס, ער זאָגט דאָס אָבער ניט אָפן, נאָר איראָניש: זאָלן זיי גיין די האָלצשיך אין גאַס, זיי זאָלן זיך חלילה דאָס מינדסטע ניט איינשמירן די פיס, אָבער זאָלן זיי מיט די האָלצשיך ניט טומל־מאַכן לייטן אין קירך! דער דאָזיגער מיין שטעקט אויך אין דער פאָרשריפט פאַר די צוועלף כאָרשילער פון דער נירנבערגער שפּיטאָל־שול: „מ'זאָל ניט טראָגן קיין האָלצשיך אין קירך אַדער ביי אַ קראַנקן" (Joh. Müller, I Schulordnungen, ז. 19). דאָ, הייסט עס, איז מען אויסן נאָר מ'זאָל ניט קלאַפּן. גיילער אָבער איז אויסן די גאוה און באַרימעריי, אַזוי ווי די רבנים, דער חלוק איז נאָר אין זייער באַציהונג צו ריינהאַלטן גאַסהויז. גיילער איז אומצופרידן מיט דעם קריסט, וואָס, ווען ער גייט אין קירך, נעמט ער מיט צוויי פּאָר האָלצשיך; אַ רב וואָלט אַזאַ אידן געהאַלטן פאַר זעהר אַ פרומען מאַן (ווען דאָ זאָל ניט שטעקן קיין גאוה און באַרימעריי), ווארום זיי איז זעהר וויכטיג געווען, אַז מ'קומט אין שול אַריין, זאָל אויף די פיס ניט זיין דער מינדסטער שמוץ. אָבער גיילערן און בראַנטן מאַכט ניט אויס אַ ביסל שמוץ (pfenigwert drecks). אַזוי זעהען מיר, ווי פון קריסטליכע שרייבער קומען מיר צו פאַרשטיין, וואָס רבנים האָבן געמיינט, און פאַרקערט. ס'איז נאָך צו באַמערקן, אַז דער מחבר פון „פענח רזא", אין זיין פירוש אויף דעם פסוק „של נעליך מעל רגליך" (טו אויס דיינע שיך פון די פיס, שמות, קאַפּ. ג', פסוק ה') רעדט אויך פון איבערשיך: משה איז נאָך זיין פירוש נאָך געגאַנגען אין זומפיגע ערטער און צווישן דערנער, פלעגט ער טראָגן צוויי פּאָר שיך, איינס אויפן אַנדערן. די „אונדרשוהא" (אונטערשיך), וואָס ווערן דערמאָנט ביי פערלעסן (Beiträge, ז. 60), מיינט מען מסתמא אויך אונזערע האָלצשיך.

## נאָטע III. (צו ז. 86)

### קירסען (Kürsen)

וועגן דעם קליידשטיק „קירסען" פון רויכוואַרג, וואָס ס'געהערט צו פרויענקליידונג, איז פאַראַן אַזאַ שטעל ביי זעליגמאַן בינג (האַלבערשטאַמס מאַנוסקריפּט, בל. 12[2]):

„ומה שנוהגים הנשים ללבוש קורזי"ן לסרבלי[2]) בר"ח משום דלעתיד לבא הקב"ה מחדשם וכו' וכתיב תתחדש כנשר נעורייכי הלכך לובשים העור דיש לה שיער דומה לנשר שיש לו כנפים וגדפא ובלילי שבתות לובשי' גם הנשים קורזי"ן במקום סרבלי' לפי ששבת דומה לכלה וכו' וכשהכלה נכנסת לחופה לובשין לה קורזי"ן גם בשבת כשנכנס שבת לובשות קורזי"ן והטעם שהכלה לובשת קורזי"ן משום דכתי' וגילה (sic.) ברעדה במקום גילה שם תה' רעדה ומשום הכי לובשת שרגנ"ז לזכור יום המיתה וקורזי"ן נמי קצת כיסוי ועיטוף שאינ' של שמחה כ"כ[3]). וכן נוהגות הנשי' כשאירע לקרובי' דבר שלובשי' בגדי חול בשבת לובשי' בשבת בשחרית קורזי"ן וכן אמרו לי הזקנות החסידות ומאחר דלובשי' הכלה בקורזי"ן בשעת כניסת לחופה לובשות נמי קורזי"ן בשעת כניסת שבת דהוא נמי כניסת כלה".

(און דאָס, וואָס די פרויען זיינען זיך נוהג ראש־חודש אָנצוטון „קירסען" אַנשטאָט אַ מאַנטל איז דאָס דערפאַר, ווייל אויף יענער וועלט וועט זיי גאָט באַנייען א. אז. וו. און ס'שטייט: דו וועסט באַנייען אַזוי ווי אַן אָדלער דיין יוגנט, דעריבער טוט מען אָן רויכוואַרג, וואָס ס'האָט האָר, נעגליכנט צו אַ אדלער, וואָס האָט פליגל. פרייטאָגצונאַכטס טוען פרויען אויך אָן „קירסען"

אנשטאט א מאנטל, ווייל שבת איז נעגליכן צו א כלה, און אז א כַּלָה גייט צו דער חופה טוט מען איר אָן „קירסעך“, דעריבער טוט מען זיך שבת אויך אָן „קירסעך“. און פארוואס טוט זיך די כַּלָה אָן „קירסעך“, ווייל ס'שטייט נילה ברעדה (א פרייד אין א ציטער), דארט, וואו פרייד איז, זאל זיין ציטער אויך, דעריבער טוט זי אָן א טרויערמאנטל אויך, זי זאל זיך דערמאנען דעם טאג פון שטארבן. און „קירסעך“ איז אויך א מין צודעק און איינוויקלונג, וואס איז ניט אזוי שמחהדינג[8]). ווייבער זיינען זיך אויך נוהג, אז ביי קרובים טרעפט עפּים [אן אומגליק] און יענע טוען זיך אָן וואָכעדיגע אום שבת, טוען זיי אויך אָן „קירסעך“ שבת צו שחרית. אזוי האבן מיר דאס אויך נעזאגט פרומע אלטע ווייבער. און ווייל מ'טוט אן דער כלה „קירסעך“, ווען מ'פירט זי צו דער חופה, דעריבער טוט מען זיך אויך אן „קירסעך“, ווען ס'פארנייט שבת, ווארום דאס הייסט אויך בריינגען די כלה).

## נאָטע IV. (צו ז. 93)

### פורים און פאסטנאכט.

[ד״ר נידעמאן פירט דאָ א לאנגע פּאָלעמיק קעגן אן אנטיסעמיט פּאָל דע לאגארד, וואס וויל באווייזן, אז פורים איז א מין „פאסטנאכט“ (קארנאוואל), אז אייגנטליך פאסטנאכט נעמט זיך פונם אידישן פורים, ווען אידן זיינען מחויב צו זויפן, פרעסן און טון ווילדע זאכן. אזא פאלעמיק קעגן „שונאי־ישראל“ אינטערעסירט ניט מער א היינטינן אידישן לעזער, און איך לאָז דורך די דאזיגע נאָטע גאר]. נ. ש.

## נאָטע V. (צו ז. 96)

### דער אידישער זיט („Der jüdisch syt“).

„דער אידישער זיט“ —, אזוי הייסט ביי סעבאַסטיאַן בראַנט (Narrenschiff, ז. 7) די מאָדע פון פילפאלטיגער קליידונג, וואס איז אויפגעקומען אין זיין צייט. וועגן דעם רעדט גיילער אויך אין א דרשה אויף „נארענשיף“.

איך פארשטיי ניט, פארוואס צארנקע (ז. 309) האלט זיך ניט אין זיין דערקלערונג וועגן „אידישן זיט“ ביי גיילערן, און ער באמערקט גאר: „איך בין משער, אז בראַנט מיינט דאָ די ברייטע רעק מיט פאלדן, לאנג ביז די זוילן, וואס אין אייניגע געגנטן האלטן דאס נאך אידן ביז היינט פאר זייער אייגענער טראכט“. דאָ האנדלט זיך אבער ניט פון רעק, נאר פון מאנטלען, ביי גיילערן זיינען זיי באשריבן פונקט אזוי, ווי דער מחבר פון „לקט יושר“ (ט. I, ז. 44) באשרייבט איסרלינס מאנטל: „חכורני שהסרבל שלו היה סביב בית הצואר מלא כנפים[4]) וגם היה לו הרבה חתיכות של בגד שהיו רחבים למטה כנגד ג' טפחים או ד' ולמעלה אינ' רחבי' כ״כ וקורי' בל״א גירן ועשה כמו סרבל של אשה וכו' וקו' אותן סרבלי' בל״א גריבילים מענטיל ואותם סרבלי' נושאים רק רבנים זקני' באושטריך וגם מקצת שאר זקנים“. די באשרייבונג שטימט דאָ גענוי מיט גיילערס, ווען בראַנט האלט די פילפאלטיגע מאנטלען פאר א „אידישן זיט“ — און גיילער — פאר א אידישער קליידונג — איז דאס ניט גאר אזוי. אומגערעכט איז אויך צארנקע, ווען ער מיינט, אז דאָ האנדלט זיך פון א אידישער טראכט. אידן האבן אין מיטלאלטער קיין אייגענע קליידערטראכט ניט געהאט, חוץ די ספעציעלע אָפּצייכנס, וואס מ'האט זיי גענויט טראגן. איסרלינס תלמיד, דער מחבר פון „לקט יושר“, זאגט אויסדריקליך, אז אזוינע מאנטלען, ווי ער באשרייבט איסרלינס, האבן געטראגן „נאר אלטע רבנים אין עסטרייך און א טייל אלטע לייט“. ליפמאן מילהויזען זאגט אין זיין ספר „נצחון“ (§ 239) אויך אזוי: „מכאן תשובה להמלגלגים על שמקצת יהודים נִכָּרים בהילוכם ובמלבושיהם שהם יהודים“. הייסט דאס, ער באשטעטיגט אויך, אז נאר „א קליינער טייל אידן האט מען געקאנט דערקענען אין זייער קליידונג“. די ספעציעלע אָפּצייכנס זיינען אויך געמאכט געווארן, מ'זאל אידן אויסערליך דערקענען; וואלטן אידן געהאט אן אייגענע קליידערטראכט, איז וואלטן אָפּצייכנס געווען גאר איבעריג. בכן איז „דער אידישער זיט“ — א רבנ'ישער זיט, און גראד אין עסטרייך, און אפשר אין גאנץ דרום דייטשלאנד. די איצטיגע לאנגע רעק ביי פוילישע אידן, וואס צארנקע, זעהט אויס, מיינט, קומען גאר ניט אהער,

זייל זיי שטאמען אזוי ווייניג פון אידן, ווי פון דייטשן. בראַנט און גיילער פרובן זיך חוזק צו־מאכן פילפאלטיגע מאַנטלען, אלס „אידישער זיט", אזוי טוט פישארט אויך (ed. Kurz I, Dominici Leben 826 f) בנוגע צו דער קליידונג פון איינינע מאָנאכן־אָרדנס:

„Sie haben auch ein feinen brauch,
Das sie an Kleidern auff der Brust
Ein Zeichen füren nur mit lust,
Gleich wie die Jüden Ringlein tragen"

(זיי האבן אויך אַ פיינעם איינפיר, זיי טראגן אַ צייכן אויף די קליידער אויף דער ברוסט, אזוי ווי אידן טראָגן רינגעלאך).

די „רינגעלאך" דאס זיינען די באקאנטע אידישע אָפּצייכנס, אגב ניט שטענדיג און ניט אומעטום האבן זיי אידן געטראגן.

## נאָטע VI. (צו ז. 125)

### א״ידן־שפיז" (Judenspiess)

ד״ר נידעמאַן פירט דאָ אַ לאנגע פּאָלעמיש־לעקסיקאַלישע חקירה, פון וואנען ס׳נעמט זיך דער אויסדרוק „שפיז" און „אידן־שפיז" פאר וואָכער, די אונטערשטע שורה איז אזוי (נ. ש.):

„דאס בילד „שפיז" פאר וואָכער און „מיט אַ שפיז לעבערן" — פאר נעמען וואָכער — שטאַמט פון איטאליע. פון דארטן האט מען דאס איבערגענומען אין דייטשלאנד, אזוי ווי מ׳האט דאָ איבערגענומען פון איטאליענישן אַ סך אויסדריקן פון האנדל און פינאנץ־וועזן. (למשל: abenteuern אין דייטש פונם איטאליענישן avventurare, זעה פריהער ז. 171). אבער אין איטאליע האט מען דעם אויסדרוק „שפיז" אין באטייט „וואָכער" קיינמאל ניט פארשטאנען אלס ספעציעל אַ אידישע זאך. ערשט אין דייטשלאנד (און דאָ גייען מיר איבער פון אַן עטימאָלאָגישער פאָרשונג צו אַ קולטור־היסטארישער), ערשט דאָ האט מען געמאכט פון „שפיז" — „אידן־שפיז". צו פארשטיין דאס ווארט איז דאס קיין מעלה ניט געווען, אבער קיין מעלה איז דאס אויך ניט געווען פאר די, וואס האבן געקויט דאס ניי־געבוירענע ווארט, אראפּגעווארפן פון זיך די שולד פאר וואכער און ארויפגעווארפן זי אויף אידן, דאס הייסט, פאר די, וואס האבן געפעלשט מַטבֵּעוֹת און האבן דאס אנגעגעבן פאר עכט געלט".

## נאָטע VII. (צו ז. 147)

### די אידיש־דייטשע שריפטשפראך.

#### I.

אידיש־דייטש דארף מען דא פארשטיין ניט קיין איינגנטימליכע שפראך, ניט קיין איינג־טימליכן דיאלעקט אפילו, נאר די ארט שריפטליך איבערצוגעבן די דייטשע שפראך פון מיטלאלטער מיטן העברעאישן א״ב, געוויינטליך האט מען דערויף באדארפט האבן אַ באזונדער אָרטאָגראפיע. דער איבערזעצער פון „ספר מדות" ברייננט צום סוף בוך כללים: „וויא מן טייטש לייאן אונ׳ שרייבן זול" [ווי מ׳זאל לייענען און שרייבן דייטש]. די דאזינע כללים ברייננ איך דא מיט מיינע באמערקונגען. פון קלארקייט ווענן האב איך דא נומער־רירט איינצלנע זאצן*):

*) וועגען ד״ר נידעמאַנס באציהונג צו „אידיש־דייטש" האב איך שוין אַ פאר מאל באַ־מערקט, דא בין איך אויסן נאר אויפצוקלערן דעם לעזער אזא זאך: ד״ר נידעמאַן ברייננט דא ווייטער די כללים פון אידישן אויסלייגן, גענומען פונם „ספר מדות", אין דער אלטער שפראך, מיט דעם אלטן אויסלייגן נאר אין אַ דייטשער טראנסקריפּציע. איבערשרייבן דאס זעלבע אויף אידיש, וואלט מיר אויסקומען זעהר אַפּט אין קלאַמערן ווייזן, ווי דאס ווארט לייענט זיך און אויך אַפּט פארטייטשן דאס ווארט, אזוי ווי איך האב דאס געטאן מיט די אויסצוגן פונם „זיטנבוך" (זעה פריהער, ז. 148—157), דאס וואלט נאר שטערן צו פארשטיין די עצם־זאך, איך האב

1. „ערשטליך איז צו וויסן, אז א יוד ברייננגט א חיריק און א צירי".

באמערקונג. למשל: „דיך" = dich, „ניט" = nit, דא איז דער י' א חיריק, א „i"; אקעגן און „גין" = gen (גען), „איר" = Er (Ehre) — איז דער י' — א צירי (זעה אבער פונקט 4). דער י' אלס e־וואקאל, וואס אייגנטליך שטימט ער (דער י') מיט דעם i־לויט, נעמט זיך פון שטארק אלטע צייטן. פארגלייך אויף דער גאטישער שפראך: liban, lisan, דערפון איז געווארן: leben, lesen. פאביאן פראנגק אין זיין Orthographia (זעה ביי: Müller, Quellenschriften ז. 106) באמערקט: „און ביי די אלע געפינט מען געשריבן: Den Irbirn weisin, eren libin א. אז. וו. פאר Den Erbarn, weisenn, yren lieben". אין נידערדייטש ווערט דער e פילמאָל גענוצט פאר i, אשטייגער mit = mede, ihm, ihn = eme, ene, אזוי ווי אידן זאגן (אויף מוישלדייטש): ehm, ehn און אזוי וו. Wien (די שטאט ווין) הייסט אין דיאלעקט: Wean. מיין פריינט באראנעק האט מיר אויפמערקזאם געמאכט, אז אין פויליש רעדט מען אויס דעם y אזוי, אז ס'דערמאנט דעם קלאנג e. אויב e און i [דאס נוצן דעם י' פאר e און i] איז ניט שטרענג אפגעטיילט געווארן ביז אין דער נייסטער צייט, איז אזא מין נוצן י' פאר e האט זיך געקאנט אויסבילדן נאר אין דער אלטער צייט.

2. „און אן אלף ברייננגט א קמץ און א פתח".

באמערקונג. למשל: „וואנהאפטיג" [וואָנהאַפטיג = וואס וואוינט], דער ערשטער א' איז א o, א קמץ, דער אנדערער איז א a, א פתח.

3. „און א וי"ו ברייננגט א מלופם און א חולם".

באמערקונג. למשל: „טוט" [= tut], דא איז דער ו' א u־וואָקאַל, א מלופם. אקעגן אבער אין דעם ווארט „ברויכן" [= brauchen] מאכט דער ו' au, א חולם, יעדנפאל צוזאמען מיט דעם י', דערפון וועלן מיר נאך שפעטער ריידן *).

4. „און א עין ברייננגט א סגול".

באמערקונג. למשל: ווען = wenn, עש = es, טעט = tät. דער „ע" פאר e, וואס איז איינגעפירט געווארן שפעטער אפשר דערפאר, וואס דאס העברעאישע אות איז ענליך צום דייטשן, טרעפט זיך זעלטן אין דער עלטערער צייט (13 יארהונדערט). (זעה „המזכיר", יאר 1863, ז. 119) דאמאלס פלעגט מען נוצן נאר דעם י' פאר e, אפט מיט א נקודה צירי אונטער דעם י'. זעה פריהער פונקט 1. פארגלייך די דייטשע ווערטער אין „האסופות", געבראכט אין אונזער בוך, ב. I, ז. 275 א. וו. אין לאדינא (אידיש־שפאניש) נוצט מען דעם ע' גאר ניט. קיין באשטימטן כלל, ווען מ'דארף שרייבן ע' און ווען — י' פאר e, האב איך אין „זיטנבוך" ניט געקאנט אויסגעפינען. פאר די פאָר־טראפן be, ge, ווי בכלל פאר דעם קורצן e, ווערט מער גענוצט דאס אות י'.

5. „און ווען ס'שטייען צוויי י', אזוי איז דאס אות, וואס שטייט פריהער [פאר די צוויי י'],

---

דעריבער די כללים איבערגעשריבן נעהענטער צו אונזער היינטיגער שפראך און מיט אונזער היינטיג אויסלייגן. בפרט נאך האב איך דאס געקאנט טון, וואס גרויסע מוסטערן פון דער אלטער שפראך און אויסלייגן, זיינען שוין געבראכט פריהער, ז. 148-157. איך וויל דא נאך אנגעבן באמערקן א צוגאב צו דעם, וואס איך האב געזאגט וועגן דער העברעאישער איבערזעצונג (ז. 148, באמערקונג), אז דארט זיינען די כללים גאר דורכגעלאזט, פון דער גאנצער נאָטע VII איז ארויסגעווארפן דאס, וואס האט באמת א וויסנשאפטליכן ווערט, דערפאר איז טריי געבליבן גידעמאנס טענדענציעזע חקירה וועגן אידיש, אז ס'איז קיין שפראך ניט און מ'דארף דאס ניט, מיט א צוגאב איינגנס. נ. ש.

*) מיר שיינט, ד"ר גידעמאנס פאָרשטעל, אז דער ו, אלס חולם, מיינט מען דא דעם דייטשן au און דער משל מיט „ברויכן" — גייט דא צו ווייט, דער בעסטער סימן איז, אז ער מוז דא אריינציהען דעם י' אויך; דאס הייסט, ניט דער ו' אליין מאכט דעם au, נאר דער „וי". וועגן דעם ו', וואס צוזאמען מיט דעם י' מאכט ער דעם au, רעדט זיך אבער אין די כללים ספעציעל (זעה ווייטער פונקט 7b). מיר ווייזט אויס דעריבער, אז דעם ו־חולם מיינט מען דא אין די כללים ו' = o (דייטשער o), למשל „זול" = sol (זאָל), נוך = noch (נאָך) וכדומה. נ. ש.

אלע מאל נעפינטלט מיט א פתח [דאס הייסט: דאס אות דארף מען לייענען אזוי, אזוי ווי ס'וואלט געהאט א נקודה פתח], און דער י' [דער ערשטער י'] א'ז נעפינטלט מיט א שוא און דער אנדערער י' מאכט א צייכן, אז דאס [דער ערשטער י'] איז ניט קיין חיריק [דאס הייסט: דער צווייטער י' האט ניט קיין אייגענעם קלאנג, ער לייענט זיך ניט, ער שטייט נאר צוליב דעם, מ'זאל קיין טעות ניט האבן אין דעם ערשטן י', מ'זאל ניט מיינען, אז דער ערשטער י' איז א חיריק], אשטיינער, איין [= ain], צווייא [= zwai], דרייא [= drai].

באמערקונג. דער מחבר פון די כללים וויל זאגן: מ'דארף זיך פארשטעלן אזוי פונקט ווי דער א' [אין „איין"], דער וו' [אין „צווייא"] און דער ר' [אין „דרייא"] וואלטן געהאט אונטער זיך א נקודה פתח = a. לייגן מיר נאך צו דעם ערשטן י' מיט א שוא (דאס הייסט, אז דער י' לייענט זיך ווי א ריינער i), איז האבן מיר a און i = ai. דער מחבר, הייסט דאס, שרייבט: ain, zwa, drai, אזוי ווי אין אויבערדייטש. אין Ring שרייבט מען, למשל: layd, stayn, maysten, haysse, wayst וכדומה. יעדנפאלס זעהען מיר די דאזיגע ווערטער געשריבן מיט e אויך [weyst, heysse וכדומה]. דעריבער דארף מען ניט מיינען, אז אויף דייטש וואלט ער געשריבן אומעטום ai. ער וויל נאר דערקלערן, ווי דער דאזיגער קלאנג לאזט זיך אויסדריקן אין אידיש־דייטש מיט צוויי י'.

מאָדנע איז דעם מחברס אָנווייז, אז דער צווייטער י' איז mater-lectionis, אדער ריכ־טיגער non-lectionis (לייענט זיך ניט). אזא אָנווייז וכדומה אזוינע, וואס מיר וועלן נאך ווייטער זעהן, איז ניט מער ווי א פרוב פון דעם מחבר צו דערקלערן די אידיש־דייטשע אָרטאָגראַפיע, קיין וויסנשאפטליכע פרעטענזיעס האט דאס ניט. דער טאָפּל־יי' (יי) איז מסתמא תחלת איינ־נעפירט געווארן אקעגן דעם אלטדייטשן לאנגען î. כדי אפצושיידן דעם קורצן i [וואס אין אידיש האט מען אים איבערגעגעבן מיט איין י'] פון דעם לאנגען î [שפעטער איז פון דעם î געווארן ei], האט מען צוגעקלערט פאר דעם לעצטן דעם טאָפּל־יי', בפרט נאך, אז דער איינער י' האט שוין אזוי אויך נעדינט פאר צוויי קלאנגען פאר i און פאר e (זעה פריהער, פונקט 1). בכן האט מען געטאָפּלט דעם י', כדי איבערצוגעבן דעם לאנגען î אין אזוינע ווערטער, ווי wîp, lîp וכדומה. ווען דער î איז אין דער אויסשפראך פארוואנדלט געווארן אין ei [ענדע מיטלאלטער], האט מען דעם טאָפּל־יי' אויך אזוי אנגעהויבן אויסצוריידן, דאס הייסט, ווען מ'האט אנשטאט wîp אנגעהויבן צו זאגן Weib, האט מען דעם טאָפּל־יי' אויך אנגעהויבן ארויסצוריידן אזוי ווי ei [אדער ai]. דא האבן מיר נאך אמאל א רעשט פון דעם אלטדייטשן אידיש־דייטש *).

---

*) אקעגן ד"ר נידעמאנס השערה, אז דער טאפּל־יי' איז א רעשט פון דעם אלטדייטשן אידיש־דייטש און האט געזאלט באצייכענען דעם מיטלאלטערישן לאנגען î, וואס פון אים איז נאכדעם געווארן ei, דארף מען דא אנווייזן, אז אין עלטערע אידישע קוועלן געפינט מען א סך מאל איין י' פאר דעם î, אזוי ווי מ'האט געשריבן אין דייטשן, למשל, „וינהיים" (אנשטאט = Weinheim), „וישנבורק" = Weissenburg (דאס יאר 1389 האט מען די שטאט געשריבן אויף דייטש: Wissenburg), וִילְנָווא = Weilnau (אין XIII און אין XIV יארהונדערט: Wilenowe, Wilnouve), ויטן = Weiten (דאס יאר 1135: Witin), בודויש = Budweis (דאס יאר 1395, Budwis), בישופשהים = Bischofsheim א. אז. וו. אקעגן געפינען מיר אין דיזעלבע קוועלן אין ווערטער מיט א טאפּל־יי' דעם קאָנסאָנאנטצייכן, וואס פאר דעם, מייכטנס נעפינטלט מיט א פתח, דאס הייסט, אז דער טאפּל־יי' האט זיך געלייענט ווי ei (אדער ai), למשל: עוּשֵׁנְק־הַיים = Üssingheim (אין א כראניק פון יאר 1343: Ussinkeim), וַרְטהַיים = Wertheim, הייטינגשוולט = Heidingsfeld, מיינינגן = Meiningen (אין יאר 1143: Menigen), עַיישְׁטֵט = Eichstädt (אין לאטיינישע קוועלן: Eystet), היידְקא = Heideck, שטיינָא = Steinach וכדומה. מיר געפינען ווידער דיזעלבע נעמען פון שטעט אמאל מיט איין י', אמאל מיט צוויי, למשל: בישופשהים און בישופשהיים, מרגנטהים (Margentheim) און מרגנטהיים. מעגליך, אז די צוויי י' האט מען אנגעהויבן צו שרייבן ערשט דאמאלס, ווען מ'האט שוין געלייענט דעם לעצטן ניט hîm, נאר heim. זעה: Das Martyrologium des Nürnberger Memorbuches

6. „אין דער אלף, אז ער שטייט הינטן נאך א פינטל [א נקודה], איז טוט ער גאר נישט [אַ שטומער א'], ער מאכט אַ צירונג דעם שרייבן, אַשטייגער: דיא [= di (die)], וויא [= wi (wie)]“.

באמערקונג. אזוי, מיט אַן א' צום סוף, שרייבט מען אויך אזוינע ווערטער, ווי: „צווייא“, „דרייא“ וכדומה. דא זעהט מען קלאר די ווירקונג פון דעם דייטשן אויסלייגן אויף דעם אידיש־דייטשן, דארט האט מען אין 15־טן יארהונדערט אויך שטארק געהאלטן פון דער „צירונג“ און דערמיט האט מען שטארק שווערער געמאכט די דייטשע אָרטאָגראַפיע, דערויף קלאגן שוין Kolross, Nicolaus von Wyle און אנדערע. זעה וועגן דעם מיין ארטיקל אין: Sanders' Zeitschrift für deutsche Sprache I, ז. 104 א. וו. מסתמא האט מען דעם שטומען א' פריהער ניט געשריבן.

7. „נו איז דער ו' און דער י' די עיקר־פינטלען, אָהן זיי קאן מען ניט אויסקומען, ווארום זיי ווערן געברויכט אין אַ סך פינטלען [נקודות], ווי איך וועל דאס ווייזן מיט גאטס הילף, ווען נאט וועט מיר צייט שיינקען“.

באמערקונג: דער מחבר וויל זאגן, אז דער ו' און דער י' ווערן גענוצט אויף איבער־צוגעבן פארשיידענע קלאנגען. צי האט ער נאך עפיס געשריבן וועגן אידיש־דייטשן אויסלייגן — ווייס איך ניט.

7a. „נו זיינען פאראן איניגע, זיי פינטלען אַ ווארט, ווען זיי קאנען דאס ניט רעכט שרייבן. דאס ניב איך צו, אבער בלויז אַ צירי אדער אַ שורק אדער אַן אנדער פינטל, וואס איז גוט באקאנט, אזוי קאן מען פינטלען, למשל: קוינן [= künnen = קענען], סעג מען שטעלן אַ שורק, אדער זיר [= ser (sehr)], מיר [= mer (mehr)] אַ צירי“ [ד. ה. זֵיר, מֵיר].

באמערקונג. דער מחבר וויל זאגן, אז די העברעאישע וואָקאַל־צייכנס זיינען ניט גענוג אויף איבערצוגעבן די דייטשע קלאנגען, מ'קאן באצייכענען ü מיט אַ וֻ' און מיט אַ י' = וֻי, בכן דורך ui, דאס איינענע אויך e מיט א י' און מיט אַ צירי פריהער—יֵ'.

7b. „אבער זיסט דעם ו' און דעם י', ווען עס ווערט געברויכט פאר האלב פתח און האלב מלופם, אדער פאר האלב קמץ און האלב צירי, ווי ס'טרעפט זיך אפט, דאס איז ניט מעגליך צו פינטלען, נאר מ'שרייבט א פתח, דאס הייסט אַן אלף, און א מלופם, דאס הייסט א ו'. און ווילסטו וויסן, ווי ס'ווערט געברויכט האלב־פתח און האלב־מלופם, נעמליך, אז דו שרייבסט „ורויא“, אדער „גינויא“, אדער „בויא“ — דאס איז אלס האלב־פתח און האלב־מלופם. די גויים ברויכן דא אַ a און אַ u, ווי למשל: fraw, gnaw, baw“.]

באמערקונג. די דייטשע אותיות און ווערטער שטייען אזוי אין טעקסט נופא. דער מחבר פרעגט, ווי זאל מען איבערגעבן דעם דיפטאָנג au מיט העברעאישע אותיות, און ער ענטפערט אזוי: מ'שטעלט א ו', דאס הייסט: u, און דאס אות, וואס פאר דעם [ר' אין „ורויא“ וכדומה] פינטלט מען מיט א פתח, דאס הייסט a, בכן a און u מאכט דאס au. די וואקאלצייכנס, אזוי צונויפגעשטעלט, הייסן ביי דעם מחבר האלבע [האלב־פתח, האלב־מלופם], ווייל יעדן הערט מען נאר אויף העלפט.

דאס איבערגעבן דעם דיפטאנג au דורך ו' שטאמט מסתמא פון א פריהערער צייט, ווען אויף דייטש האט מען געשריבן: vrouwe, genouwe, bouwe אדער bûwe (זעה ווייטער). וואס האט דא דער י' צוטון נאך דעם ו' דערקלערט דער מחבר ניט.

7c. „און פאר א האלב־קמץ און פאר א האלב־צירי ווערן זיי [וי'] געברויכט אזוי: „מוינן“ אדער „בויזן“, די גויים ברויכן דא ô מיט א e דרויף [אויפן o], דאס באצייכנט א קמץ און א צירי, אזוי ווי bôsen, môgen, וכדומה אזוינע“.

von Dr. S. Salfeld, Berlin 1898. אין דעם „מארטיראָלאָג“ זיינען אנגעגעבן שטעט, וואו אידן זיינען אומגעקומען בעת די קרייצצוגן און בעת דער מגפה פון די יארן 1348-1349, דער עלטסטער פון די מעמאָרביכער, וואס זיינען דא געזאמלט, איז געשריבן דאס יאר 1296, די איבעריגע שפעטער, די נעפינטלטע ווערטער זיינען נעפינטלט אין טעקסט נופא. נ. ש.

באמערקונג. די דייטשע אותיות און ווערטער שטייען דא אויך אזוי אין טעקסט גופא. דאס, וואס אידן האבן פאר דעם דיפטאָנג oe געהאט אַן אייגענעם צייכן [וי'] איז א סימן, אז זיי האבן דעם דיפטאָנג אויסגערעדט פול און טיף, ד. ה. mögen, ניט megen*). די שפּעטערדיגע אידיש־דייטשע שריפטשפראך האט שוין אין אזא פאל גענוצט דעם ע', דאס הייסט, מ'האט געשריבן און גערעדט: „מעגן" (=megen).

דאס איז וועגן דער ריינער דייטשער אויסשפראך ביי אידן אין מיטלאלטער. פון דעם מחברס באמערקונג שטעלט זיך ווייטער ארויס, אז וי' קאָן קלינגען אזוי גוט ווי: au, ü, oe, דעריבער זאגט ער פריהער: „זיי ווערן געברויכט אין א סך פּינטלען". דעריבער איז אבסאָ־לוט אוממעגליך צו טרעפן שטענדיג דאס ריכטיגע ביים איבערטראגן די דאזיגע דיפטאנגען אין דער דייטשער שריפט. דער לייענער מוז די שריפט „נאך זיין פארשטאנד לייענען", ווי דער מחבר זאגט אַליין ווייטער.

ווי אזוי אבער איז מען געקומען צו לייענען וי' אלס oe? ווי באוואוסט האט מען גענוצט דעם ו' אלס אֵם הַקְּרִיאָה פאר חטף־קמץ, מ'האט געשריבן „תוקדש" און מ'האט געלייענט „תָּקְדש" (זעה אונזער בוך, ב. I, 194[2]). אין יאיר חיים בכרך'ס רייסטער שטייט (ז. 57[2]): מה שכתוב במחזורים זוכרנו, כותבנו [געלייענט האט מען ניכּר: זָכרנו, כָּתבנו]. קומט אויס: הו = ho, י' = e, בכן איז הויר = hoer (זעה ווייטער); מו = mo, י = e, בכן איז מויגן = moegen א. אז. וו.

8. „נו, זיינען אבער פאראן שרייבער, וואס ברויכן פאר די פּינטלען, וואס קומען האַלב (האַלב פתח, האַלב קמץ וכדומה), א חטף קמץ, אשטייגער, ווען זיי שרייבן „הויר" [= hör], שטעלן זיי א חטף־קמץ אונטער דעם ה'. דאס שיקט זיך ניט, ווארום אונטער הונדערט געפינט זיך ניט איינער, וואס לייענט דעם חטף־קמץ אזוי ווי דער אנדערער. אויך געפינט מען ניט אזוינע פּינטלען אין לשון־קודש, ווי וואויל די דייטשן לייענען דעם חטף־קמץ ניט ווי א שלעכט־קמץ. די וועלשן (איטאַליענער) שפּעטן דערפון, ווארום זיי זיינען געניט אין דקדוק, אוןריידן אויס דעם חטף־קמץ און דעם שלעכט־קמץ איינס גלייך ווי דאס אנדערע, נאר דער חטף־קמץ איז א קליין פּינטל און דער שלעכט־קמץ איז א גרויס פּינטל. דערום וואו איינער געפינט א ו' און א י' ביינאנד, מוז ער דאס נאך זיין פארשטאנד לייענען".

באמערקונג: דאס, וואס דער מחבר זאַגט דא, איז א אמתער crux, מיט דער אויסשפראך ביי דייטשע און איטאַליענישע אידן האלט עס, כידוע, פונקט פארקערט. מאָדנע איז אויך די פארווענדונג פון חטף־קמץ לויט ווי דער מחבר ניט דאס אן. איך פרוב זיך דא ווייטער געבן א דערקלערונג, פריהער וועל איך ברייגנען א שטעל פון איסרלינס „פסקים וכתבים", סי' קמ"ב, דארטן האנדלט זיך דערפון, ווי אזוי שרייבט מען און מ'רעדט אויס דעם טייך Tauber (אין מיטלאלטער: Tuber). זעה אויך מיין ארטיקעל אין Sanders זשורנאל, ז. 109. איסרלין זאגט אזוי:

„ושם הנהר שכתבת אתה לכתוב טויב"ר ובטופס כתב טובר"א נראה דהטופס מדוקדק בזה כמו שהעיד גם כן הזקן דנראה דבכל המדינות שמדברים לשון אשכנז צח ושנון אין שם הנהר הזה אלא טוברא ולא בפתח או בקמץ תחת הבי"ת (לייען: הטי"ת) רק אותם שאין מדברים בשנון וקורעין את פיהם לדבר כן טו"ברא (לייען: לדבר אומרין טוי"ברא) על דרך בית נקרא בלשון אשכנז הוי"ז בכמה מדינות והמדברים בשנון לא יאמרו רק הוז"א וכן נוכל לומר בחילוף פתח או קמץ בחטף שמתוך קריעת הפה נקרא בחטף כמו בפתח אבל בדבר (לייען: בְּדַבֵּר, אדער בדִבּור) שנון אינו נקרא אלא בחטף וכיון דהוא בחטף יתכן לכתוב אל"ף בסוף שכך רגילין לכתוב בשמות הקצרים של העיירו' הגר"א (לייען: איגר"א) בזל"א הכתוב בטופס וכן לדעתי גם כן אולמ"א וכן עיר ווינ"א כותבין כך".

איסרלין וויל דא אויפטון צוויי זאכן: ראשית, זאגט ער, אז נאך דער שארפער אדער דייט־ליכער דייטשער אויסשפראך נאך דארף מען זאגן: Tuber אדער Tubr, אזוי ווי מ'זאגט Hûs,

---

*) אויב די ריידשפּראך ביי אידן האט דאמאלס געשטימט מיט זייער שרייבשפּראך, אויף דער שרייבשפּראך ביי אידי' האט יעדנפאלס זיכער געהאט גרויסע ווירקונג די דייטשע ליטעראטור־שפּראך. נ. ש.

ניט Haus, Tauber. דערצו דאַרף מען באַמערקן, אַז u האָט נאָך אין 16־טן יאָרהונדערט קאָנ־קורירט מיט au. בראַנט און אַנדערע שרייבן אַשטייגער husz, vzs, tusent א. אַז. וו. דאַן וויל איסרלין רעכטפאַרטיקן דעם שטומען א' צום סוף טובר״א וכדומה.

בנוגע דעם, ווי מ'האָט אין אַלטן דייטש געשריבן דעם קלאַנג, וואָס איצט דריקן מיר אים אויס דורך au, דאַרף מען זאָגן, אַז מ'האָט דערפאַר גענוצט אַמאָל u, אַמאָל ou. אָט האָבן מיר ביישפּילן פון דער Meinauer Naturlehre (ed. Wackernagel), פאַרפאַסט ענדע 13־טן אָדער אָנהויב 14־טן יאָרהונדערט: suverheit (Sauberheit), houbit (haupt), loufet (laufet), bruchen (brauchen א. אַז. וו. אַזוי איז דאָס געבליבן ביז אָנהויב 16־טן יאָרהונדערט. בראַנט שרייבט: husz (haus), tusent (tausend) און צוגלייך: glouben (glauben), kouff (kauf) א. אַז. וו. איך דערמאָן דאָ נאָר די פאַקטן, ווי ווייט זיי זיינען נויטיק צו פאַרשטיין, וואָס איסרלין מיינט, גענויער לאָז איך זיך ניט אַריין.

ווענן דער אויסשפּראַך au דאַרף מען זיך דערמאָנען, אַז אונזער מחבר האָט פריהער באַ־צייכנט דעם דאַזיגן דיפטאָנג אַלס „האלב פתח און האלב מלופם״, נעמליך, מ'הערט אין au נאָר האַלב a און האַלב u.

איסרלין וויל זאָגן, מ'מוז אויסריידן דאָס וואָרט „טוברא״ אַזוי ווי Tuber, ניט אָבער מ'זאָל פּינטלען דעם ט' מיט אַ פתח, ס זאָל ווערן טאַ (Ta) און צוזאַמען מיט דעם ו [= u], וואָס נאָך דעם זאָל ווערן: Tau(ber). ער רעדט אויך ווענן פּינטלען דעם ט' מיט אַ קמץ, מ'זאָל דאָס ניט טון, וואָרום דאַמאָלס וואָלט מען געלייענט Touber; ניכּר, אַז ער האָט דערביי אין זינען די פריהערדערמאָנטע דייטשע שרייבונג פון אַזעלכע ווערטער, ווי: loufet, houbit, ouch א. אַז. וו. "טוברא״, הייסט דאָס, דאַרף ניט געפּינטלט ווערן—ניט טַוברא, ניט טָוברא, וואָרום אַזוי ריידן נאָר יענע, וואָס רייסן אויף דאָס מויל און ריידן ניט שאַרף (Tauber, Touber). די אָבער, וואָס ריידן דייטש דייטליך, זאָגן, לויט איסרלינס מיינונג: Tuber.

איסרלין זאָגט ווייטער: דאָס איינענע איז, ווען מ'זאָל פּינטלען דעם ט' מיט אַ חטף־קמץ אַנשטאָט אַ פתח. דאָס מיינט ער מיט די ווערטער: „וכן נוכל לומר בחילוף פתח או קמץ בחטף״. דער טעם איז: אַז מ'רייסט אויף דאָס מויל, הערט זיך דער חטף־קמץ אַזוי ווי אַ פתח, וואָרום אַז מ'לייענט ou אַזוי, אַז ביידע וואָקאַל־קלאַנגען ד ערן זיך שוואַך, קלינגט דאָס אַזוי ווי au, Tauber הערט זיך כמעט ווי Touber און אַזוי אויך: ouch, loufet וכדומה הערן זיך ווי: laufet, auch (כאָטש מיט אַ דומפּערן au, ווי מיר וועלן דאָס ווייטער זעהן).

פון איסרלינס באַמערקונג שטעלט זיך אַרויס, אַז אייניגע אידן פלעגן אויסדריקן דעם o אין ou מיט אַ חטף־קמץ, דאָס הייסט, זיי פלעגן שרייבן: טֳוברא. דאָס זאָל הייסן, אַז דאָ לאָזט זיך ניט הערן קיין פולער o, דאָס הייסט למשל, אַז מ'דאַרף זאָגן ניט To-uber, נאָר אַ קורצ געכאַפּטן o אינאיינעם מיט u, וואָס נאָך דעם: Tóuber. אַזאַ קלאַנג איז נעווען ענליך צו אונזער היינטיגן au, נאָר דומפּער.

אין איסרלינס באַטראַכטונג האָבן מיר, ערשטנס, אַ באַווייז, ווי אידן אין מיטלאַלטער האָבן זיך געמיהט גענוי איבערצוגעבן די דייטשע קלאַנגען אויף אידיש־דייטש. צו דעם צוועק האָט מען פאַרווענדט דעם חטף־קמץ זעהר אָריגינעל, נאָר ניט אַזוי ווי אין העברעאיש. חוץ דעם, האָבן מיר אין איסרלינס ווערטער אַ זיכערן רעפערעאַט, ווי ou האָט געקלונגען אין 15־טען יאָרהונדערט און פריהער (איסרלין איז געשטאָרבן דאָס יאָר 1460) ביי די אין מויל, וואָס האָבן זיך געמיהט צו האָבן אַ ריינע דייטשע אויסשפּראַך. דער דאָזיגער ou האָט ניט געקאָנט קלינגען, ווי אונזער היינטיגער au, וואָרום ווען אַזוי וואָלטן די עלטערע אידן געפּינטלט דעם קאָנסאָנאַנט־צייכן, וואָס פאַר דעם, מיט אַ פתח, אַזוי ווי דער איבערזעצער פון אונזער „זיטנ־בוך״ רעדט פון אַ „האלב־פתח״ (זעה פריהער, 7b). ס'האָט אויך ניט געקאָנט קלינגען קיין ריינער, פולער o, וואָרום ווען אַזוי וואָלטן אידן אָנגעווענדט דעם גרויסן (אָדער „שלעכטן״) קמץ. נאָר ס'האָט געמוזט קלינגען דומפּער פאַר אונזער היינטיגן au און העלער פאַר היינטיגן ou, כדי צו באַצייכענען אַזאַ קלאַנג האָבן אידן גענומען אַ קאָמבינאַציע פון ו=u מיט אַ חטף־קמץ פאַר דעם.

מיר קערן זיך אום צו דער באמערקונג פון אונזער מחבר. ער רעדט דערפון, צי זאל מען שטעלן א חטף־קמץ אונטער דעם ה' אין דעם ווארט „הויר"=hör. ער זאגט, איינינע שרייבער שטעלן אזא חטף־קמץ צו באצייכענען דעם ניטפולן o, וואס קלינגט אָנהויבטראָף אין דעם דיפטאנג oe, דאס הייסט, זיי שרייבן: הֳויר, וואו דער ֳ=ó און י' = e, צוזאמען = oe אדער הֳויר, וואו דעם ו' דארף מען באטראכטן פאר דער איבערגעבליבענער אֵם הַקְרִיאָה.

ווענן אזא שרייבן זאגט דער מחבר פון אונזערע כללים, ערשטנס, אז דאס שיקט זיך ניט, ווארום אונטער הונדערט מענשן לייענט קיין איינער ניט אזא ארט חטף־קמץ אזוי, ווי דער אנדערער. דאס איז געווען נאטירליך, ווארום אין העברעאיש פארווענדט מען קיינמאל ניט אזוי דעם חטף־קמץ. דאס, וואס ער זאגט ווייטער, ווי דייטשע אידןריידן אויס פארשיידן דעם חטף־קמץ און קמץ־גדול („שלעכט־קמץ"), איז דאס מיינט ער, ווי די דאזיגע וואקאלצייכנס ווערן גענוצט אין אידיש־דייטש, דארט הערט מען ניט אין ou און oe קיין פולן קמץ (o), נאר א שוואכן קלאנג, וואס זאל אויסגעדריקט ווערן מיט א חטף־קמץ. אזא ארט נוצן דעם חטף־קמץ באווייזט ביי דייטשע אידן א שארפן חוש פאר דער דייטשער אויסשפראך, אבער איטאליענישע אידן האבן געמענט שפעטן דערפון, פונם קוק פון העברעאישן דקדוק. דעם מחברס באמערקונג ווייטער, אז די איטאליענער ריידן אויס אלצאיינס דעם חטף־קמץ און דעם קמץ־גדול, פארשטיי איך ניט.

ווענן איסרלינס לעצטע שורות (ווענן דעם א' צום ווארט „טובר"א") דארף מען מיינען, אז דא האט געמוזט ארויספאלן א זאץ פאר די ווערטער „אבל בדבר שנוך" א. אז. וו., אין יענעם זאץ האט זיך מסתמא געהאנדלט דערפון, ווי אזוי די ניט־שארפריידער ריידן אויס דעם לעצטן קלאנג אין ווארט „טובר"א" און נאכדעם גייט שוין: אבער ביי א דייטליכער אדער שארפער אויס־שפראך (אבל בדבר שנוך) ווערט דער סוף געלייענט מיט א שוא, דעריבער דארף מען שרייבן אן א' צום סוף. איסרלין, הייסט דאס, וויל האבן, אז מ'דארף לייענען: Tubr (טֻבְּרָא) Win, Ulm, Basl, Egr, ניט, Wién, Ulém, Basél, Egér, Tubér: וואס דערביי ווערט דער e אין לעצטן טראָף ברייט געצויגן. צופעליג, פון דער פארשיידנקייט, ווי מ'זאגט נאך ביז היינט דאס ווארט „ווין", קאנען מיר זעהן, וואס איסרלין מיינט. די געבילדעטע ריידן אויס דאס ווארט „ווין", איין טראָף: Wîn, דעם e הערט מען גאר ניט, אקעגן אבער אין דיאלעקט זאגט מען: Wean, כמעט צוויי טראָפן; צום שלום ווארט רייסט מען אויף דאס מויל, ווי איסרלין וואלט דערויף געזאגט; אזוי האט מען אויסגערעדט אין מיטלאלטער, ווען מ'פלעגט אפט שרייבן Wienne. איסרלין האלט אבער פאר א בעסער דייטש צו זאגן: Wîn. גראד אין עסטרייך גיט עס אגב א מענגע נעמען, וואס ביי זיי שרייבט מען ניט דעם e אין דעם לעצטן טראָף, אשטייגער, די נעמען: Herzl, Fischl, Gugl, Seidl, Vogl, א. אז. וו. אלע אזוינע נעמען דארף מען אין העברעאיש פארזארגן מיט א שוא (זיידְל), מ'זאל ניט לייענען Seidél, Vogél א. אז. וו. איך האב שוין אויך אנגעוויזן, אז אין מיטלאלטער ביז אין דער נייער צייט פלעגט מען דעם e אין די אומבאטאָנטע סוף־טראפן בכלל ניט שרייבן. (זעה ווייטער .2, a, II). פארוואס מיינט איסרלין, אז אין אלע אזוינע ווערטער [מיט א שוא צום סוף] דארף מען שרייבן א [שטומען] א' סוף ווארט, דאס איז ניט אזוי גרינג צו פארשטיין. אזא ארט שרייבן איז גענומען פון פראנצויזיש, דערפון האב איך שוין גערעדט אין דעם 1־טן באנד פון מיין בוך (ז. 276 א. וו.). דייטשע אידן ביים רהיין האבן געשריבן דאס ווארט Stachel (איינגטליך: Stachl) אזוי: שְׁטַכְלְא; Eisen (מיטלהויכדייטש: îsen, איינגטליך: îsn): איזְנְא; Köcher מיטלהויכדייטש: kocher, איינגטליך: kochr): קויכרא (מיט נקודות וואלט מען באדארפט שרייבן: „קויכְרְא"). אזא שרייבונג האט גענוי געשטימט מיט דער פראנ־צויזישער שרייבונג, למשל, אין דעם ווארט aimable, וואס קלינגט איינגטליך aimabl, דעם e ניט צו הערן, העברעאיש וואלט מען דאס באדארפט שרייבן: אֵימַבְּלְא.

אויף אזא ארט וויל איסרלין, מ'זאל שרייבן און אויסריידן די נעמען: Eger, Tauber (פראנצויזיש: Egre), Basel (פראנצויזיש: Bâle), Ulm, (פראנצויזיש: Ulme). איסרלין, וואס האט מסתמא ניט געקענט קיין ווארט פראנצויזיש, האט געוויינטליך גענוצט אזא ארט שרייבן

נאר פון דער גענויאינקייט ווען פון דער דייטשער אויסשפראך. אזא אַרט שרייבן (ניט אבער איר מקור, ניט דער טעם דערפון) איז איסרלינגען געווען באקאַנט פון עלטערע אידיש־דייטשע שריפטן (זעה שו"ת מהר"ם פאדובה, סי' י"א).

פון דעם, וואס מיר האבן ביז אהער געבראכט, קומט אויס, אז דעם א' סוף ווארט נאך א שוא דארף מען ניט אויסריידן אין געפינטלטע ווערטער. ריכטיג שרייבט גרינבוים אין זיין „כרעסטאמאטיע" (ז. 26) schwer פאר „שְׁוֶוירְא", sund — פאר „זוּנְדְא", as herberg — פאר אַזְא הירְבֵּירְגְא". ביי ניט געפינטלטע ווערטער איז שוין שווער צו טרעפן. אין „זיטנבוך" ז. 32[1] שטייט: „אויף זיין ורוינד אונ' אויף זיין ויינדא". ווי זאל מען שרייבן אויף דייטש דאס לעצטע ווארט: Feind אדער Feinde? אין ערשטן פאל האט דער איבערזעצער געקאַנט שרייבן: „ויינד", אזוי ווי ער שרייבט „ורוינד" [אָהן אן א' צום סוף]. זאל מען דאס ווארט „ענדא" אויסריידן: End אדער Ende, „נוינדא": neund אדער neunde (neunte)? ס'ווייזט אויס, אז צו דער צייט, ווען דער „זיטנבוך" איז איבערגעזעצט געווארן, האט מען דעם א' אפט גענוצט סוף ווארט אנשטאט דעם י', וואס זאל הייסן: e (זעה ווייטער II, a, b), דאס הייסט, אז דעם א' האט מען יא אויסגערעדט.

II

דער מחבר פון די כללים האט ניט אויסגעשעפט די גאַנצע אידיש־דייטשע אָרטאָגראפיע, מ'קאן נאך אנווייזן אזוינע כללים:

a) וואָקאלן.

1. דער דייטשער a, וואס אין אידיש־דייטש ווערט ער בכלל איבערגעגעבן מיטן א' (זעה פריהער I, 2), ווערט אפט דורכגעלאזט, למשל: „דרפשט" (dərfst) אנשטאט „דארפשט", „נימנט" אנשטאט „נימאנט" nimant וכדומה. מייסטנס פעלט דער א' אין דעם פארווארט das און אין דער קאָניונקציע dass, אין ביידע פאלן שרייבט מען: „דש". דאס נעמט זיך געוויס פון דייטש, דאָרט פלעגט מען אפט שרייבן: dz.

2. דער e, ווען ער איז אומבאטאָנט (זעה I, 1 און 4), פאלט אפט אויך ארויס, דערהויפט אין לעצטן טראָף, אשטייגער: „נישפּראכן" (gesprochen), „ווארטן" (worten) וכדומה. די אידיש־דייטשע שרייבונג גייט דא אויך נאך דער דייטשער. Kolross שרייבט: gschrifft, buchstabn, gsellen א. אז. וו. Kristofferus Hueber שרייבט: silbn, zeittn, puochstabn א. א. וו.

3. דעם o־וואקאל ניט מען אפט איבער מיט א ו', למשל: „נוך" (noch), „זול" (sol) א. אז. וו. *). דער לייענער מוז זיך דא אויך פארלאזן אויף זיין פארשטאנד, ווארום מ'קאן לייענען sul אויך. אזא אַרט נוצן דעם ו' אלס o־וואָקאל נעמט זיך אויך פון דעם העברעאישן באצייכענען דעם חטף־קמץ, למשל: תוקדש = תָּקדש, זעה פריהער I, 7, צום סוף.

4. דער דיפטאָנג eu ווערט איבערגעגעבן מיט „ווי" (אפצושיידען פון „וי" = ü), למשל: die leut = דיא לוויט, gereuet = גירווייעט, teutsch = טווייטש, teuerer = טווייערר וכדומה. דא זעהען מיר אויך א ריינע אויסשפראך ביי אידן אין מיטלאלטער, זיי האבן ניט גערעדט, ווי מיר זעהען עס נאכדעם אין מוישלדייטש, ווי מ'רעדט נאך בכלל עד היום אין עסטרייך: Leit, gereiet, teitsch, teierer, נאר זיי האבן שארף פונאנדערגעטיילט דעם ei און דעם eu תחלת האט מען eu אויסגעדרוקט מסתמא מיט „ױי". Ickelsamer שרייבט: bedeütung, Teütschen, דא איז י' = e, וי' = ü, „ױי" = eü, שפעטער איז פון „ױי" געווארן: „ווי".

5. פריהער, I, 5 האב איך שוין באמערקט, אז ei און ai ווערן אין דייטשע שריפטן אויך גענוצט געמישט, ווי אמאָל, ביי אונזער איבערזעצער זעהען מיר אויך דאס אייגענע, פונדעסטוועגן איז ביי אים פאראן א חלוק צווישן די צוויי דיפטאָנגען, ei איז ביי אים יי', ai שרייבט ער איי', למשל: האיילינן = hailigen, שאיידן = schaiden, האיישט = haisst, ווייש — waiss, א. אז. וו. אקעגן אבער: שרייבן = schreiben, ווארהייט = warheit א. אז. וו. געוויינטליך טרעפט מען איין און־דאס זעלבע ווארט געשריבן אמאל מיט יי', אמאל מיט איי', למשל: מיינט = meint און

*) זעה מיין באמערקונג צו I, 3, ז. 181. נ. ש.

מאיינט = maint, אזוי ווי מיר זעהען דאס אין דייטשע שריפטן, ei און ai אנהויב וואָרט איז אין אידיש־דייטש שווער צו דערקענען איבער דעם א׳, וואס שטייט שטענדיג אנהויב וואָרט פאַר א י׳. למשל: איין, אייטל, קאָן מען לייענען ein, eitel און ain, aitel.

6. ס׳איז כדאי נאך צו באמערקן דעם צירונג־א׳ ביי דעם ענדע־e׳. דער איבערזעצער פונם „זיטנבוך" שרייבט: „איין גרושי מעכטיגי זוינדא" = ein (ain אדער) grosse, mechtige sünde, אין „גרושי" און „מעכטיגי" איז דער ענדע־e איבערגעגעבן מיט א י׳. מיר געפינען אויך אזא שרייבן, ווי: אייניא = eine, קליינא = kleine, נאך דעם י׳ = e שטייט נאך א צירונג־א [א שטומער־א׳], ווי בכלל נאך דעם י׳ און יי׳ סוף וואָרט (זעה פריהער: I, 5, 6). ווידער זעהען מיר, אז דער ענדע־e ווערט איבערגעגעבן מיט אַן א׳ אין אזוינע ווערטער, ווי „ענדא" = ende, „זוינדא" = sünde *), אין זעלטענע פאלן — מיט א ע׳. (זעה אבער פריהער I, 8 צום סוף).

7. ביים ענדע־ר׳ געפינען מיר זעלטן דעם צירונג־א׳, מ׳שרייבט: „דר׳, „צר׳ א. אז. וו.

### b) קאָנסאָנאנטן.

8. ב׳ און פּ׳ (b און p) קומען, אזוי ווי אין דייטשן, געמישט, ווי אמאל [למשל „ליב׳ (אדער „ליבא") און „ליפ" (אדער „ליפא")].

9. דאס זעלבע איז אויך מיט k, ch, c. ח׳ ווערט נאר ניט גענוצט [חוץ אין העברעאישע ווערטער], פארגלייך דערצו שו"ת מהר"י איסרלין [„תרומת הדשן"], סי׳ רל"א. אונזער איבערזעצער שרייבט: „מאכן" = machen, „ניכש" = nichs און „ניקש" = niks, אזוי ווי אין דייטשן, „ליכט" = licht.

10. ד׳ און ט׳ (t, d) נוצט מען לויט דעם דיאלעקט נאך. t ניט מען שטענדיג איבער מיט ט׳; ת׳ ווערט ניט גענוצט [חוץ אין העברעאישע ווערטער].

11. דער געברויך פון f און v איז נאך שטארק געווענדט אין עלטערן דייטש. אונזער איבערזעצער שרייבט: „וינדן" = vinden, „ורוילין" = vroelich א. אז וו. ער שרייבט אבער אויך „בון" = von. אין אויסלויט [וואָרט־אויס] שרייבט ער אבער תמיד ף = f, אזוי ווי אין מיטל־הויכדייטש אין אנלויט [וואָרט־איין] איז פ׳ זעלטענער. פאר ntf, nf, mf, pf שרייבט ער פּפ׳, למשל: „שימפּפט" = schimpft, „אנפּפאנגט" = enpfangt, „אנפּפינט" = enpfint, א. אז. וו. אין אזא פאל שטעלט ער א שטריכל אויפן צווייטן פ׳ צו ווייזן, אז דאס איז א רפה (ווייך).

12. וועגן g זעה מיין ארטיקל אין Sanders Zeitschrift.

13. וועגן s זעה דארט, ז. 171 און שו"ת מהר"י איסרלין, סי׳ רל"א. ס׳ווערט נאר ניט גענוצט **).

14. w ווערט איבערגעגעבן מיט א טאפל־ו׳ (וו׳).

### c) באזונדערע באמערקונגען.

1. Und שרייבט מען פארקירצט: „אונ׳", ניט „אונד". אין פעטער יאָרדאנס „Leyenschul" (זעה: Joh. Müller, Quellenschriften, ז. 117) איז פאראן א קאפיטל: „באדייטונג פון די פאר־קירצטע ווערטער", דארט געפינען מיר: „Vn / vnd. Dz / das" די פארקירצן זיינען אריבער אין אידיש־דייטש אויך, און ס׳איז געווארן א כלל צו שרייבן „אונ׳".

2. אין אידיש־דייטש טאפלט מען ניט קיין אותיות (חוץ „יי" און „וו"), מ׳שרייבט: „קומן" = komen (kommen), „זין" = sin (sinn) א. אז. וו. בעת יענע צייט באמערקט מען אין דער דייטשער שריפטשפראך א באזונדער חולשות צו טאפלען אותיות, און די גראמאטיקער קלאגן

*) ס׳איז נאך אבער א פראגע, צי „ענדא", „זוינדא"—דארף מען לייענען: ende, Sünde, אדער end, Sünd, אין „יוסיפון", למשל (ציריך, 1546) געפינען מיר אומעטום: „עינד" = end. נ. ש.

**) איך ווייס ניט, ווי אין „זיטנבוך", וואס איך האב אים אין אריגינאל ניט געזעהן (חוץ נאר קליינע אויסצוגן), בכלל אבער נוצט מען יא דעם ס׳ אין די עלטערע אידישע שריפטן, כאטש זעלטענער (מייסטנס נוצט מען דעם ש׳ און דעם ז׳). אין „יוסיפון", למשל, געפינען מיר: „וואוסן" (wussen), „לאסן" (lossen), „וואסרן" (wassern) וכדומה. נ. ש.

זיך שטארק דערויף, מ׳פלעגט, למשל, שרייבן: liebenn, unnser, unnd א. אז. וו., זעהען מיר אין אידיש־דייטש פונקט פארקערט א גרויסע שפּארזאמקייט אין שרייבן קאנסאנאנט־צייכנס. דאס נעמט זיך פון דעם העברעאישן, וואו ס׳איז ניט אנגענומען צו טאָפּלען איין און דאסזעלבע אות.

3. די פּאָרטראַפּן: zu, der, ver א. אז. וו. (zubrechen, derbarmen, vertreiben) שרייבט מען אָפּגעטיילט פון די ווערטער, וואס צו זיי געהערן זיי [מ׳שרייבט: „וֿר טרייבן“, „דר בארמן“, „צו ברעכן“]. אין דייטשע שריפטן קומט דאס אויך פאר, אבער ניט אזוי אָפט.

פון דעם, וואס מיר האבן ביז אהער געבראכט וועגן אידיש־דייטשן אויסלייגן, איז קלאר, אז דאס איז צוגעפּאסט צו דער דייטשער ארטאגראפיע, און אז דאס איז זעהר קינציג און פלאנמעסיג צונויפגעשטעלט. אויב שטיינשניידער זאגט (אין Serapeum, יאר 1864, ז. 129) וועגן א מאנוסקריפּט פון דעם „זיטנבוך“: „די ארטאגראפיע איז דא אויך זעהר ניט קיין פעסטע“, איז לאזט זיך אזוינס זאגן וועגן יעדן דייטשן בוך פון יענער צייט. בראַנט שרייבט דאסווארט Sitte אין פינף שורות אזוי: sytt, sydt, sitt, אין Ring געפינט איר: klain און באלד: chlain און ווידער: chläin, און א זוך טוך — איז קאן מען נאך געפינען אזוינע וואריאנטן: klayn, kleyn, klein א. אז. וו. קעגן אזא פארווילדונג פון דער דייטשער ארטאגראפיע, אז מ׳זאגט אויף דעם אידיש־דייטשן אויסלייגן, דאס איז „ניט פעסט“, איז דאס א גרויסער שבח.

.III

שוין פון דער אידיש־דייטשער ארטאגראפיע איז קלאר, אז אידן האבן גערעדט און געשריבן אויף דער דייטשער שפראך פון זייער סביבה. מיר ווייסן דאס שוין פון אנדערע סימנים אויך. העבראַאיזמען און יודאַאיזמען קומען ניט פאר אין דער שריפטשפראך, די איינגעפלאכטענע העברעאישע אויסדריקן קאן מען ניט האלטן פאר אזוינע העבראַאיזמען און יודאַאיזמען, אין דער רייד־שפראך זיינען זיי אויך ניט געווען, מיר קאנען דאס ארויסזעהן פון אידישע רייד, וואס ווערן געבראכט אין די דייטשע פיעסן*). אקעגן אבער האט די דייטשע דיאלעקט־אויסשפראך געהאט א געוויסע ווירקונג אויף דער העברעאישער אויסשפראך. למשל, די אויסשפראך פון דעם צֵירֵי־וואָקאַל. אין די מערב־פּראווינצן ריידן אידן אויס דעם צֵירֵי אזוי ווי ei, זיי זאגן: rabbeinu (רבנו), jazileinu (יצילנו) א. אז. וו. אקעגן האבן דייטשע אידן פאר דעם א קלאנג, וואס אין ריינעם הויכדייטש קומט ער ניט פיר, זיי ריידן אויס בידע וואָקאַל־צייכנס (ei) ניט ווי א דיפטאָנג, נאר אזוי, אז יעדער פון זיי לאזט זיך שוואך הערן, דאס הייסט זיי זאגן: rabbe-inu, jazile-inu א. אז. וו. איך מיין, אז דאס איז א שוואבישע ווירקונג. אין Ring געפינט איר: wolfäyl, widerwartikäyt, chläider, läid א. אז. וו. אין ווירטעמבערג רעדט מען נאך אזוי עד־היום. פון דאנען האט זיך די אויסשפראך פון דעם צירי־וואָקאַל פארשפרייט צווישן דייטשע אידן, אזוי ווי אנדערע אייגנטימליכקייטן פון דעם אויבערדייטש.

די אויסשפראך פון העברעאיש האט ווידער צוריקגעווירקט אויף דער אידיש־דייטשער אויסשפראך. אזוי ווי מ׳איז געוויינט געווען אויסריידן דעם צירי־קלאנג, ווי eï, האט דער דייטשער e צובאקומען נאך א — i־קלאנג אויך. אין דער „מוישלשפראך“ זאגט א איד: geseïn, ניט געזעהן, אזוי ווי ער זאגט cheïn (חן) אויף העברעאיש. דער Ring שרייבט אויך אזוי, למשל: verräyter אנשטאט Verräther און דעסגלייכן.

דאס אייגענע זעהען מיר צו ביים חוֹלם אויך. די מזרח־אידן ריידן אויס דעם קלאנג אזוי ווי oi, זיי זאגן schoimer, loimer א. אז. וו., די צפון־דייטשע אידן זאגן: schaumer, laumer, און

*) ווי ווייט די טענדענץ פארפירט דא ד״ר גידעמאנען! ער וויל האבן, אז אפילו אין דער ריידשפּראך זיינען ניט געווען קיין העבראַאיזמען און יודאַאיזמען, בעת ער אליין, ריידנדיג פון דער Gaunersprache, וואו העבראַאיזמען און יודאַאיזמען זיינען פאראן לרוב, האט מודה געווען צו לוטערן, אז דאס שטאמט פון דעם פארקער מיט אידן, ממילא שוין פון „אידיש־דייטש“ (זעה פריהער, ז. 117). די בוך־שפּראך איז געווען ריינער, ווייל דא איז א סך גרעסער געווען די השפעה פון דער דייטשער ליטעראטור־שפּראך, איז דאס קיין ראיה ניט. נ. ש.

די דרום־דייטשע אידן: schomer, lomer. דאָ זעהט מען אויך די געבליבענע ווירקונג פון נידערריינישן דיאַלעקט. אידן, וואס זיינען געקומען פון אויבער־רהיין, האָבן אויסגערעדט דעם חוֹלם אזוי ווי o, אין נידעררהיין האָבן זיי אבער געהערט אויסריידן דעם o אזוי ווי oi און האָבן איבערגענומען אזא אויסשפּראַך פאַר דייטש אויך. מזרח־אידן ריידן אין מוישל־דייטש: „גרויס" = groiss, פאַר gross, „טויט" = toidt פאַר todt א. אַז. וו. אבער גראָד פונקט אזוי שרייבט דער מחבר פון Seelentrost אין קעלנישן דיאַלעקט: Do de lude de groissen valscheit sagen (Da die Leute die grosse Falschheit sagen). אין קריסטליכע אורקונדן טרעפן מיר אויך דעם נאמען Koifman (פאַר א אידן) פאַר Kaufmann (זעה: „המזכיר" IX, ז. 54).

צי נעמט זיך די פּויליש־אידישע אויסשפּראַך ü [ריכטיגער: i = י"] פאַר דעם וואָקאַל־צייכן u (ו) אויך פון א דייטשער ווירקונג — דאס בין איך ניט זיכער. דאס איז געוויס, אז דער אומלויט ü אין אזוינע ווערטער, ווי Jüden, Schül, א. אַז. וו. לאָזט זיך פאַרענטפערן פון דייטשע שריפטן יענע צייט. ביישפּילן זיינען דא איבעריג.

## IV.

צום סוף דאַרף מען נאך באַטראַכטן דאס מוישל־דייטש אדער אידן־דייטש. דאס הייסט די שפּראַך אדער די רייד־אַרט, וואס וועגן איר אויפקומען און וועגן איר עצם איז מען זיך נאך ניט קלאָר געוואָרן. אַווע לאַלעמאַנס חקירות האָבן קיין ווערט ניט. צונצס באַמערקונגען (Gottesdienstliche Vorträge, ז. 438) זיינען ניט אין אלע פונקטן ריכטיג (דער־הויפּט קאָן קיין רייד ניט זיין פון א פאַרגרייזט דייטש), זיי זיינען ניט גענוג אויך. ס'מוז דערביי פאַרקוקן [?!] דאס איינפלעכטן העברעאישע ווערטער, העברעאיש־דייטשע בילדונגען און פרעמדע אויסדריקן. דעסגלייכן קומט אויך פאָר אין דער מיטלאַלטערישער דייטשער שפּראַך, אין דער שפּראַך פונם 18־טן יאָרהונדערט, און אפילו אין דער היינטיגער שפּראַך אויך, נאָר דאָ זעהען מיר א פראַנצויזישן אדער אן אנדער באַשטאַנדטייל אנשטאָט דעם העברעאישן, וואס אידן האָבן גענומען פאַר זייער שפּראַך (זעה גרינבוימס ארטיקל Mischsprachen und Sprachmischungen אין Gemeinverst. wissenschaftl. Vorträge von Virchow und Holtzendorff העפט 473). טיילט מען אויס דעם דאָזיגן באַשטאַנדטייל, איז דאס מוישלדייטש אין איבעריגן עכט און ריין דייטש; מ'האַלט דאס פאַר א אידיש „ראָטוועלש" (ציגיינער־שפּראַך) נאָר דערפאַר, ווייל דאָרט געפינט איר פאַרעלטערטע אדער פּראָווינציעלע ווערטער און א פאַרעלטערט אויסריידן וואָקאַלן (קאָנסאָנאַנטן — שוין ווייניגער פאַרעלטערט). ווי אזוי האָט זיך אויסגעבילדעט דאס דאָזיגע „ראָטוועלש" און ווען איז דאס אויפגעקומען? פ. בלאָך זאָגט (אין דער Isr. Wochenschrift, 1872, No. 30, ז. 241), אז דאס מוישלדייטש שטאַמט פון דעם שוואָבישן דיאַלעקט. שטיינשניידער (זעה: „המזכיר", 1872, ז. 126) באַמערקט דערצו: „דאס דאַרף מען נאך באַווייזן. מ'דאַרף אבער דערמאָנען, אז דעם געדאַנק האָט שוין היינע אַרויסגעזאָגט: „דאס וואס מיר רופן אין צפון־דייטשלאַנד „מוישעלן" (mauscheln) איז ניט קיין אנדער זאַך, ווי איינגנטליך די פראַנקפורטער לאַנדשפּראַך, און ניט־גע'מל'עטע ריידן דאס אזוי גוט, ווי גע'מל'עטע". Scherr זאָגט אויך אזוי: „דאס דערוווידערדיגע ציהען די שפּראַך, וואס דערמאָנט אזוי שטאַרק דאס פראַנקפורטער מוישעלן". (Sanders Wörterbuch und Erg. W. B., ארטיקל: Mauscheln). אין דער דאָזיגער דערקלערונג שטעקט אבער נאָר א טייל אמת, ניט דער גאַנצער אמת, וואָרום פריהער דאַרף מען נאך אויפקלערן, ווי אזוי איז דאס אויבער־דייטש געקומען צו אידן אין מיטל־און־צפון־דייטשלאַנד. צו כאַראַקטעריזירן דאס מוישל־דייטש בעצם און לויט זיין אָפּשטאַם דאַרף מען זאָגן: דאס איז א פּראָדוקט פון פּאַטריאַטיזם, און גראָד פון פּראָווינציעל־אדער לאָקאַל־פּאַטריאָטיזם מצד דייטשע אידן, אזוי ווי דאס לאַדינאָ [שפּאַניש־אידיש] ביי שפּאַנישע אידן. די מעשה איז אזוי:

זינט די רדיפות דעם 14־טן און 15־טן יאָרהונדערט האָבן דייטשע אידן מאַסנווייז אייסגעוואַנדערט קיין פּוילן. די דייטשע אידן האָבן זיך אבער דאָ אויך געהאַלטן פאַר דייטשן און האָבן זיך שטאַרק געהאַלטן ביי דייטש, דאס איז ביי זיי געווען מוטערשפּראַך,

אומ־אַנגשפּראַך און ליטעראַטור־שפּראַך. דער מחבר פון „ספר של ר' אַנשיל" אָדער „מרכבת המשנה" זאָגט װעגן דײַטש, אַז דאָס איז די פאַרקערשפּראַך „צװישן אונז דײַטשן", די שפּראַך פון אידן, װאָס האָבן אויסגעװאַנדערט קײן פּוילן. ס'איז קלאָר, אַז אידן פון פאַרשײדענע פּראָװינצן האָבן געבראַכט יעדע גרופּע אויף איר הײמישן דיאַלעקט, מיט דער צײַט האָבן פאַרשײדענע דיאַלעקטן זיך אויסגעמישט. אַזױ איז אויפגעקומען אַ דײַטש, געמישט פון פאַרשײדענע דיאַלעקטן, פונדעסטװעגן האָט דער אויבער־דײַטשער שפּראַך־געבױיך געמוזט בילדן דעם גרונדטאָן אין דער דאָזיגער שפּראַך: ראשית, האָט אויבער־דײַטש געגעבן די גרעסטע צאָל עמיגראַנטן, װאָרום אידן האָבן געװאױנט מײסטנס דאָרט. מיר האָבן שױן געזעהן, אַז דער אידישער צענטר יענע צײַט איז געװען דרום־דײַטשלאַנד און עסטרײַך, מ'דאַרף דעריבער משער זײַן, אַז דער גרעסטער טײל אויסװאַנדערער קײן פּוילן האָט געשטאַמט פון דאָרטן. נאָך אַ ראיה דערצו איז, אַז צװישן פּוילישע אידן קומען פאָר אַ סך פאַמיליענעמען, טײלװײַז האָבן זײ זיך דערהאַלטן עד היום, װאָס שטאַמען פון דרום־דײַטשע שטעט אָדער פון פאַמיליעס, װאָס זײַנען דאָרט געװען תושבים, אַ שטײגער: לאַנדױ, מינץ, שפּירא (שפּײער), האַלפּערין (Heilbronn), רונקל א. אז. װ. פאַמיליענעמען, װאָס שטאַמען פון נידערדײַטשע שטעט טרעפן זיך כמעט ניט בײַ דײַטש־פּוילישע אידן אין דער עלטערער צײַט. װידער דאַרף מען געדײנקען, אַז די אידיש־דײַטשע ליטעראַטור, װאָס די עמיגראַנטן האָבן געהאַט בײַ זיך און װאָס פון איר האָבן זײ גענומען זײער דײַטש־קענען, איז געװען געשריבן אין אויבער־דײַטשן דיאַלעקט, װי בכלל די דײַטשע ליטעראַטור איז מײסטנס געשריבן אויף דעם דאָזיגן דיאַלעקט*). דערפון איז קלאָר, אַז דאָס דײַטש, װאָס די דײַטש־אידישע עמיגראַציע האָט געבראַכט אין פּוילן, האָט געהאַט צום גרעסטן טײל די אויבערדײַטשע פאַרב און אײגנטימליכקײטן. די דאָזיגע דײַטשע שפּראַך אָבער זאָל זיך אַנטװיקלען אין פּוילן — דאָס האָט ניט געקאָנט זײַן. זי איז פאַרגליװערט געװאָרן אין דעם צושטאַנד, װאָס זי איז געװען צו דער צײַט, װאָס אידן האָבן אויסגעװאַנדערט קײן פּוילן.

אָבער זינט דעם 17-טן יאָרהונדערט, דערהויפּט זינט גזרת ת"ח (די קאָזאַקן־רציחות אין יאָר 1648), האָבן פּוילישע אידן מאַסנװײַז גענומען אויסװאַנדערן צוריק קײן דײַטשלאַנד. דער מחבר פון „צוכטשפּיגל" (די ערשטע אויסגאַבע, פּראַג, 1678) זאָגט: „װען דיא רבנים לאַנג ניהאַנדלט האָבן, אונ' זײַן אַבקומן אונ' זײַן פאַרדאָרבן. זו איז קײן אַנדרי צופלוכט מין (מער). דש װידר איבר דש לערנן מוש נין. אַלז מירש זעהן אַן פּאָלנישע רבנים: װען זיא זיך פאַרהאַנדלט האָבן, אויף פּפעניג אונ' העלר, ערשט הויבט ער אַן צו װאַנדרן װערן אײַן קנעלר. װיא מאַן דען צו אַלר האַנט. פינד דיא פּאָלנישי רבנים אין אַלי לנד" א. אז װ. די פּוילישע אײַנװאַנדערער האָבן אָבער מיטגעבראַכט מיט זיך זײער פאַרעלטערטע, מײסטנס אויבער־דײַטשע, שפּראַך. אַזױ איז דאָס געקומען דערצו, אַז אויף דעם װעג איבער פּוילן איז דאָס אויבער־דײַטש געװאָרן הײמיש בײַ אידן אין מיטל־און־צפון־דײַטשלאַנד. אויף אַזױ װײַט זײַנען באַרעכטיגט די מײנונג הײנעס און אַנדערע, אַז דאָס מױשלדײַטש שטאַמט פון דרום־דײַטשלאַנד. דער פרעמדער דיאַלעקט פון די אַנגעקומענע האָט געמוזט האָבן דעם פּועל־יוצא, אַז קריסטן האָבן זיך פון זײ דערװײַטערט, דאָס װידער האָט געהאַט דעם רעזולטאַט, װאָס אידן האָבן זיך נאָך שטאַרקער געהאַלטן בײַ זײער שפּראַך, װאָס זײ האָבן זי אַזױ אויך געהאַלטן פאַר אַ ירושה פון עלטערן. הײַנט, װי די צײַט איז פאַר אידן ערגער געװאָרן, אידן האָבן זיך ניט באַטײליגט אין דער בילדונגס־אַרבעט, װאָס דײַטשלאַנד האָט דורכגעמאַכט, זינט דער אויפלעבונג פון װיסנשאַפטן, און האָבן זיך נאָכדעם אויך געהאַלטן פון דערװײַטן, האָט זיך בײַ זײ דערהאַלטן זײער דיאַלעקט, אַמין שפּראַך־אינזל פון אויבער־דײַטשער פאַרב אין אַ נײַער סביבה, און װײַל דער סביבה איז דער דיאַלעקט פרעמד געװען האָט זי אים געשטעמפּלט פאַר אַ ראָטװעלש, פאַר אַ מױשל־דײַטש. אין דרום־דײַטשלאַנד האָט דער דאָזיגער דיאַלעקט ניט געקאָנט זײַן אַזױ

*) דאָס פאַרשטאַרקט נאָך מײַן מײנונג, אַז די דײַטשע ליטעראַטור־שפּראַך (ניט די אידישע רײד־שפּראַך) האָט געהאַט די גרעסטע װירקונג אויף דער אַלטער „אידיש־דײַטשער־ליטעראַטור־שפּראַך, זעה מײַנע באַמערקונגען צו ז. 184 און 189. נ. ש.

פרעמדי, ווארום איינגטליך שטאמט ער דאך פון יענער געגנט, אבער די צוגעקומענע באשטאנד־טיילן [העברעאישע און סלאווישע ווערטער] האבן אים דאך ווייט געהאלטן פון דער אנטוויקל־טער מאדערנער שפראך אין יענער געגנט.

פון אונזער געשיכטליכער אפהאנדלונג ווערט קלאר, אז דאס מוישלדייטש איז בעצם ניט קיין אנדער זאך, נאר אן עכטער דייטשער דיאלעקט. אויב א סך דייטשן פארשטייען אים נישט, איז קאן מען דאס זאגן וועגן יעדן דיאלעקט, וואס ווערט גערעדט אויסער זיין היים. לאמיר זאגן, אז ווינער קומען קיין בערלין און זאגן: „Mir san mir" (מיר זאן מיר), וועט מען זיי האלטן פאר מוישל אידן, ווייל יענע וואלטן זיך אויך אזוי אויסגעדרוקט, ווען זיי זאלן וועלן זאגן Wir sind wir. אדער לאמיר זאגן, אז א ווינער קומט קיין האמבורג און זאגט דעם קעלנער אין האטעל „Ich habe beim Stubenmädchen ein Lavor (Lavoir, Waschhale) angeschafft sie hat mir aber einen Weidling (Napf) gebracht" וועט מען אים ניט פארשטיין, נאך מער וועט מען אים ניט פארשטיין, ווען ער זאל זאגן אויף דעם שטובמיידל Schleusserin; (א שלעזישער אויסדרוק פאר א שטובדינסטמיידל). דאס אייגענע קאן זיך פארלויפן מיט א בערלינער, האמ־בורגער, שווייצער וכדומה, וואס זאל ריידן אויף זיין היימישן דיאלעקט אויסער זיין היים. מ'וואלט אויף זיי געקאנט זאגן: זיי מוישעלן. ווארום דאס מוישלדייטש איז אויך ניט מער ווי א דיאלעקט, וואס ווערט גערעדט אויסער זיין היים. היות אבער ווי דאס מוישלדייטש האט היינטיגע צייטן בכלל קיין היים ניט, האט ער מער קיין זכות־הקיום ניט, סיידן אין דער געשיכטע פון דעם דייטשן אלטערטום. דא אבער, אין דער געשיכטע, פארדינט דער דיאלעקט זיין פלאץ*).

## נאָטע VIII. (צו ז. 165)

### ר׳ יוסף קולון וועגן דער מעטאדיק פון תלמוד.

[ד״ר גידעמאן ברייננגט דא איינינע כללים וועגן דער מעטאדיק פון תלמוד, ארויסגעצויגן פון צעזייטע באמערקונגען אין מהרי״קס שו״ת. דאס איז א זאך ספעציעל פאר תלמוד־פארשער, האב איך דאס דא דורכגעלאזט]. נ. ש.

*) איך האב דא געטריי איבערגעגעבן ד״ר גידעמאנס חקירה וועגן „אידיש־דייטש", ווייל דאס איז אויך א שטיק „געשיכטע", געשיכטע פון אונזער איינן „אלטערטום" פון „חכמי־ישראל" און זייער קוק אויפן אידישן לעבן און אויף דער אידישער שפראך. ניט דא איז דאס אָרט און ס'לוינט זיך ניט צו פּאָלעמיזירן קעגן אזא פרימיטיוון, אומוויסנשאפטליכן קוק אויף דער אנט־וויקלונג פון אידיש, קורץ גערעדט, האבן מיר דא פאר זיך א „פראדוקט פון לאָקאל־פּאטריאָטיזם" (דייטשן), ווי ד״ר גידעמאן דריקט זיך פריהער אויס, און פון דער גוטער אלטער אפּאָלאָגעטיק. ברייטער וועגן דעם זעה מיין ארטיקל: ד״ר מ. פינעס. די געשיכטע פון דער אידישער ליטעראטור אין „פנקס", ווילנא 1913, ז. 317–321. נ. ש.

# קאפיטל I.

1) דאס איז באקאנט מיט דעם נאמען „גזרת ק"ט", ד. ה. די רדיפות דאס יאר 1349. פארגלייך: VII$^{2}$. Grätz, Gesch. der Juden. ז. 360 און ווייטער.

2) שו"ת (שאלות־ותשובות) מהר"יל (אויסגאבע האנוי) סי' (סימן = N) כ"ב, ל"ו. מנהגי מהרי"ל (ווערט ווייטער ציטירט: „מנהגים") ז. 130$^{2}$ און ווייטער (קרעמאָנער דרוק פון יאר 1566).

3) שו"ת מהר"י ברונא, סי' קכ"א.

4) דארט, דארט. אויך „מנהגים" ז. 107$^{2}$. „פולנדן" איז מיטלהויכדייטש Poland = פוילן.

5) שו"ת מהרי"ל, סי' כ"ג.

6) דארט, סי' ל"ה.

7) דארט.

8) דארט. סי' מ'.

9) שו"ת מהר"י ווייל סי' קי"ג. די גרעניץ איז נעווען קאָבלענץ.

10) מנהגים, ז. 83$^{2}$.

11) שו"ת מהרי"ל, סי' נ'. מנהגים ז. 71$^{1}$.

12) דארט, סי' פ'.

13) מנהגים, ז. 78$^{2}$.

14) שו"ת מהר"י ווייל, סי' ס"ו, קי"ג.

15) שו"ת מהרי"ל, סי' פ'.

16) מנהגים, ז. 73$^{2}$.

17) מהר"י ווייל, דינים, סי' ס"ה.

18) מנהגים, ז. 83$^{2}$.

19) דארט, ז. 75$^{1}$. שו"ת מהר"י איסרלין („תרומת־הדשן"), סי' א', ק"ד, קכ"ח.

20) וועגן פריהערדיגע חבורים פון מנהגים זעה ביי צונץ: „Ritus" ז. 21, אויך מיין ווערק ב. II ז. 194. פון יענער צייט שטאמען חבורים פון מהרי"ל, מהר"י (יצחק) טורנא, מהר"א (אברהם) קלויזנר, ר' שלום פון ניישטאט און פון אנדערע אַנאָנימע מחברים. פארגלייך: Neubauer, Catalogue of the hebrew mss. of the Bodleian library NN 377, 3, 9, 1214, 2, 1217 און אנדערע (ווייטער וועט דאס דאזיגע ווערק ציטירט ווערן: Neubauer).

21) שו"ת „תרומת־הדשן" סי' א', ט"ז, י"ט, כ', כ"א, כ"ג, כ"ד, מ"ג, מ"ה, נ"ח, ס"ג, ע"ג, פ', ק"ד און אנדערע (זעה אויך VIII$^{2}$, Grätz, ז. 11).

22) דארט, סי' ל"ד, מ"ד, ע"ה.

23) שו"ת מהרי"ל, סי' ט', כ"ג, כ"ה, כ"ו, מ', נ"ז.

24) דארט, ס' ס"ח, צ"ג.

25) זעה אונזער בוך ב. I, ז. 43 און ווייטער.

26) שו"ת מהר"ם מינץ, סי' מ"ג, ס"ו (ז. 53$^{1}$ אין דער לעמבערגער אויסגאבע).

27) „לקט יושר" ז. 4 (דער מחבר ציטירט דאס דאזיגע ווערק אלס מינכענער מאנוסקריפט, שפעטער, דאס יאר 1904, האט ד"ר יעקב פריימאן אפגעדרוקט דאס ווערק אונטער דעם טיטל: „ספר לקט יושר לר' יוסף ב"ר משה, כולל מנהגים פסקי הלכות ותשובות

של רבו הגאון בעל תרומת הדשן". יצא לאור... מאת יעקב פריימאן, ברלין תרס"ד. איך ציטיר דא אלע נעהעריגע שטעלעס לויט דעם געדרוקטן עקזעמפלאר. נ. ש.)

28) Grätz VIII[2], נאטיץ 5.

29) שו"ת מהר"י ווייל, סי' קל"נ.

30) שו"ת מהרי"ל, סי' ע"א; שו"ת מהר"י ווייל, סי' קמ"ו.

31) זעה די הקדמה צו דער קראָקעווער אויסגאבע דאס יאר 1571 (של"א).

32) מנהגים, ז. 101[1].

33) דער מחבר פונם ספר "קיצור מרדכי" אדער "מרדכי קטן", זעה Grätz. VIII[2], ז. 12 און ווו.

34) מחבר פון "שערי דורא", זעה: Steinschneider, Cat. libr. hebr. Bodl. 1104.

35) מחבר פון ספר "אגור" (1480).

36) Steinschneider, Handschr. d. Bibl. München, ז. 189.

37) זעה פריהער ז. 19.

38) דאס הייסט: מֹורנו הֹרב רֹבי יֹעקוב לֹוי. זיין תלמיד (פון דעם ווען מיר נאך שפּעטער ריידן), וואס האט געזאמלט זיינע "מנהגים", רופט אים פארקירצט מהר"י סגל. זעה די הקדמה צו "מנהגים".

39) זעה: Perles, Beiträge zur Geschichte der hebr. u aram. Studien. München 1884 ז. 31. וועגן דעם, ווי אידן האבן איבערגענומען ביינעמען, וואס קריסטן האבן זיי געגעבן זעה: Zunz, Namen der Juden, געזאמלטע שריפטן, ז. 27.

40) אין שו"ת מהר"ם מינץ, לעמבערגער דרוק אין יאר 1851, ז. 11[2], (מקצת תקנות קהילות שו"ם) זעהען מיר זיין נאמען דעם ערשטן געחתמעט אויף א תקנה פון יאר 1381: משה ב"ר יקותיאל הלוי מולין. אין דיזעלבע שאלות־ותשובות סי' ק"ה איז ער אויך געחתמעט דער ערשטער אויף א שאלה (דארט איז א טעות אין דער דאטע). ביי נייבויער: Catalogue N 820 איז ער אויך געחתמעט אויף א תקנה פון יאר 1386 (קמ"ו), אים האט מען אויפגערופן אלע שמחת־תורה "אחר מן החתנים", זעה "מנהגים" ז. 70[2].

41) איך נעם דאס דערפון, וואס אנדערע דערציילן אים, וואס זיי האבן געזעהן און געהערט ביי זיין פאטער. זעה "מנהגים" 39[1], "ואמר שהגידו לו, איך שאביו מהר"י (ס'דארף זיין: מהר"ר) מולין סגל היה מתיר". אויך דארט, ז. 62[2] "אמר מה"רי סגל אשר העיד מה"ר משה נואנמר"ק על מהרמ"ו סגל". דאך האט ער תחלת געלערנט ביים פאטער. זעה שו"ת מהרי"ל (אויסגאבע האנוי) ז. 17[1]: "ראיתי אדוני מורי מה"ר משה הלוי וכו' נוהגים". דער פאטער איז געשטארבן נאך יאר 1386.

42) מנהגים, ז. 33[2], 39[1].

43) מנהגים, ז. 3[2], 24[1], 33[2]. וועגן דעם, אז ער האט איבערגעצויגן פון מאינץ קיין וואָרמס, שטייט אויך אין מהרי"לס א כתב־יד (מנהגים) אין די דינים פון עירובי חצרות, ז. 38[2]. ד"ר א. בערלינער האב איך צו דאנקען, וואס ער האט מיר אפּגעשריבן די שטעל פון דעם מאנוסקריפּט. זעה אויך לעווינזאָנס "נפשות צדיקים", ז. 48.

44) שו"ת מהרי"ל, סי' ח' ז. 4[1], סי' י"ד ז. 4[2], סי' ל"ה ז. 8[1], סימן ס"ב ז. 17[1], סימן פ"ג ז. 31[1]. זעה אויך "מנהגים" ז. 77[1], 80[1].

45) שו"ת מהרי"ל, סי' י"ד ז. 4[2]: "וכן הנהיג מ"ו חמיך (אין שו"ת "תולדות אדם" שטייט "חמי" אנשטאט "חמיך") מהר"מ נויארמרק את בתו גרושתי".

46) נימכען פון Gemma, א צירונג. זעה: Loewe, Memorbook of Nürnberg, London 1881, ז. 23. זעה אויך Zunz, Namen, ז. 48.

47) מנהגים, ז. 57[2], 109[1].

48) דארט, ז. 109[1].

49) שו"ת מהרי"ל, סי' א', ל"ז. ער האט געהאט א זון יעקוב געלנהויזען, וואס האט געוואוינט מיט מהרי"ל א הויז נעבן א הויז. אין די מנהגים, ז. 72[2] ווערט אויך דערמאנט יעקוב געלנהויזענס א פעטער, דאס זעלבע אויך ז. 82[1].

[50]) שרת מהרי״ל, סי׳ ג׳—ד׳.

[51]) דארט, ס׳ נ״ח—נ״ט. מ׳האט זי גערופן באַנכען אויך.

[52]) מנהגים, ז. 82[1], 86[1]. ווי אויך אין מאנוסקריפט פון מנהגים, —לויט בערלינערס מיט־טיילונג — אין אנהויב פון הלכות תענית.

[53]) דארט, ז. 101[1].

[54]) דארט, ז. 42[1]. זעה אויך „לקט יושר״, ט. I, ז. 50 (לויט ווי דאָרט שטייט, האט ער געלערנט אין רעגענסבורג). זעה אויך שו״ת מהר״י ווייל, סי׳ מ׳, ז. 17[1] האנויער דרוק. אויך שטיינשניידער „המזכיר״ (Hebr. Bibliographie) IX, 23.

[55]) מנהגים, ז. 77[1].

[56]) דארט, ז. 36[2].

[57]) דארט, ז. 61[2].

[58]) דארט, ז. 108[2].

[59]) דארט, ז. 101[1]. דער תלמיד דערציילט (דארט ז. 113[2]), אז מהרי״ל, דאמאלס רב אין מאַינץ, איז איינמאל געפערליך קראנק געווארן אויף „הינפרי״ט״ (Hirnbrüte, ז. אונזער בוך ב. I, 215), מ׳האט אים געהאלטן פאר טויט, אבער ער איז געזונט געווארן און האט נאך נאכדעם אפּגעלעבט אריבער דרייסיג יאר. אזוי ווי מהרי״ל איז געשטארבן דאס יאר 1427 (קפ״ז), הייסט עס, אז ער איז קראנק געווארן בערך דאס יאר 1395. אין מאַינץ איז ער דאמאלס, זעהט אויס, געווען רב נאך ניט לאנג, ווארום נאך דאס יאר 1386 איז זיין פאטער דארט געווען רב. ווען מיר זאלן זאגן, אז דער פאטער איז באלד דערויף געשטארבן, און אז מהרי״ל איז געווארן רב בערך דאס יאר 1390, ווען ער איז אלט געווען בערך 35 יאר, קומט אויס, אז ער איז קראנק גע־ווארן צו 40 יאר און געלעבט האט ער עפּיס מער פאר 70 יאר. צו שטאָק־אלט איז ער ניט געקומען. פארקערט, זיין תלמיד זאגט פון זיין טויט: „ובער״ה הוטרף לו השעה״ (מנהגים, ז. 101[1]).

[60]) זעה מנהגים, ז. 101[1]. פארגלייך שטיינשניידער, „המזכיר״ IX, 23.

[61]) די זאמלונג איז פאראן אין פארשיידענע רעדאקציעס. פארגלייך Neubauer, Catalogue, N 819,2. די שאלות־ותשובות סי׳ א׳—ל״ז געפינען זיך אויך צום סוף פון די שו״ת רשב״א (ר׳ שלמה בן אדרת) „תולדות אדם״.

[62]) „זלמן משוטיגווערא״ (מנהגים, אין דער הקדמה, אויך דף 90) — דאס איז זלמן פון St. Goar, אויספירליך וועגן דעם זעה ביי בערלינער: „המזכיר״ XII, 38. וועגן זיין פאמיליע זעה אין „המזכיר״ IX, 24. ביי נייבויער Catalogue N 906 הייסט ער זלמן ווערא.

[63]) מנהגים, הקדמה, אויך ז. 53[2]. וועגן אנדערע זאמלונגען זעה צונץ Ritus, ז. 36.

[64]) בערלינער אין Grätz' Monatsschr. 1869, ז. 318.

[65]) שו״ת מהר״י ווייל, סי׳ קנ״א, מהר״י איסרלין „פסקים״, סי׳ קכ״ו.

[66]) לקט יושר, ט. I, ז. 97.

[67]) שו״ת מהר״י ווייל, סי׳ קמ״ט. „דינים״, סי׳ מ״א, ס״ה, ס״ו. שו״ת מהר״י ברונא, סי׳ קי״ח.

[68]) שו״ת מהר״י ווייל, אויסגאבע האַנוי פון יאר 1610, די הקדמה פון דעם ארויסגעבער.

[69]) שו״ת מהר״י ווייל, סי׳ ט״ו, כ״ג, ל׳, נ״א. פארגלייך „מנהגים״, ז. 101[1].

[70]) שו״ת מהרי״ל, סי׳ ג׳, מנהגים, ז. 3[2].

[71]) שו״ת מהר״י ווייל, סי׳ קנ״א. איסרלין „פסקים״,

[72]) שו״ת מהר״י ברונא, סי׳ י״ב, י״ג, קי״ד, רנ״ג.

[73]) שו״ת מהר״י ברונא, סי׳ רנ״ג: „עכ״ל מהר״י ווייל בספרו אשר ביד בנו יצ״ו״.

[74]) דערפון נעמט זיך, וואס מהר״י ווילס שאלות־ותשובות געפינען זיך אין אנדערע זאמ־לונגען אויך. פארגלייך איסרלינס „פסקים״ סי׳ קכ״ו מיט ווילס שו״ת סי׳ קנ״א, שו״ת מהר״י קולון סי׳ קס״ג מיט ווילס שו״ת סי׳ קס״ג, שו״ת מהר״י ברונא סי׳ ל״ה און אנדערע.

[75]) שו״ת מהר״י ברונא, סי׳ כ״ח, נ״נ (ביידע שו״ת זיינען פון מהר״י איסרלין). זעה שו״ת מהר״י ווייל, סי׳ ע״ט, ק״ן, קס״ד.

[76]) שו"ת מהר"י ברונא, סי' קכ"א, קס"א, קמ"ד.

[77]) אין דעם אפלאז־באפעל פון פרידריך דעם III דאס יאר 1474 הייסט ער Israel von Prunn, זעה: Gemeiner, Regensb. Chronik III, 532, Wiener, Regesten S. 93, Nr. 96.

[78]) שו"ת מהר"י ברונא, סי' קס"ח.

[79]) דארט, סי' קכ"א.

[80]) שו"ת מהר"י ווייל, סי' קנ"א.

[81]) מהר"י איסרלין "פסקים", סי' קכ"ח.

[82]) שו"ת מהר"י ברונא, סי' רנ"ג.

[83]) דארט, סי' רע"ז.

[84]) לקט יושר, ט. I ז. 1,10. שו"ת מהר"י קולון, סי' ק"ע.

[85]) שו"ת מהר"י ברונא, סי' ע"ד, רפ"א.

[86]) דארט, סי' קס"א, רפ"א, רע"ז און אנדערע. לקט יושר, ט. I, ז. 38. פארגלייך שטיינשניידער אין "המזכיר" III, 25. דאס, וואס דארט שטייט "מהר"ם הלוי זנ"ר" מיט א פראגעצייכן, דארף מען לייענען "מהר"ם קלויזנ"ר".

[87]) זעה Grätz, VIII[2], ז. 415 און ווייטער, אויך Wiener, Regesten, ז. 93 נומער 96, ז. 205 נומער 656.

[88]) בערלינער אין Grätz, Monatsschriften, יאר 1869, ז. 321 האט בטעות פארביטן דעם מהר"ם מינץ אויף מהר"י איסרלינס א תלמיד מיט דעמזעלבן נאמען, וואס זיין פאטער האט אבער געהייסן ר' אליעזר.

[89]) שו"ת מהר"ם מינץ, סי' צ"ז, צום סוף זאגט ער אויף מהר"י ברונא: "הישיש" (דאס יאר 1468).

[90]) לקט יושר, ט. I, ז. 25: "משה ס"ל מינץ יצ"ו ממענגנץ". פארגלייך מהר"י איסרלין "פסקים", סי' כ"ב. ער הייסט "מינץ", ניט "מענץ", ווי גרעץ מיינט (Grätz, VIII[2], 413). אנדערע שרייבן אויך פאלש דעם דאזיגן נאמען. וואלט ער געהייסן "מענץ" (נאך דער שטאט מאינץ), וואלט ער געשריבן זיין נאמען "מענץ", אזוי ווי ער שרייבט די שטאט "מאינץ". דער ביינאמען "מינץ" טרעפט זיך איצט אויך זעהר אפט ביי אידן. ס'וואונדערט מיך, וואס ער פלעגט כמעט שטענדיג שרייבן זיין נאמען אין א חתימה צוויי מאל: "משה טרוד משה לוי מינץ".

[91]) שו"ת מהר"ם מינץ אין דער הקדמה, אויך אין אן אנמערקונג צו סי' ע"ס.

[92]) דארט, סי' מ"ג.

[93]) דארט, סי' ל"ב.

[94]) דארט, סי' ל"ז צום סוף.

[95]) דארט, סי' ע"ד.

[96]) דארט, סי' מ"ח, נ'.

[97]) דארט, סי' א'.

[98]) דארט' סי, ל"ח.

[99]) דארט, סי' ס'.

[100]) דארט, סי' ק"ט צום סוף, סי' קי"ד. פארגלייך פערלעס אין Frankels Monatsschriften יאר 1864, ז. 283.

[101]) פארגלייך Neubauer, Catalogue, נומער 692, 5.

[102]) זעה בערלינערס פליסיגע מאנאגראפיע וועגן אים אין Grätz, Monatsschriften, יאר 1869, ז. 130-323 (די מאנאגראפיע וועלן מיר ווייטער ציטירן: "בערלינער"). דער Izzerlein von Marchburg", וואס ווערט דערמאנט ביי ווינערן: "Regesten", ז. 233, איז געווען אונזער איסרלינס אן עלטער־עלטער זיידע. וועגן אונזער איסרלין רעדט זיך אין דעם שוצבריף, דאטירט פראג דעם 17 יולי 1438 (זעה Regesten, ז. 244): דער קיניג אלברעכט דערקלערט אים פאר פריי "פון דעם חשד, וואס איבער דעם זיינען באשטראפט געווען די פריהערדיגע אידישע איינוואוינער אין ווין (1421)".

103) Monatsschrift, דארט, ז. 174.

104) דערפון איז צו זעהן, אז מ'דארף אויסבעסערן די שטעל ביי גרעצן, וואו ער זאגט, אז ס'איז ניט אנצונעמען, איסרלין זאל נאך האבן געלעבט דאס יאר 1474.

105) ים של שלמה אויף מס. גטין, פרק ד', דף כ"ד.

106) שו"ת מהר"ם מינץ, סי' י"ב.

107) פסקים, סי' ע"ט, פארגלייך מיט דער שאלה־ותשובה סי' א'. זיין זאמלונג שו"ת האט ער א נאמען געגעבן „תרומת הדשן", לויט דער צאל שאלות־ותשובות 354 (דשן), שפעטער זיינען דערצו צוגעקומען „פסקים וכתבים" (ווערט דא ציטירט: „פסקים").

108) לקט יושר, ט. I, ז. 30, ער האט זיך געהייסן אויפרופן „ר' ישראל בר'פתחיה". אקעגן האבן זיינע זין זיך געהייסן אויפרופן: „בן מהר"ר [מורנו הרב רבי] ישראל", דער פאטער האט נעקאנט מוחל זיין זיין כבוד, די זין ניט.

109) פסקים, סי' ס'. לקט יושר, ט. II, ז. 31.

110) פסקים, סי' ט"ו. אפשר האט ער דארט געהאט קרובים. זעה פריהער ז. 28, באמערקונג 4.

111) לקט ישר, ט. I, ז. 111.

112) דארט, ט. I ז. 115. די שטעל איז ניט גאר קלאר: „והיה מתענה ט' בניסן על אמו שהיתה קדושה בגזרת אושטרי' בווינא הי"ד והתפיסה התחיל י' בסיון והפרט מהגזרה ט' ב' נ' י' ס' ך' [1421], זעה שו"ת מהר"י איסרלין, סי' רמ"א [זעה אויך ד"ר פריימאנס אנמערקונג נומער a שיבן צו לקט יושר, ט. I, ז. 116 נ. ש.]

113) לקט יושר, ט. II ז. 24.

114) בערלינערס השערה, אז ער איז געבוירן אין מארבורג (זעה: בערלינער, ז. 133) ליינגט זיך מיר וויניג אויפן שכל, דאס זעלבע אויך וועגן דעם ז. 321. פון איסרלינס רייד, ווי ער דער־ציילט פון זיין איבערציהען קיין מארבורג (פסקים, סי' ט"ו), קאן מען דרינגען פארקערט. וואלט איסרלין געבוירן ווערן אין מארבורג, איז וואלט ר' אנשיל געוועזן זיין רבי, ווארום ר' אנשיל איז דארט געוועזן א תושב. ער טיטולירט אים אבער קיינמאל ניט מיין רבי, כאטש ער דערמאנט אים א סך מאל: „בשם מה"ר אנשל מרפורק" (לקט יושר, ט. I, ז. 110), „וכשספרתי דברים הללו למהר"ר אנשיל מרפורק אמר לי" (פסקים, סי' קכ"ח), „שאלתי מפי מהר"ר אנשיל מרפורק" (דארט, סי' ל"א). דאס, וואס ער שרייבט „ארץ מולדתי", דארף מען דעריבער פארשטיין בייערן (פסקים סי' קפ"ט), נאך א ראיה דערצו איז, וואס דער מנהג אין מארבורג איז געוועזן דערזעלבער, וואס אין ווין און אין קרעמס, אזוי געפינען מיר אין „לקט יושר", ט. II, ז. 97: „כן המנהג בווינא בקרימז במרפורק".

115) לקט יושר, ט. I, ז. 60: „וזכורני ששמעתי מן הגאון זצ"ל שאותו פרי (לימאנען) נמצא בבינ־זיא".

116) שו"ת מהר"י ברונא, סי' ק"ד: מוני = monna.

117) שונדיל, לקט יושר, ט. I, ז. 38. זי אליין חתמעט זיך: „שונדליין", דארט, ט. II, ז. 20.

118) פסקים, סי' ע'.

119) לקט יושר, ט. I ז. 104.

120) נעכל, פסקים, ס"י רנ"א, זעה: בערלינער, ז. 177.

121) לקט יושר, ט. II, ז. 29.

122) דארט, ט. II, ז. 83.

123) דארט, ט. I, ז. 153, זעה אויך: בערלינער.

124) לויט דעם באריכט פון דעם Chronicon Zwetlense זאלן האבן פארגעקומען שרעק־ליכע שחיטות אין ווין, קרעמס און שטיין (Grätz, VII², 376). אויף דעם ראָט פון דעם רב ר' יונה זאל די גאנצע קהלה אין ווין נעהאט זיך אליין אויסגעקוילעט אין דער שול. אזא רב אין ווין צו יענער צייט (1349) איז אבער ניט באקאנט, קאנראד פון מעגענבערג (ב. I, ז. 241), באשרייבט, וואס ער אליין האט צוגעזעהן, ווי די ווינער אידישע קהלה האט געליטן פון דעם שווארצן

